# ZUN UN SHOTN

Victor Shpritser

•



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

## געקליבענע שריפטן

פון

**אביגדור שפּריצער**

אַרויסגעגעבן דורך אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט,
**צו דער 10טער יאָרצייט**

בוענאָס איירעס, 1962

# וועגן אביגדור שפּריצער

ער איז געבוירן ז׳ אדר תרנ״ח, 1898, אין שטעטל היוואניוו, גאַליציע. זיין פֿאָטער יחיאל־מיכאל איז אַלע זיינע יאָרן געווען ראש־הקהל פֿון שטאָט, געפֿירט זיך שטאַרק פֿרום און געשמט פֿאַר אַ מזג־טוב. זיין מוטער, שרה־פֿריידע מאַדער, אַ ייִדענע אַ מלומדת, האָט צוגעהאָלפֿן אין פּרנסה — אין האַנדל מיט תּבֿואה און מעל. אביגדור איז געווען דער מעזיניק פֿון הויזגעזינד.

צו דריי יאָר האָט אביגדור אָנגעהויבן גיין אין חדר, ביי די זעקס יאָר שוין געלערנט גמרא. צו עלף יאָר לערנט ער שוין פֿאַר־זיך אין בית־המדרש. שפּעטער פֿאָרט ער אַריבער אין דער ישיבה קיין נעמירוו, פֿון דאָרט — קיין ראַווע, צום שיעור־זאָגער ר׳ יאָשע בן־ציונס וואָס איז געווען אַ שם־דבר פֿון אַ למדן און אַ ירא־שמים. אַריבערגעפֿאָרן דערנאָך קיין טרעמבאָוולע, ווו דער יונגער אביגדור שפּריצער הייבט זיך אָן צו באַקענען מיט דער וועלטלעכער נייער העברעישער און ייִדישער ליטעראַטור. דעמאָלט האָט די ווייטע וועלט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין מהות פֿון דעם קומענדיקן שרייבער.

אין יאָר 1916, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווערט אביגדור שפּריצער מאָביליזירט אין דער עסטרייכישער אַרמיי. אין יענער צייט ווערט ער אינטערנירט אין אַ ווינער אינוואַלידן־שול ווו ער הייבט אָן שטעלן זיינע ערשטע ליטעראַרישע שריט.

עס איז כּדאַי אונטערצושטרייכן אַז שפּריצערס נייגונג — וואָס שייך ליטעראַטור — האָט מתחילת זיך מאַניפֿעסטירט אין לירישע זאַכן. זיינע פֿריִע שרייבערישע פּרוּוון זיינען געווען לידער און לידער אין פּראָזע, אין דער פֿאָרעם פֿון בריוו צו אַ געליבטער, געשריבן פֿון אַ מיליטערישן שפּיטאָל אין פּזשעמישל. שפּעטער, ווען ער איז געווען אין ווין, שרייבט ער אָן זיין ערשטן איינאַקטער, רעזשיסירט אים אַליין און שפּילט איינע פֿון די הויפּטראָלן. צו יענעם פּעריאָד געהערט אויך די דראַמאַטישע פּאָעמע א י ו ב, וואָס צו איר שאַפֿט מוזיק דער קאָמפּאָזיטאָר מאַקס גייגער, וועלכער איז אגב געווען ערשטער פֿידלער ביי פֿראַנץ לעהאַר.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה באַזעצט זיך אביגדור שפּריצער אין

זיין היימשטאָט, ווּ ער אָרגאַניזירט אַ יִדיש־העברעיִשע שול, ווערט איר דירעקטאָר און איינער פון די לערערס; אין דער געבוירנשטאָט פירט ער אויך אויף פאַרשיידענע פּיעסעס, שפּילט אַליין טעאַטער, אָרגאַניזירט אָוונטקורסן פאַר דערוואַקסענע, ציוניסטישע און אַרבעטער־פאַראיינען און איז בכלל אַקטיוו קולטור־געזעלשאַפטלעך.

אין יאָר 1926 האָט אביגדור שפּריצער חתונה מיט זיין שילערין פּערל קאַנער און וואַנדערט אויס מיט איר קיין אַרגענטינע, ווּ ער געפינט אַ באָדן פאַר זיינע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע פאַרמעסטן. אין בוענאָס־איירעס הייבט ער אָן ווי אַ סופליאָר אין יִדישן טעאַטער, אָבער דאָס איז געווען ווייט פון זיינע אייגנטלעכע אַמביציעס. ער פאָרט אַרויס אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ־פע, ווּ ער ווערט אַ לערער אין אַ יִקאַ־שול פון מאָזעסוויל, וואָס איז באַוווּסט ווי די ירושלים ד'אַרגענטינע. שפּעטער קערט ער זיך צוריק אין דער הויפּטשטאָט, ווּ ער גיט זיך אָפּ פון ס'ניי מיט לערעריי. אַזוי זענען מיר דעמאָלט אביגדור שפּריצערן ביי דער אַרבעט אין דער שלום אַש־שול און אין דער ערשטער באָראָכאָוו־שול. אַגב געהערט אביגדור שפּריצער צו די איניציאַטאָרן פון דער צענטראַלער וועלטלעכער יִדישער שול־אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע — „צווישאָ”.

אין יענעם פּעריאָד אַנטוויקלט אביגדור שפּריצער אויך אַן אינטענסיווע ליטעראַרישע טעטיקייט: ער הייבט אָן פאַרעפנטלעכן דערציילונגען, לידער, דראַמאַטישע פּאָעמעס און משהלעך פאַר קינדער. זיין עיקר־ליבע איז ליטעראַטור פאַרן יִדישן קינד און זיין הויפּט־טעמע איז דער תנ"ך. עס זאָגן עדות דערויף זיינע דראַמאַטישע פּאָעמעס אין פּערזן „איוב” און „רות” און זיינע צוויי גרויסע בענד חומש־מעשהלעך פאַר קינדער, וואָס זיינען געשריבן אין אַ ריטמישן, געגראַמטן פּראָזע־יִדיש. בכלל האָט אביגדור שפּריצער היפּש באַרייכערט די קינדער־ליטעראַטור אין יִדיש־לשון, אַריינגעבראַכט אין איר נייע עלעמענטן און אַ שפּילעוודיקע פאָרעם.

אביגדור שפּריצערס שאַפונגען האָבן זיך באַוויזן אין די בוענאָס־איירעסער אויסגאַבעס „פּנימער און פּנימלעך”, „אויפגאַנג”, „שפּיגל”, „דאָס נייע וואָרט”. ער איז געווען שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „די אידישע צייטונג” און הויפּט־שרייבער פון איר קינדער־רובריק. אין יאָר 1931 גייט אביגדור שפּריצער אַריבער אין דער צווייטער בוענאָס־איירעסער טאָג־צייטונג „די פּרעסע”, ווּ ער פירט איין די „קינדער־זייט”, אויף וועלכער ער דרוקט די מערסטע פון זיינע שאַפונגען פאַר יִדיש קליינוואַרג. ליד, מעשהלע, נאַטור־שילדערונגען זענען די דיכטערישע עלעמענטן, אַ דאַנק וועלכע אביגדור שפּריצער געווינט אַ היפּשן לייענער־עולם צווישן יִדישע

קינדערלעך. אַזוי־גערופֿענע אַקטועלקייט פֿלעכט זיך איבער אין אביגדור שפּריצערס טעמאַטיק מיט די אייביקע שיינקייטן וואָס קינדער און דער־וואַקסענע זיינען תּמיד להוט.

שרייבערייַ ווערט זיין פּראָפֿעסיע, צו וועלכער אביגדור שפּריצער באַציִט זיך ווי צו אַ מלאכת־הקודש, הגם די לערערייַ באַפֿרייט אים נישט און זי מאָנט אויך זיין גאַנצן ערנסט, ווייל די דערציִונג פֿון יונגן דור איז אים געווען נאָענט צום האַרצן.

מיט דער דורכויסיקער נטיה צו דער פּעדאַגאָגיק דערקלערט זיך אביגדור שפּריצערס אַרבעטן פֿאַר דער ליטעראַטור, וואָס זיינען אַן אינ־טעגראַלער טייל פֿון דער שול.

אַזוי אַרום געפֿינט מען דעם דיכטער און דראַמאַטורג אויך ביי דער אַרבעט פֿון רעדאַקטירן דעם קינדער־זשורנאַל וואָס עס גיט אַרויס די „צווישאָ": „קינדער־וועלט", ער שטעלט צונויף אינאיינעם מיט זלמן וואַ־סערצוג צוויי כרעסטאָמאַטיעס „נייע קוואַלן" (1935) פֿאַרן דריטן לערנ־יאָר און פֿאַרן צווייטן לערניאָר (1936).

אביגדור שפּריצערס שאַפֿונגען זיינען צעוואָרפֿן איבער מערערע יִידישע צייטונגען און זשורנאַלן. אין בוכפֿאָרעם זיינען פֿון אים דערשי־נען „איוב", דראַמאַטישע פּאָעמע, וואַרשע 1926; „רות", דראַמאַטישע פּאָעמע, בוענאָס־איירעס, 1933; „צידעלע פֿידעלע", מעשהלעך, לידעלעך, בוענאָס־איירעס, 1937; „דער גאָלדענער פֿאָדעם", דערציילונגען, בוענאָס־איירעס, 1944; „חומש און מעשהלעך פֿאַר קינדער", צוויי בענד, בוענאָס־איירעס, 1948.

אַן אומרויִקער שעפֿערישער גייסט האָט אביגדור שפּריצער גע־דאָרשט צו באַקענען יִידיש לעבן אין זיינע נייע יִישובים. ער האָט דערפֿאַר זיך אַרויסגעלאָזן אויף לענגערע ווייטע נסיעות. ווען דאָס קאַפּיטאַלע ווערק, זיינע „חומש־מעשהלעך" זענען אַרויס פֿון דרוק, האָט ער באַזוכט או־רוגוויי און בראַזיל, וווּ ער איז אַרויסגעטראָטן מיט פֿאָרלעזונגען און לעק־ציעס וועגן יִידיש לעבן און זיין תּוך. אין 1950 האָט ער באַזוכט במשך פֿון אַ קנאַפּ יאָר די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע, קאַנאַדע און קו־באַ און אומעטום אויפֿגענומען געוואָרן מיט וואַרעמקייט. אין יאָר 1951 האָט ער צום צווייטן מאָל געמאַכט אַ נסיעה קיין בראַזיל, פֿון וואַנען ער האָט זיך צוריקגעקערט אַ שווער־קראַנקער. עס האָט זיך ביי אים אויפֿ־געוועקט זיין לאַנגסטיקע קראַנקייט, וואָס האָט זיך דאָס מאָל קאַטאַס־טראָפֿאַל פֿאַרערגערט. זינט דעם פֿאַל איז אים שוין נישט באַשערט געווען

צו שטעלן זיך אויף די פּיס און דעם דריטן פעברואַר 1952 (ח׳ שבט תשי״ב) איז ער אויסגעגאַנגען אין פריִען עלטער פון 53 יאָר.

נאָך אביגדור שפּריצער איז געבליבן אַ היפּשער ליטעראַרישער עזבון, צווישן אַנדערע אַ דראַמאַטישע פּאָעמע „דער תלין", אַ גרויסע צאָל דערציילונגען און מעשהלעך פאַר קינדער אין פּראָזע און ליד. די אַלע שאַפונגען, אין וועלכע דער שרייבער האָט אינוועסטירט אַ יאָרן־לאַנגן גייסטיקן אָנשטרענג, וואַרטן אויף זייער באַשטימונג — צו דערגרייכן דעם לייענער.

די דאָזיקע זאַמלונג פון אביגדור שפּריצערס שאַפונגען איז דאָס ערשטע בוך פון זיין ליטעראַרישן עזבון, וואָס דערשיינט צום צענטן יאָרצייט נאָך זיין פריצייטיקן אַוועקגיין פונעם לעבן.

אויף אָפּצושפּיגלען די פולע ליטעראַרישע פיזיאָנאָמיע פון פאַרשטאָרבענעם זיינען אויסנעמלעך אין דעם באַנד איינגעשלאָסן געוואָרן אויך פראַגמענטן פון זיינע שוין־פאַרעפנטלעכטע דראַמאַטישע ווערק, דאָס גלייכן קאַפּיטלען פון זיינע חומש־מעשהלעך.

די נישט־געטרייסטע פרוי און טאָכטער פון אביגדור שפּריצער ע״ה באַטראַכטן פאַר זייער הייליקן חוב צו געבן אַ תיקון די איבערגעבליבענע ווערק פון זייער פאַרערטן ראש־המישפּחה.

אָט־דער באַנד איז דער ערשטער שריט פון דעם דאָזיקן אָנשטרענג.

יוסף אָקרוטני

# מחותנים

דער געטומל האָט נישט געגרייכט אין שטוב אַריין.

ראָכטשע איז געזעסןביים טיש מיט די געסט און זי האָט געפלאַמט. אין צימער איז געווען וואַרעם. דאָס ליכט — אַ היימלעכס, דער עולם — אַ קליינער און אַ היימישער: עטלעכע לאַנדסלייט און אַ פּאָר נאָענטע שכנים.

דער טיש איז געווען אָנגעשטעלט מיט געטראַנקען און זיסוואַרג. מ׳איז געזעסן געמיטלעך, גענומען צוביסלעך, צוגעגעסן און זיך דורכגעוואָרפן מיט אַ וואָרט. געוויגן און געמאָסטן איטלעך וואָרט, חלילה קיינעם נישט צו טרעפן, נישט צו פאַרשטערן די שמחה.

אַ היימיש שמחהלע: תנאים ביי ראָכטשען און סימאָנען.

ראָכטשע האָט שוין קיין עין־הרע אַזאַ גרויסן זון, עלטער מיט צוויי יאָר פון סימאָנס סעניאָריטאַ.

די חתן־כלה זיינען געזעסן אויבנאָן. ראָכטשע — לעבן דער כלה און סימאָן לעבן דעם חתן.

ראָכטשע איז זיך שוין פון לאַנג געהאַט צעגאַן מיט איר מאַן. אַ פּאָר־געסענע ווונד... נאָר אַז די געסט האָבן נישט געקענט פאַרמיידן צו דערמאָנען ס׳ווייטיקלעכע, האָבן זיי פאַרזיכטיק באַדויערט וואָס סימאָנס פרוי. דער כלהס מוטער איז נישטאָ ביי די תנאים. געלאַסן, זייטיק עס אַ זאָג געטון. אייך ראָכטשע האָט זיך געשפּירט אומבאַקוועם.

— ביי דער חתונה וועט זי האָפנטלעך זיין, — האָט סימאָן אַ זאָג געטון.

ער אַרבעט שוין אויס פּאַפּירן, — האָט ער צוגעגעבן. די אויגן זיינען איר שוין אויסגעהיילט. אין גיכן וועט ער זי שוין קענען אַראָפּנעמען.

ראָכטשעס פּנים האָט זיך נאָך מער צעפלאַמט. זי האָט זיך געשפּירט אַזוי ווי עפּעס וואָלט איר געווען אָנגעשריבן אויפן שטערן און יעדער לייענט עס אַראָפּ.

— ראָכטשע, — האָט עמיצער איר אונטערגעטראָגן אַ קאָמפּלימענט, — ראָכטשע־לעבן, אָסור, צי דו זעסט אויס ווי אַ מחותנתטע.

— ווי אַ כלה, ווי אַ שיינע כלה, — האָט אַ פרוי דערלעבן אויסגעקלאָרט דעם קאָמפּלימענט. אָבער די אַלע רייד האָבן אויף איר געמאַכט אַ פאַרקערטע ווירקונג. זי איז שוין געווען זיכער אַז מע לייענט איר עפּעס אַראָפּ פון פּנים.

אַ היפּשע עטלעכע יאָר איז זי שוין אָן אַ מאַן. אַרום איר האָט עס גע־שרפעט, געשרפעט און אויסגעלאָשן געוואָרן.

לאָזט זיך גאָר אויס אַז דאָס פייער איז נישט פאַרלאָשן, ס׳האָט נאָר גע־טליעט, ווי גליִענדיקע קוילן אונטערן אַש זיך פאַרהוילן. געקומען אַ ווינטעלע, אַ ווייע געטון, דאָס אַש אַוועקגעבלאָזן און גליִענדיקע פונקען האָבן געגומען אַרויסליַיכטן.

דאָס אַלץ, איז זי געווען זיכער, שטייט איר אָנגעשריבן אויפן פּנים. מענטשן קוקן, מענטשן לייענען עס אַראָפּ פון איר.

אין אמתן איז עס נישט געווען אַזוי. קיינער פון די געסט האָט גראָד פון דעם נישט אַ טראַכט געטון. מ׳האָט נאָר געזען אַז די יונגע מחותנתטע שמעלצט זיך פון נחת, וואָס זי טוט שוין אַ שידוך מיט אַ זון. אַפילו סימאָנען איז עס נישט געקומען אויפן רעיון, כאָטש ער האָט עטלעכע מאָל זי אויסגעמאָסטן מיט די אויגן. אַוודאי, ר׳האָט זי געגעסן מיט די בליקן.

ער איז געזעסן שווער און מיד. ביי ראָכטשען אין די אויגן האָט ער אויס־געזען פעסט, אַפילו מאַסיוו. און דעם אמת געזאָגט — צו אַזאַ פאַרשוין האָט איר דעמאָלט אַ צי געטון. ז׳עט נישט פאַרלייקענען: אויך אַ פרוי קען אַ צי טון דער דאָרשט צו אַ פולן קרוג וויין. אירע אַראָפּגעלאָזטע ברוסטן האָבן זיך אַ הייב געטון, זיך אָנגעצויגן עלעהיי ווי סטרונעס ווען מ׳גייט אויף זיי אַ שפּיל טון.

ס׳אַ ליגן! זי האָט נישט קיין זון אַ שידוך צו טון. זי איז נישט קיין מחו־תנתטע. זי איז די כלה. זי זיצט ביים טיש מיט איר חתן. די געסט צעגייען זיך, נעמט זי איר חתן און פאַרשליסט זיך מיט אים אין אַ צימער, זי איינע אַליין מיט אים.

סימאָן האָט נישט געקענט איינזיצן פון מידקייט, אָבער קיינער פון די געסט האָט זיך נישט געפּרוווט אויפהייבן פון טיש.

פון וואָס צו ריידן איז נישט געווען און ער האָט מורא געהאַט אַז די אויגן זאָלן אים זיך נישט נעמען צוקלעפּן. נישט שיין אַנטשלאָפן צו ווערן צווישן מענטשן. נישט געווען קיין ברירה און ער האָט נאָך אַ מאָל אָנגעהויבן דערציילן, וואָס ער האָט שוין דערציילט: ווי אַזוי ער האָט געוואָלט אַרויס־נעמען אַהער די פרוי מיט דער טאָכטער. האָט מען די פרוי נישט אַרויפגעלאָזן אויף דער שיף — מחמת די קראַנקע אויגן אירע. נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג — ער האָט געמוזט פאָרן און האָט אַרויסגענומען די טאָכטער אַליין, דערווייל אַליין.

הינטנאַרומעט האָט די טאָכטער אים אַ צי געטון, ער זאָל מער נישט ריידן, ער האָט דאָך שוין איין מאָל דאָס דערציילט! דערויף האָט ער זיך נישט גע־כאַפּט, סימאָן. פון די געסט האָבן עטלעכע דאָס יאָ באַמערקט און זיך איבער־געקוקט.

אַן אומהיימלעכקייט האָט ווי אַ שוואַרצע קראָ אַ שוועב־דורך געטון פאַר אַ בלאַנדזשענדיקן אין פרייען וועג.

די דאָזיקע קראָ האָט ראָכטשע דערזען די ערשטע. זי האָט געהערט דאָס פאָכען פון אירע פליגלען, זי האָט געזען ווי זי מאַכט אַ קרייז איבער אַ קליין שטיבעלע אויף אַ באַרג. אַ מינוט פריִער האָט פון דעם קליינעם שטיבעלע אַרויס־געקוקט אַ מאַן מיט אַ פרוי. אַרויסגעקוקט, זיך אָנגעקוקט און זיך צעשמייכלט. די שוואַרצע קראָ האָט געמאַכט אַ קרייז איבערן שטיבעלע, איז פון באַרג גע־וואָרן אַ טאָל און פונעם שטיבעלע — איז קיין זכר נישט געבליבן.

ראָכטשען איז פאַרהאַקט געוואָרן דער אָטעם און זי האָט אויף זיך גענומען פעכערן פון פלוצלינגער היץ.

— מאַמע, וואָס איז דיר?! — האָט דער זון אירער, דער חתן, זי אַ פרעג געטון.

— אוי, וואָס איז געשען?! — האָט די כלה זיך דערשראָקן.

— גאָרנישט, גאָרנישט — איז ראָכטשע געקומען צו זיך.

זי האָט אַ שמייכל געטון, מן הסתם האָט זי געכאַפּט אַן איבעריק גלעזל. אַזוי האָט מע זיך שוין אויפגעהויבן פון טיש און באַלד גענומען זיך צו צעגיין.

סימאָן און ראָכטשע מיט חתן־כלה האָבן אַרויסבאַגלייט די לעצטע געסט. דערנאָך האָבן זיי אַליין זיך אַ ביסל געדרייט אין דרויסן פאַר דער טיר.

דעמאָלט האָבן אויך חתן־כלה זיך אַוועקגעדרייט. זיי גייען דאָ נישט ווייט — האָבן זיי געזאָגט.

— אין בוענאָס איירעס פאַרבלאָנדזשעט מען נישט — האָט זיך דער חתן אַ וויצל געטון.

ראָכטשע מיט סימאָנען זיינען אַזוי אַ מינוט־צוויי געבליבן שטיין אויפן אָרט. דערויף האָט ראָכטשע אַ מאַך געטון צו סימאָנען, מיט אַ געלעכטערל:

— וואָס ווערלן מיר דאָ שטיין, מחותן? קומט אַריין...

סימאָנען האָט אַ שלאָג געטון דער כוח הדם, אַז ער האָט קוים געקענט זיך אַ ריר טון פון אָרט.

דער דורכגאַנג אין שטוב אַריין איז געווען אַ לאַנגער און אַ שמאָלער און מאָט באַלויכטן.

זי האָט זיך אַ האַלט־אָן געטון אין אים מיט אַ האַנט. ער האָט זי אַ נעם־אַרום געטון אין גאַנצן און זי ווי אַ טראָג־דורך געטון דעם דורכגאַנג, ב״ז אין שטוב אַריין.

ער האָט זי פון זיינע הענט נישט אַרויסגעלאָזט.

— גיי ריכט דיך אויף אַזאַ מחותנתטע! — האָט ער אַ ברום געטון — מע קען צעשפּרונגען ווערן!

— אייער פּרוי, מחותן... — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט.

— זי קען נישט אַהער קומען... זי בלייבט שוין דאָרט, ראָכטשע...

ס׳האָבן זיך דערהערט טריט פונעם דורכגאַנג. די חתן־כלה זיינען שוין צו־ריק געקומען פונעם שפּאַציר און געבראַכט אַ גרוס פון אַ וואַרעמער נאַכט אין סוף האַרבסט — בוענאָס איירעס רעכנט זיך נישט מיט דער צייט.

.1938

# אַ שיף גייט־אָפּ, אַ שיף קומט־אָן

דער חבר בערל האָט צו וויסן געטון אַז אין אַ ליאַדע טאָג וועט מען אים אַרויסשיקן. דער טורמע־וועכטער האָט עס אים אויסגעזאָגט בסוד. דער טורמע־וועכטער האָט זיך עס דערוווּסט פון איינעם, וואָס האָט דאָס אַרויסבאַקומען פון דער „ערשטער האַנט“.

אַ ליאַדע טאָג וועט עס געשען, און אפשר גאָר אין שעהען אַרום. פאַר אים איז עס נישט קיין איבעראַשונג, פונקט ווי ס׳איז נישט געווען פאַר אים קיין אי־בעראַשונג דאָס וואָס ער איז אַריינגעפאַלן.

פאַר די חברים איז עס אויך נישט געקומען אומגעריכט. אַזוי ווי מ׳האָט אים נאָר פאַרנומען, האָט מען שוין געוווּסט, אַז ס׳וועט גאָרנישט העלפן.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס מאָל גייט עס גאָרנישט צו אַזוי בסוד: אויפן אַנדערן טאָג האָבן די צייטונגען געמאָלדן, אַז היינט, 15 אַ זייגער גייט־אָפּ קיין פּוילן אַ שיף מיט —

אויסגערעכנט אַלע פרטים ווען און ווער און וווּהין, און אין צעטל פון די „אומגעווונטשענע“ האָט זיך אויך געפונען חבר בערל.

צום סוף האָט זיך געזאָגט אין צייטונג, אַז מע וועט צולאָזן זיך געזעגענען. צום חבר בערל האָט מען צוגעלאָזט נאָר די חברטע בראָניע.

זיין פּנים איז געווען געל ווי וואַקס און אין גאַנצן האָט ער אויסגעזען ווי פאַרשטייפט.

בראָניע האָט אים אַ זאָג געטון, אַז ער זאָל זיך שטאַרקן.

— דאָ וועט מען נישט רוען... בערל, שטאַרק דיך!

זי האָט דאָס אַרויסגעזאָגט אין אַזאַ טאָן, אַז זי האָט אויסגעזען אַזוי העל־דיש ווי ער.

אירע אויגן האָבן געפינקלט מיט אַ פייער, וואָס האָט נישט געלאָזט גלייבן, אַז זי האַלט שוין ביי דער צווייטער יוגנט...

בערל האָט איר אָנגעזאָגט פאַרשידענעס און זי האָט ערנסט געהערט און געקוקט אויף אים.

אין די לעצטע געזעגענונגס־מינוטן האָט זיך אויף בראָניען אויסגעגאָסן אַזאַ מילדקייט, אַזאַ איבערגעגעבנקייט, אַז עס האָבן זיך גענומען אויסגלייכן די קנייטשן אויף איר פּנים. צום סוף האָט זי זיך נישט געקאָנט באַהערשן און טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן.

— זיי נישט קיין ייִדענע... — האָט ער איר געמוסרט.

ער האָט נאָכאַמאָל איר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל אַלץ איבערגעבן די חברים, און זי זאָל זען נאָך היינט אויפצוגעבן אַ טעלעגראַם קיין װאַרשע צו זיין רחלען, זיין חברטע, אַז זי זאָל נישט אַרויספאָרן.

— נישט אַרויספאָרן... — האָט בראָניע אָנגעהויבן נאָכזאָגן און זי איז אײַנדערמיט געבליבן ווי פאַרשטיינערט. מ׳האָט אים איר צוגענומען פון הינטער דער האַנט.

באַלד האָט מען איר געהייסן גיין, און די פיס האָבן זי גענומען טראָגן, אַז זי ווייסט אַליין נישט וויאַזוי ס׳איז געווען, וויאַזוי זי איז אַרויף אויפן טראַמוויי.

זיצט בראָניע אויף אַ באַנק און שאָקלט זיך, קוקט אַרויס דורך אַ פענצטער און באַטראַכט די לאַנגע בוענאָס־איירעסער גאַסן.

גרויסע שרייענדיקע שילדן בלענדן; שויפענצטער און צעעפנטע טירן ווייזן פון אַלעם גוטן.

אַ חוץ דאָס ביסל קויטיקע קליינוואַרג און עטלעכע הילפלאָזע מענטשן, וואָס וואַלגערן זיך דאָרט אונטער די פיס, איז אַלץ אין אָרדענונג.

אויף דעם האָט מען געשטעלט פאָליציי, מיט ווייסע האַלבע אַרבל, סע זאָל פינקלען פונדערווייטנס די פּאָליצייִשע ווייסע האַנט. ווער ווייסט דאָס נישט? די חברטע בראָניע ווייסט דאָס אַוודאי און זי וואָלט זיכער וועגן דעם נישט געוואָרן געטראַכט, ווען זי זאָל זיך נישט געווען וועלן אַ ביסל באַפרייען פון דעם חבר בערלס געזעגענען.

זי האָט דאָך מיט בערלען געאַרבעט אַ צייט. צוזאַמען געגאַנגען זאַמלען געלט, פאַרקויפן ריפּעס, באָנעס, זשורנאַלן, ערשט זיצונגען און פאַרזאַמלונגען —

אַ שאָד, אַ וווילער חבר, אַזאַ ווויל ייִנגל...

זי האָט זיך פּלוצלינג פאַרשעמט. זי האָט אים אַ חוץ אַלעמען אַ היפּש ביסל ליב געהאַט. זי האָט אים אַפילו נישט איין מאָל געזאָגט, אַז אַזאַ שיינער יונג, ווי ער, איז אַ ברכה פאַר דער באַוועגונג... זי האָט אים געזאָגט, אַז אַפילו זי איז אויך אין אים פאַרליבט.

ווייטער פלעגט עס נישט גיין. דאָס פּנים האָט איר נישט געלאָזט פאַרלייקענען אירע יאָרן. דערצו האָט זי געוווּסט, אַז ער האָט אין פּוילן איבערגעלאָזט אַ חברטע — „אַ מיידל, אַ שיינהייט!“ — פלעגט ער זיך באַרימען מיט איר.

דער־אָ חברטע זיינער, רחלען, האָט ער טאַקע געשיקט „פּאַפּירן“ מיט אַ שיפסקאַרט.

איצט דאַרף שוין רחלע אַרויספאָרן פון דאָרט, וועט זי גאָר באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז זי זאָל נישט פאָרן.

זי וועט גאָרנישט וויסן וואָס פאַר אַ „גליק“ סע גייט אויף איר. איר בערל

קומט גאָר צו איר, קיין וואַרשע. מע פירט אים אָפּ ביז אַהיים... חברים האָבן אַפילו צווישן זיך געשמועסט, אַז מע וועט אים נישט לאָזן איבערגעבן אין יענע הענט דאָרט, אין פוילן.

מ׳האָט נישט גערוט.

אַזוי איז אַוועק אַ טאָג, צוויי און פּלוצלינג, צו זייער אַלעמענס איבעראַשונג, איז אָנגעקומען אַ בריוו פון רחלען, אַז דעם 21סטן זיצט זי אויף אויף דער שיף.

לויטן חשבון, הייסט עס, דאַרף זי היינט־מאָרגן אָנקומען.

פאַרשטייט זיך, די טעלעגראַמע צו איר איז שוין געווען אַן איבעריקע זאַך. בערל האָט קענטיק שלעכט אויסגערעכנט, אָדער ווער ווייסט וואָס?

דער עיקר, זי קומט צו פאָרן און מע דאַרף באַזאָרגן זי אַראָפּצונעמען פון דער שיף.

— „פּאָברע רחלע!‟ — האָט נישט איינער אַ טראַכט־געטון — ביז זי האָט דערלעבט שוין, נאָך אַ צייט פון יאָרן, צו דערזען די שיפסקאַרט און צו קומען און — נאַדיר, פּונקט איצט געטראָפן אַן אומגליק!

— פריִער, ווען ער איז אַריינגעפאַלן, האָט ער זיך אַרויסגעדרייט און דווקא איצט — נישט!

נאָר וואָס נוצן די ריידן?

איצט דאַרף מען רחלען אַראָפּנעמען פון דער שיף, און זען, אַז זי זאָל נישט דערשראָקן ווערן, זי זאָל זיך נישט פאַרלירן און וויסן וואָס צו ריידן.

איין חבר האָט אַן עצה געגעבן, אַז מע זאָל איר אַקעגנפאָרן קיין מאָנטעווידעאָ און אויפן וועג זי פּאַוואָליע צוגרייטן.

אַ צווייטער חבר האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף נישט.

— בערלס חברטע איז געוויס צוגעגרייט, אַז מיט איר בערלען קען אַלץ פּאַסירן.

— פון דעסטוועגן!

— אַוודאי איז אַקעגנפאָרן בעסער.

געבליבן איז אָבער, אַז מע זאָל איר נישט אַקעגנפאָרן, וואָרן מ׳האָט באַטראַכט, אַז מע מוז דאָ זיין זייער פאָרזיכטיק, סע זאָל נישט עמעצער אַריינפאַלן.

מ׳האָט עס באַזאָרגט אויף אַן אַנדער אופן און מ׳האָט זי אַראָפּגענומען פון דער שיף און מ׳איז מיט איר גלייך אַוועק צו דער חברטע פרידמאַן.

פריִער איז געווען באַשטימט, אַז בראָניע זאָל זי אַריינגעמען צו זיך אין צימערל, נאָר אין דער לעצטער מינוט איז עס געענדערט געוואָרן. בראָניע האָט געזאָגט, אַז ס׳איז בעסער פאַר רחלען צו זיין ביי דער חברטע פרידמאַן. דאָרט איז אַ שטוב מיט מענטשן, דאָרט איז בעסער, וואָס פאַראַ פאַרגלייך!

רחלען אָבער איז שלעכט געווען אומעטום. זי האָט פון דער ערשטער מינוט

אָן געבעטן די חברים, אַז מע זאָל זי זען צוריקשיקן, כאָטש זי האָט גוט געוווּסט, אַז אויך דאָרט, אין פּוילן, וועט זי אַזוי גיך נישט האָבן איר בערלען. זי ווייסט וואָס דאָרט טוט זיך. נאָר דאָרט וועט זי זיין נענטער צו אים, ווי פון דאַנען.

יונג און שיין האָט זי אויסגעזען, רחלע, כאָטש אין איר פּנים האָט מען דער־קענט, אַז זי האָט שוין אַ סך, אַ סך איבערגעלעבט.

די שיף, וואָס האָט געפירט איר בערלען, האָט זיך שוין געפונען אינמיטן וועג.

רחלע איז דעמאָלט געזעסן ביי דער חברטע פרידמאַן, צווישן חברים, און אירע אויגן האָבן געקוקט שרעקלעך ווייט.

ווייטער נאָך ווי יענע שיף געפינט זיך...

— חברים! — האָט זי אַ ציטער־געטון — חברים, איר מוזט זען, אַז כ'זאָל וואָס גיכער פאָרן אַהין!

שפּעטער אַ ביסל זיינען זיך אַלע צעגאַנגען, נאָר איין חבר איז איבערגעבליבן מיט איר און זי געגומען באַרויִקן.

זי מעג אויפגעבן דעם פּלאַן אירן צו פאָרן אַהין, האָט ער איר געזאָגט אין דער שטיל; בערל וועט צוריקקומען; בערל וועט נאָך דאָ אַ סך אויפטון; מע וועט אים נישט לאָזן איבערגעבן דאָרט אין יענע הענט; מע זיצט נישט מיט קיין פאַר־לייגטע הענט.

רחלע האָט אַזוי אויסגעהערט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ... און אירע אויגן האָבן געזען שיפן און ימים, ימים און שיפן.

שיפן גייען־אָפּ און שיפן קומען־אָן —

.1935

# אַן אַנדערער אויף זיין אָרט

פראַים ליבערמאַן האָט געציילט די אַכצן פּעזעס, וואָס ר׳האָט געקריגן אויס־געצאָלט פאַר דער וואָך שכירות און ר׳האָט אין דער שטיל אַ רעכן געטון:

ווען ער זאָל געוועזן האָבן צו פ י ר שעה אַרבעט אַ טאָג, וואָלט ער איצט איבערגעציילט זעקס־און־דרייסיק פּעזעס. און ווען ער זאָל געוועזן האָבן צו ז ע ק ס שעה אַרבעט אַ טאָג, וואָלט ער ערשט איבערגעציילט פיר־און־פופציק פּעזעס. ווען ער זאָל געוועזן האָבן... ניין, מער ווי זעקס שעה אַרבעט וויל ער נישט. דער בליי לייגט זיך אים אַזוי אויך אויפן האַרצן, אויף די לונגען, פאַרסמט דאָס בלוט.

זעקס שעה אַרבעט איז איבערגענוג. זאָל נאָר זיין זעקס שעה. די צרה איז, וואָס ס׳איז נישטאָ. אַלע לינאָטיפּן זיינען פאַרנומען.

די־אָ צוויי שעה אַרבעט אַ טאָג, וואָס מע טיילט אים אָפּ, איז אויך אַזוי־אָ... מאַכט מען אים רייך.

— זאָלן זיי פאַרשרפעט ווערן! — האָט ער אויף זיי אַ פּול האַרץ — אַליין אַרבעטער און פראַווען ווי באַלעבאַטים!

אמת, זיי, די לינאָטיפּיסטן, זיינען טאַקע אַליין די באַלעבאַטים פון דער דרוקעריי, אָבער זיי זיינען דאָך אויך אַרבעטער...

— אַז פאַרשרפעט זאָלן זיין ווערן!

ער ציילט דאָס געלט אין דער שטיל און נאָך שטילער ציילט ער איין זיי אַריין די קללות אויפן טוץ.

— ליבערמאַן! — האָט דער קאַסיר אים געמונטערט — וואָס איז מיט אייך, ליבערמאַן? וואָס ציילט איר אַזוי לאַנג? וואָס מיינט איר, ס׳וועט אייך אַריינקומען די ברכה?

— האַ? גערעכט!... האָט ער זיך פאַרלוירן, און גיך אַריינגעלייגט דאָס געלט אין דער לינקער האַנט און די האַנט אין דער קעשענע אַריין, און ר׳האָט זיך אַ לאָז געטון צו דער נאָענטסטער שפּייז־קראָם עפּעס אַהיימצוקויפן.

— שבת — האָט ער אַ צופרידענער צו זיך גערעדט — שבת איז פאָרט דער בעסטער טאָג אין דער וואָך: ווי ס׳זאָל נישט זיין, מע קומט נישט אַהיים מיט קיין ליידיקע הענט. אַכצן פּעזעס איז אויך געלט, נישט איינער וואָלט זיך מיט דעם צופרידן געשטעלט.

אַריין אין דער שפּייז־קראָם און ר׳האָט דערפילט די סלינע אין מויל.

— וואָס קויפט מען? — האָט ער זיך געפרעגט, און מיט איין בליק אַ שלונג געטון אַלץ וואָס אין דער קראָם.

זיין איינאונאיינציק יזנגעלע, פנחסל, האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל אים אַהיימברענגען אַ „טשאָקאָלאַטינע"... ניין, ער האָט אַ טעות: נישט איינע, נאָר צוויי האָט ער זיך געהייסן ברענגען, און נישט קליינע, נאָר גרויסע, גרויסע שטיקער שאָקאָלאַד.

— נו, און שבע? — האָט ער אַ קלער־געטון וועגן זיין ווייבעלע, וואָס העלפט אים אַזוי טראָגן דעם יאָך פון דער פּרנסה — וואָס קויפט מען עפּעס שבען?

זי האָט ליב אַ שטיקל שמאַלץ־הערינג, אַ שטיקל קראָקעווער ווורשט מיט אַ זויער אוגערקעלע און אַ שטיקל קימלברויט און — שוין.

— נו, זייט אַזוי גוט און גיט מיר שוין, לאָזט מיך נישט שטיין אַזוי לאַנג!

— איין מינוט, סעניאָר, אָט שוין.

— נישט קיין קימלברויט, איר הערט? ער וויל בעסער נעמען דאָס לעמבערגער קיישלברויט. ער האָט דאָס זייער ליב און דערצו דערמאָנט עס אים אין די בחורישע יאָרן, ווען ער איז געווען אין לעמבערג.

דעמאָלט האָט ער נאָך זיין שבען נישט געקענט.

דעמאָלט איז ער נאָך קיין זעצער נישט געווען.

דעמאָלט האָט ער נאָך געפּגרט אויפן פּיסק און געלעבט אַ משוגענעם טאָג. ער קען אין דעם נישט פאַרגעסן.

— אַ טעמנע צייט געווען, נאָר אַ פריילעכע!... — האָט ער אַפילו דערנאָך, ביי דער וועטשערע, עטלעכע מאָל איבערגעקייעט.

ער האָט שוין אַראָפּגעשלונגען דעם לעצטן ביסן לעמבערגער קיישלברויט און נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו רעדן פון לעמבערג, פון זיינע בחורישע יאָרן. שבען האָט עס אַזש פאַרדראָסן.

— כ׳וואַיס ניש וואָס ד׳אָסט אַזוינס צו בענקען? וואָס האָסטו געהאַט און וואָס ביסטו געווען? — אַ גאָניש, אַ־אַ..."

— שבע!...

אַ גליק, וואָס פנחסל איז שוין געשלאָפן, אַ נישט וואָלט שוין געוועזן אַרויס־געקומען אַ קריגעריי. וואָס האָט זי אים עפּעס צו קריכן אין דער גאַל אַריין?

כאָטש אין דער אמתן בענקט ער גאָרנישט אַזוי נאָך יענע יאָרן, נאָר אָט אַזוי, ער האָט זיך ליב צו דערמאָנען. איז וואָס קאָסט עס זי אַזוי טייער, טראַכט ער, וואָס זי זאָל אים קריכן אין דער גאַל אַריין!

— ס׳מזל אויף די באַלעבאַטים! — ברומט ער פּלוצלינג אַרויס, און גייט מאַכן נאַכט.

שבע איז נאָך געבליבן זיצן אַ ביסל לייענען די צייטונג.

דער טאָג גייט איר אַוועק מיט גאָרנישט, מיט זוכן אַרבעט, און ביינאַכט ווי־דער, ביז מע קאָכט אָפּ וועטשערע און פּנחסלען געבן עסן, שלאָפן לייגן, איז שוין שפּעט.

און שפּעט זיצן, האָט זי דאָך מורא פאַרן „ענקאַרגאַדע״ צו ברענען די ליכט. מיט אַ וואָך פריִער האָט ער טאַקע איר אָנגעקלאַפּט אין טיר, אַז זי זאָל אַזוי גוט זיין און מאַכן פינצטער, אויב זי וויל אים פאַרשפּאָרן אַן אַרבעט...

און אָט, ווי זי טראַכט דערפון, — אַ קלאַפּ אין טיר, נאָר דאָס מאָל אַ דעלי־קאָטער קלאַפּ, נישט ווי דעם „ענקאַרגאַדעס״ שטייגער.

נאָר כדי זיכער צו זיין, אויסצומיידן אַ סקאַנדאַל, האָט זי געכאַפּט און פאַר־לאָשן.

— ליבערמאַן, איר שלאָפט שוין? — האָט יענער נאָכאַנאָל אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— ווער איז — האָט שבע איבערגעפרעגט.

— פון דער „אימפּרענטאַ״ — האָט מען הינטער דער טיר געענטפערט.

— אַ־אַ־, באַלד, באַלד!

אויף דער גיך ליכטיק געמאַכט און איינצייטיק גענומען פּראָימען וועקן, אַז מ׳איז געקומען פון דער דרוקעריי.

אויפגעעפנט אַ פּאָר פאַרשלאָפענע אויגן האָט פּראָים דערזען, אַז יאָ, טאַקע דאָס שיק־ייִנגל פון דאָרט.

— וואָס עפּעס נייעס? — האָט אים ליבערמאַן אַ פרעג־געטון.

— פישער איז נישט געקומען צו דער אַרבעט, דער לינאָטיפּ שטייט ליידיק און אַרבעט איז דאָ איבערן קאָפּ.

האָט ליבערמאַן זיך אָנגעטון אַ חשק צו לויפן שפּעט ביינאַכט פונעם בעט אַרויס צו דער אַרבעט.

— נישקשה — האָט ער זיך געטראַכט — זאָל ער נאָר אַ סך מאָל אַזוי אָפּטון און נישט קומען צו דער אַרבעט, ער איז דאָך שוין עפּעס אַ באַלעבאָס, פּי־שער, ער קען זיך פאַרגינען...

אויף פישערן האָט ער טאַקע געהאַט מער האַרץ ווי אויף זיינע אַלע באַלעבאַ־טים. זיי יאַק זיי, אָבער פּישער? — אַז נישט געדאַכט זאָל ער ווערן! וויפל מאָל ער האָט אים שוין נישט „גליקלעך געמאַכט״, אַז זיי קאָנען אַליין מאַכן די גאַנצע אַרבעט, נאָר גאָרנישט, „ליבערמאַן, אַ היימישער, אַ חבר, זאָל ער עפּעס פאַר־דינען״.

— אוי, דאָס גליקלעך מאַכן!

נאָר ער מוז, אַ ברירה האָט ער?

נישט איין מאָל מוז ער נאָך לאַכן פון זייערע נאַרישע וויצן.

און זיי געבן רעכט.
סע דערגייט אים ביז צו דער גאַל.
אָבער יענע נאַכט האָט ער זיך זייער גוט געפילט ביי דער אַרבעט. דער עיקר דערפאַר, ווייל פישער איז נישט געווען, דערצו נאָך איז אים אויסגעקומען צו זיצן לעבן מאַרקוסן.
פאַר מאַרקוסן האָט ער אַ באַזונדערן סענטימענט, מאַרקוסן האָט ער ליב... נאָר אַ דאַנק אים האָט ער אַלע מאָל דאָס ביסל אַרבעט: מאַרקוס איז אַ קראַנקער, פּעלט אָפט, פאַרטרעט ער אים.
אַז פישער זאָל ווען פעלן ביי דער אַרבעט, — געדענקט ער נישט.
אָ, ווען סע מאַכט זיך אַז ער זאָל שוין אין גאַנצן נישט קומען... נאָר ווייסעך וואָס, פישערן וועט אַפילו קיין אויטאָ נישט צעטרעטן. אים קומט גאָרנישט צו.
ער האָט פּלוצלינג אַ קוק־געטון אויף מאַרקוסן און דערזען — זיין פּנים איז אַזוי געל, די באַקן איינגעפאַלן, די אויגן זיינען אַזוי גלייך זיי זיינען גרייט אַרויס־צושפּרינגען פון די לעכער און הינטער זיי בלייבט אַ פינצטער פּנים.
אַך, ווי שרעקלעך!
ער וואָלט אָבער געוואָלט אַז דאָס זאָל גיכער טרעפן מיט פישערן, מיט אַן אַנדערן פון זיינע באַלעבאַטים. אָבער אַ טעות: זיי זיינען שטאַרק ווי אייזן.
פון דעסטוועגן האָט ער זיך געטרייסט:
— טרעפן קען זיך.
און ער טראַכט ציטעריק — אויף צוריק:
מילא, וואָס עס קען זיך טרעפן, אָבער מיט מאַרקוסן איז עס דאָך כמעט אַ זיכערע זאַך: ער איז אַ קאַנדידאַט פאַר יענער וועלט.
— אויב טרעפן, קען עס זיך טרעפן אויך מיט אים...
און ליבערמאַן איז — פאַרשטייט זיך — אַ קאַנדידאַט אויף אַ שטענדיקן אַרבעט־פּלאַץ.
וועגן די דאָזיקע געדאַנקען האָט ער זיין שבען נישט געוואָגט אַפילו צו געבן אַן אָנצוהערעניש, און דער אמת איז, אַז רגעוויז האָט ער אַליין אַפילו זיך גע־שעמט דאָס איבערצוטראַכטן.
יעדן טאָג, ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט מאַרקוסן האָט ער אים אויפריכ־טיק אויסגעפרעגט וועגן זיין געזונט, נאָר אין האַרצן איז זיך געוואַקסן די האָפע־נונג... און דערווייל האָט עס זיך צו־לאַנג פאַרצויגן.
און ליבערמאַנען איז דערווייל מיט יעדן טאָג שווערער געוואָרן.
פאַרשוילדיקט איבערן קאָפּ. פאַרהונגערט, אָפּגעריסן.
ער האָט זיך פון דעסטוועגן שיעור נישט די צונג אָפּגעביסן, דאָס נישט אַרויס־צורעדן.

אַ טאָג, אַ יאָר... און נאָך ערגער די נעכט. לאַנג איז די שלאָפלאָזע ווינטער־נאַכט.

ער קען זיך עס נישט מוחל זיין, וואָס ער קוקט אַרויס אויף מאַרקוסעס סוף.

דערנאָך האָט ער זיך געגומען אַליין גרינגער מאַכן דאָס האַרץ: סוף־כל־סוף איז עס דאָך נאַריש. וואָס הייסט, ער קוקט אַרויס אויף יענעמס סוף? סע קען עפּעס העלפן זיין אַרויסקוקן?

אַי, וואָס ער טראַכט וועגן אַרבעטס־פּלאַץ, וואָס גרייט זיך פאַר אים? נו, אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט אַנדערש געטון?

אַזוי־אָ האָט ער זיך געפּרווווט גרינג מאַכן אויפן האַרצן.

דערווייל האָט ער זיך עפּעס שטאַרק פאַרקילט און איז אַריינגעפאַלן אין בעט און נישט אויף איין טאָג. אָבער מאַרקוסעס סוף האָט ער זיך נישט דער־וואַרט.

מ׳האָט געשמועסט, אַז אָט־אָט גייט ער, מאַרקוס, טאַקע אָט־אָט.

פון דעסטוועגן ווען מ׳איז געקומען און אַ זאָג־געטון, אַז שוין, „נעבעך אַ רחמנות, נאָך גאָר אַ יונגער מענטש געווען, מאַרקוס“ — האָט ליבערמאַנען אָנ־געכאַפּט אַ ציטערניש, אַ כליפּען ווי ביי אַ קינד.

שבע האָט זיך אַזש דערשראָקן פאַר אים.

אַזש פנחסל האָט זיך צעוויינט.

און די שכנים, וואָס זיינען גראָד געווען אין שטוב האָבן זיך איבערגעוווּנקען, ווי איינער רעדט: „סע ציטערט אויף אים נעבעך ס׳פּעלעכל“...

אים האָט עס גאָרנישט געקאָנט אַפילו איינפאַלן, כאָטש די קראַנקייט זיינע האָט זיך גענומען פאַרציִען אין וואָכן אַריין.

שפּעטער־צו, האָט ער יאָ אַמאָל אַ מאַך־געטון צו שבען, אַז זי זאָל זען איינ־צורייסן וועלטן:

— הייסט רעכט, — געטראָפן ווען קראַנק צו ווערן, פּונקט ווען מ׳וואָלט געקאָנט אָנהייבן לעבן...

— אַזאַ אומגליק! — האָט זי צוגעזיפצט.

און אין שטוב איז מען ממש אויסגעגאַנגען.

פּנחסל איז יעדן טאָג געוואָרן אויסגעצערטער.

און פראָים ליבערמאַן האָט געמוזט געזונט ווערן אָן דאָקטוירים.

נאָר די דרוקעריי האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטן אויף אים, און דער לינאָטיפּ איז פאַרנומען געוואָרן העט־העט איידער ער איז געזונט געוואָרן.

שבע האָט באַלד דערפון געוווּסט.

פאַר ליבערמאַנען אָבער איז עס געווען אַ סוד די גאַנצע צייט פון זיין קראַנק זיין.

ער איז ערשט דערפון געוואָר געוואָרן, ווען ער איז אַרויסגעקומען אין גאַס אַריין.

אין סאַמע מיט ווינטער איז עס געווען, דער קירצסטער טאָג. נאָר פאַר אים האָט ער זיך דעמאָלט געצויגן זייער לאַנג —

אַ טאָג, — אַ יאָר...

און נאָך דעם דאָזיקן טאָג האָט זיך גענומען ציִען אַן אומענדלעך לאַנגע, שלאָפלאָזע ווינטער־נאַכט.

1935.

# אַ שטילע חתונה

חוהלע פייגנבלאַט איז אַריין צו זיך אין צימער מיט אַ פּעקל עסנוואַרג און הינטער איר האָט אַ שיק־יינגל נאָכגעטראָגן עטלעכע פלעשער ביר, אַ פלאַש ווײַן און סאָדעוואַסער.

אַ פריילעכע איז זי אַריין, אַ פריילעכע און שטאָלצע. דעמאָלט האָט זי געשפּאַנט ווי אַ הירשיכע. העכער מיט אַ קאָפּ איז זי געוואָרן, ווי באַלד זי האָט נאָר באַטראָטן די שוועל. און ווען זי האָט נאָך דערזען וואָס ביי איר אין צימער טוט זיך, האָט זי זיך אין גאַנצן צעשטראַלט.

אויף איר פּנים האָט זיך צעשפּילט אַ פרייד, יענע פרייד וואָס נאָר איין מאָל אין לעבן קען עס זיך טרעפן ביי אַ מיידל —

ווען זי ווערט אַ פרוי.

יענעם גאַנצן טאָג האָט זי געהאַט אָן אַ שיעור איבערלעבונגען. ווי נאָר זי איז געגאַנגען איינקויפן פאַרן קערמעסל, וואָס זי מיט זלמן לערנערן האָבן געגרייט פאַר עטלעכע חברים (און אין צימער איז נאָך קיינער נישט געווען ביי איר אָוועקגיין, זלמן לערנער אויך) — און פלוצלינג, זי קומט אַריין מיטן פּעקל אין האַנט, טרעפט זי שוין אַלע ביים טיש.

אַזאַ איבעראַשונג!

מ'איז צו צו איר, מ'האָט איר גענומען דריקן די האַנט, מ'האָט זי באַשיט מיט ווינטשעוואַניעס און זלמן לערנער האָט זי אַרומגענומען און אַ קוש געטון ווי —

ווי אַ חתן דער כלה.

די געסט זיינען געווען גאָר היימישע: פיר לערערס און איין לערערקע, וואָס קענען זיך מיט ביידן, מיט חוהלע פייגנבלאַט און זלמן לערנערן —- שוין פון יאָרן.

אַפילו געאַרבעט צוזאַמען מיט זיי אין איין שול, צוזאַמען געמוטשעט זיך, צוזאַמען געליטן.

אייגענע מענטשן — איינער צווישן זיי איז גראָד נישט קיין לערער, נאָר אַזוי אַ היימישער מענטש — האָבן זיי גענומען אין מויל אַריין און אָנגעהויבן זיך משמח צו זיין. חתונה־מאַכן אַ חבר מיט אַ חברטע. און מ'האָט גענומען וואַרפן פאַרשיידענע וויצן.

— וואַרט צו אַ ווײַלע, איכ'ל לויפן ברענגען אַ חופּה.

— און איך וועל זיין דער מסדר־קידושין.

אַ דריטער האָט זיך אַ ביסל פאַרלוירן ביים ערשטן גלעזל און זיך אָנגערופן:

— אפשר באַדאַרף מען גאָר אַ מוהל?...

אַן אַנדערש מאָל וואָלט מען ביי חווהלען גאָר נישט גוט אָפּגעשניטן פאַר אַזעלכע חכמות, אָבער דאָס מאָל האָט זי אַלץ אָנגענומען פאַר גוט געלט.

די־אָ חברה איז ביי איר גאָר ציטעריק. זי איז דאָך דאָ איינע אַליין, עלנט אין דער פרעמד.

איצט איז עס גאָר אָנזעעוודיק.

זיי זיינען אירע טאַטע־מאַמע, אירע שוועסטער און ברידער, אירע מחותנים. דעמאָלט איז זי טאַקע געוואָרן אַ היפּש ביסל סענטימענטאַל און האָט די געסט גענומען דערציילן איר לעבנס־געשיכטע, אָט־דעם שטיק וועג פון דאָרט ביז זי האָט אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע ביז, ביז — — —

***

עס האָט זיך שוין פאַרצויגן ביז נאָך האַלבער נאַכט.

עמעץ האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז מע דאַרף אויפּסנייע אָנפולן די פלעשער.

— ס'וועט שוין זיין גענוג — האָט אַ צווייטער געעצהט — אַ שוואַרצע קאַווע וואָלט נישט געשאַדט.

— אַ „מאַטע" וואָלט מיר בעסער געפעלן.

— מער וואָלט שוין נישט געפעלט, ווי צו די הייסע קעפּ — אַ הייסע מאַטע.

— די קינדער וואָלטן שוין געלערנט מיט אונדז און נישט מיר מיט זיי.

— טאַקע, היתכן, ווי הייסט עפּעס לערערס זאָלן חתונה האָבן?

— לערערס זאָלן זיך אָנשיכורן?

און ס'איז ביי זיי אַרויף אַ שמועס וועגן פאַך.

— אַז אויף דער גאַנצער וועלט איז דער ייִדישער לערער דאָס כפּרה־הינדל.

— לערנען? דער עיקר איז פול מאַכן דעם בויך.

— און דעם בייטל, — האָט עמעץ אַרויסגעפּלאַצט.

אַן אַנדערער האָט נישט געלאָזט ריידן און גענומען שיטן רייד וועגן אַרגענטינע, ווי מע קרעכצט דאָ, ווי מ'פאַרגעסט נישט אַז ס'איז געווען ערגער.

און אַלע אינאיינעם האָבן זיי זיך גענומען אַראָפּרעדן פון ביטערן האַרץ.

— מע וואַרפט אונדז גאָר אין פּנים אַריין, אַז מיר זיינען נישט קיין אידעאַליסטן!

— איינער גאָר אַ... „חכם" און אַ „נאָרמאַלער" מענטשן פאָדערט גאָר, אַז מע זאָל עקזאַמינירן אונדזער מאַרך...

— אַז מיר ריידן נאָר וועגן געלט, געלט...

— געהערט עפּעס! באשר, אַזויווי סע האָט זיך געטראָפן ערגעץ, אַז אַ לערער איז פון זינען אַראָפּ און זיך געוואָרפן אונטער אַ טראַמוויי, דעריבער זאָל מען...

— אָבער — האָט איינער געגומען אַריינפירן אַ מילדן טאָן — אָבער אויף חוהלען איז נישט שייך אַזאַ חשד. ווייל חוהלע איז פריי פון חסרונות, אַ חוץ אַ פּאָר קליינע שוואַכקייטן, ווי צו וועלן עסן, גיין גוט אָנגעטאָן...

כוהלע האָט אַ שמייכל געטון:

— איך בין שוין אַפילו זאַט פון קאָמפּלימענטן, נאָר קאָמפּלימענטן: נאָר קאָמפּלימענטן איז אַזאַ מאכל, וואָס מ׳קאָן עס עסן אַפילו ווען מ׳איז זאַט.

אייניקע האָבן געשמייכלט, אייניקע האָבן זיך צעלאַכט און אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז אַלע האָבן צערוקט די בענקלעך און זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ ריקודל אַרום דעם טיש — חי געלעבט!

**
*

שפּעטער מיט עטלעכע טעג איז זלמן לערנער צוריקגעגאַנגען צו זיין אַר־בעט.

אַכט טעג חתונה־אורלויב האָט ער באַקומען און די אַכט טעג האָבן זיך גע־ענדיקט.

ער האָט צוגעשטעלט צו דער שול־פּאַרוואַלטונג אַ פאָדערונג אויף אַ הוספה. ער איז דאָך שוין עפּעס אַ באַווייבטער און, אַ חוץ דעם, קומט אים אַ העכערונג נאָך פון וועגן.

שווערע צייטן, ער פאַרדינט אַזוי ווייניק, און חוהלע זיינע דרייט זיך אי־בערהויפּט אום ליידיק.

דעם פּאָסטן אויף דער פּראָווינץ, וואָס זי האָט געהאַט, האָט חוהלע אויפגעגעבן, כדי צו קענען זיין מיט אים צוזאַמען אין בוענאָס איירעס. איז זי דערווייל אַ באַלעבאָסטע, שטייט און באַקט און קאָכט און פּרעגלט.

איר זלמן האָט זיך אַ גאַנצן טאָג אָפּגעגעסן דאָס האַרץ מיט די קינדער, איצט עסט ער זיך ערשט רעכט אָפּ דאָס האַרץ!

איצט זיצט ער און האַקט האָלץ מיט דער שול־פּאַרוואַלטונג וועגן דער הו־ספה וואָס ער בעט, וואָס ער דאַרף אַזוי נויטיק האָבן. טאָ זאָל ער כאָטש האָבן עפּעס גוטס צו נעמען אין מויל אַריין, ווען ער וועט אַהיימקומען.

ווער ווייסט, ווי שפּעט ער וועט היינט אַהיימקומען!

יענעם אויף דער נאַכט האָט מען אים דווקא גיך דערליידיקט. עס איז גאָר אין גאַנצן קיין זיצונג נישט געווען. זיצונגען וועגן זיין פאָדערונג זיינען אָפּגע־האַלטן געוואָרן נעכטן, אייערנעכטן, ווייסעך ווען.

אין יענעם אויף דער נאַכט האָט מען אים נאָר געהייסן צוקומען, צו מעלדן אים דעם באַשלוס.

און דער באַשלוס איז געווען, אַז זיי האָבן גאָרנישט צו אים. זיי קענען גאָרנישט פאָרוואַרפן קעגן אים ווי אַ לערער. זלמן לערנער איז, אמת, אַ גוטער לערער, און די בקשה וועגן אַ העכערונג איז לכל־הדעות אַ גערעכטע, אָבער, אָבער זיי מוזן אים אין גאַנצן אָפּזאָגן פונעם פּאָסטן, זיי קענען אים בכלל נישט האַלטן פאַר קיין לערער, ווייל... ווייל ער האָט חתונה געהאַט אָן חופּה וקידושין.

זלמן לערנער האָט זיי שאַרף געענטפערט אַ פּאָר ווערטער, און איז זיך אַוועק אַהיים.

אַריין אין שטוב, האָט חוהלע אין אים דערקענט, אַז עס איז עפּעס נייעס, זי האָט עס אויסגעטייטשט, אַז מ׳האָט אָפּגעזאָגט צו געבן די העכערונג.

— מילא, אַ שאָד זיך צו ערגערן! — האָט זי גענומען אים אויסריידן. — אָן דער העכערונג וועט מען אויך אויסקומען.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט און זיך געמאַכט האַרץ, כלומ׳רשט אַ שמייכל געטון.

דערווייל האָט ער איר נישט אויסגעזאָגט, וואָס ס׳האָט פּאַס־רט, אַז ער האָט פאַרלוירן דעם פּאָסטן, נאָר קיין סוד איז עס דאָך נישט פאַרבליבן. די בעסטע ראיה:

ער האָט שוין נישט באַדאַרפט איילן אויפצוכאַפּן זיך גאַנץ פרי.

זיי האָבן שוין געהאַט גענוג צייט אויף צו שפּאַצירן איבער די בוענאָס איירעסער לאַנגע גאַסן און צו שמועסן וועגן פאַרשידענע זאַכן און וועגן זייער חתונה.

— דאַכט זיך אַזוי שטיל...

— יאָ, און אַזאַ אַליאַרעם!

.1935

# נאַקעטע ביימער

אַהרן־לייב פרידמאַן איז געשטאַנען ביי זיך אין צימער, און אַרויסגעקוקט אין גאַס אַריין.

— גאַטס וועלט — האָט ער געגאַפּט. אום תמוז — ווינטער. אום תמוז זאָג כאָטש „ברכו נפשי".

ער איז אַריינגעפּאָרן מיט די פינגער אין דער באָרד, זי צעקעמט אין דער ברייט, מיט הרחבת הדעת.

ביז איצט איז ער געווען אַ ביסל געשטערט, ביז איצט איז ער כסדר געווען צו גאַסט: דאָ ביי דער שנור, דאָ ביים איידעם.

דעם ערשטן שבת ווי ער איז פאַר זיך.

זיין בריינדל, די אַמאָליקע יפת־תואַר, איז געשטאַנען ביים שפּיגל און זיך אַ ביסל צוגעפּודערט, מע דאַרף גיין צו די קינדער צו גאַסט. זי האָט נאָר נישט געוווסט צו וועמען מע גייט צום ערשטן — צו דער שנור, צי צום איידעם.

— ווי מיינסטו, אַהרן־לייב?

— ווייסעך.

— כ'מיין, וועמען קען גיכער פאַרדריסן?

— כ'מיין... קיינעם נישט.

ער איז שוין געווען גרייט צו גיין, נאָר זי איז נאָך געשטאַנען ביים שפּיגל און געוואָלט אַ ביסל פאַרגלעטן די קנייטשן פון פּנים.

— בריינדל, — האָט ער אַ שמייכל געטון און געקראָגן די פאַרב אין די באַקן — דו מיינסט, אַז ס'איז אַמאָל...

— וואָסער „אַמאָל"? — האָט זי נישט אַרויסגענומען דעם קאָפּ פון שפּיגל און זיך געפּוצט און זיך געחנדלט. ער איז שוין געשטאַנען גרייט צו גיין און זי באַקוקט פון אַלע זייטן.

זיי האָבן נישט געוווסט צו וועמען מע גייט צום ערשטן — צו אירע טאַטע־מאַמע, צי צו זיינע טאַטע־מאַמע.

ער האָט געוואָלט איר צוטיילן כבוד און אַ זאָג געטון:

— צו דיינע טאַטע־מאַמע.

און זי האָט אים געוואָלט צוטיילן כבוד און אים געענטפערט:

— צו דיינע טאַטע־מאַמע.

אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט — ביז זיי האָבן זיך צעקושט, ביז זיי האָבן פֿאַר־שלאָסן די טיר.

דער נאָך איז זי ווידער צו צום שפּיגל און זיינען אַרויס אויף דער גאַס. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיי נאָכגעקוקט און זיי האָבן געמיינט, אַז יעדער ווייסט, וואָס צווישן זיי איז פֿאָרגעקומען.

אַ פֿערטל יאָרהונדערט האָט זיך אַרויפֿגעלייגט אויף זייערע פּלייצעס. שווער זיך אַרויפֿגעלייגט. געבליבן מענטשן פֿון דער אַלטער וועלט. נישט געווען צוגעגרייט צום לעבן, אין מיטן דערינען — די גרויסע וועלט־מלחמה. פֿאַר דער צייט אַלט געוואָרן. אַלטע פֿרומע לייט שוין. צוויי קינדער געהאַט, ביידע שוין אויסגע־געבן. ביידע שוין אין דער ווייטער וועלט — אין אַרגענטינע.

די קינדער — אַ זון און אַ טאָכטער — האָבן זיך צונויפֿגעלייגט און אַראָפּ־גענומען די אַלטע טאַטע־מאַמע.

אויף אַ פֿור, וואָס האָט זיי געפֿירט צו דער באַן, איז געלעגן זייער ביסל אָרעמקייט און זיי זיינען געזעסן לעבן די פּעקלעך. געמאַכט מיט די הענט, זיך געזעגנט אויף אייביק, זיך אָפּגעזעגנט מיט דאָרט.

דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיי נאָכגעקוקט. שוין אַלטע לייט און האָבן נאָך אויסגעזען ווי אַ פֿאַרליבט פּאָרל.

די לאַנגע רייזע איז נישט געפֿאַלן אויף זיי שווער. אַדרבא, אַ ביסל אויפֿ־געפֿרישט געוואָרן.

טאַטע־מאַמע האָבן זיך דערפֿרייט מיט די קינדער.

די קינדער — מיט די טאַטע־מאַמע.

די שנור האָט אַרויסגעוויזן אַרגענטינער העפֿלעכקייט, אַרגענטינער גאַסט־פֿריינדלעכקייט און פֿאַרבעטן די טאַטע־מאַמע צו זיך.

דער איידעם — צו זיך.

אָנגעלייגטע געסט זיינען זיי געווען. דאָ ביי דער שנור, דאָ ביים איידעם.

דער זון האָט זיי פֿאַרזיכערט, אַז די מאכלים וואָס מע גיט זיי, מעגן זיי עסן.

די טאָכטער האָט זיי דערלאַנגט טרוקענע זאַכן און מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטון:

— וואָס זאָגסטו נישט, מאַמע, צו דיינע פֿרומע קינדער!

— וואָס זאָל איך זאָגן, — האָט די מאַמע געענטפֿערט פֿרום און צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ, — דער גאָט, וואָס היט אָפּ אַלע גוים, זאָל אויך אָפּהיטן מיינע גוים.

גרויסע הייזער מיט אַ סך צימערן האָבן די קינדער באַוווינט, נאָר די אַלטע לייט האָבן זיך נישט געקענט קיין אָרט געפֿינען אין זיי.

— בריינדל, — האָט אהרן־לייב צו איר אַ מאַך געטון, ווען קיינער האָט

נישט געהערט — ברײַנדל, אַלײן ערגעץ, אין אַ קלײן צימערל אַפּילו, וואָלט געוועזן בעסער. דאָ איז ענג...

— כ׳מײן אויך אַזוי, אַהרן־לײב.

ענג, ענג, און זײ האָבן זיך אויפגעזוכט אַ דירהלע פאַר זיך.

אַהרן־לײב איז שבת בײטאָג אויפגעשטאַנען פון שלאָף און געמיטלעך זיך אָנגעטון צו גײן צו די קינדער. דעם ערשטן שבת פאַר זיך.

ער איז שוין גרײט געוועזן צו גײן, נאָר זײַן ברײַנדל איז נאָך געשטאַנען בײַם שפּיגל און זיך געפּוצט.

ער האָט געקוקט אויף איר און אָנגעקוואָלן. זי האָט אים מיט אַ מאָל אויסגעזען יינגער, לעבעדיקער, שיעור נישט די אַמאָליקע ברײַנדל.

ער האָט געקראָגן די פאַרב אין די באַקן און שעמעוודיק אַ זאָג געטון:

— נו, קום שוין, ברײַנדל, אַ נישט...

— וואָס „אַ נישט?״ — האָט זי שוין אַרויסגענומען דעם קאָפּ פון שפּיגל.

— אַ נישט, וועל איך שוין נישט וועלן גײן. כ׳וועל חשק האָבן צו בלײַבן.

— קום שוין, קום שוין, דו אַלטער דזשאַד!

ביז זײ האָבן זיך אַרויסגעקליבן פון שטוב, איז שוין געוועזן נאָענט צו נאַכט.

אין דרויסן איז געוועזן קאַלט און פּויל. בײמער זײַנען געשטאַנען נאַקעט און פאַרלאָזט, ווי טאַטע־מאַמע, ווען די קינדער זײַנען פון זײ אַוועק.

אַהרן־לײב און ברײַנדל זײַנען געגאַנגען טריט בײַ טריט און דער גאַנצער וועג — בײמער און בײמער.

בײמער, וואָס האָפן אויף פרילינג, זיך ווידער אָנצוטאָן אין גרינס. און בײמער, אַלטע־אַלטע בײמער אַזוינע, וואָס האָבן שוין גאָר קײן האָפענונג נישט.

די נאַכט איז צוגעפאַלן מיט אַ מאָל, די קעלט איז געוואָרן צופּעדיקער.

אין מיטן גײן האָט אַהרן־לײב זיך אַ שטעל־געטון און געזאָגט צו זײַן ברײַנדלען:

— ווי וועלן מיר שוין גײן אַצינד, ברײַנדל, כ׳מײן... ס׳וועט זײ קײנס נישט פאַרדריסן.

זי האָט אַ דרײ געטון מיטן קאָפּ און די פאַרגלעטע קנײטשן פון איר פּנים האָבן אַפּירגעקוקט.

— כ׳מײן אויך אַזוי — האָט זי אפשר מיט אַ מינוט שפּעטער אַרויסגעזיפצט.

די אַלטע לײט האָבן זיך אויסגעדרײט און געלאָזט זיך קריקגײן אַהײם, צו זיך.

די נאַקעטע בײמער האָבן זײ באַגלײט. זײ נאָכגעקוקט ביז אין שטוב אַרײַן.

# כוואַליעס

דער בלאָטיקער פלאַטאַ־טייך האָט ערשט באַקומען אַן אמתן זילבער־קאָליר פון די כוואַליעס, וואָס האָבן זיך אין אים צעשטורעמט פון דער שוים אויף זיינע ליפּן.

ער האָט אויסגעזען בייז, דער לאַ פּלאַטאַ־טייך. עמעצן איינצושלינגען. נאָר מ׳האָט אים נישט געגלייבט. ער מאַכט זיך נאָר אַזוי בייז. אָבער ביים שפּיץ, נאָכן אַריינשניט אין טייך אַריין, אונטן ביי די ברעג־טרעפּ, האָט עס נישט אויסגעזען קיין שפּאַס. אונטן האָט עס געדרייט ווי אַ רעדל, געצויגן אין קאַנאַל אַריין.

נאָר גוטע שווימערס זיינען דעמאָלט דאָרט געשווומען.

די שוואַרצהנוודיקע פראַדל איז נישט געווען קיין גרויסע שווימערין. זי האָט זיך געבעטן ביי שימען בערגער, זיך אומצוקערן פון מיטן וועג. שימען בערגער האָט געלאַכט און געשווומען מיט אַ זיכערקייט.

זי איז מיטגעשווומען. ס׳האָט זי געצויגן צו די טרעפּ, ווי אַ כישוף.

זי האָט זיך אַ לייג־געטון נאַזנדיק, אויף אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, זיך אָפּצו־רוען אַ ביסל און האָט שטיפעריש אַ מאַך געטון:

— געדענקט, סעניאָר בערגער, די מאַמע האָט מיך איבערגעגעבן אין אייערע הענט...

— כ׳וועל אייך קריקברענגען, פראַדל.

איר מאַמע איז אויך מיטגעפאָרן צו דער פליאַזשע. האַלב בוענאָס איירעס איז דעמאָלט אַרויסגעפאָרן צום טייך זיך באָדן, זיך אָפּקילן אַ ביסל.

געפּאַקט זיינען געווען אַלע באַנען, טראַמווייען, אָמניבוסן, קאָלעקטיוואָס, — קאָפּ אויף קאָפּ. מ׳איז אַנטלאָפן ווי פון אַ שריפה.

שימען בערגער האָט געטראָפן פראַדלען אין מיטן וועג און שוין נישט אָפּ־געטרעטן פון איר. פראַדלס מאַמע איז דערפון געווען צופרידן. ער האָט גע־טראָגן זייערע פּעקלעך, ער האָט געמאַכט אַ „וואַנט", מע זאָל זיי נישט צע־קוועטשן.

ערשט ביי דער פליאַזשע האָט פראַדלס מאַמע זיך גענומען באַרעכענען, אַז עפּעס איז ער יאָ באַקאַנט און נישט באַקאַנט. אין זייער געזעלשאַפט איז ער פון דעסטוועגן שוין געבליבן.

די שוואַרצחנוודיקע פראַדל איז געווען צעפּלאָמט פון דער רייזע. אויף דער פּליאַ'שע האָט די זון זי געגומען צובאַקן. שימענען איז גענוג געווען איין קוק אויף איר, אַז ער זאָל פאַרשרפעט ווערן.

נאַקעטע ברוינע פיס, הענט, שטיקער ברוסט און די גאַנצע פּלייצע האָבן אַרויסגעקוקט פון איר באַדאַנצוג. רונד, מאַסיוו, צונויפגענומען. ער האָט זיך נישט געקענט זאַט אָנקוקן מיט איר.

דאָס שיטערע ווערדל, ווי אַ האַלב־אויסגעקראַכענער קאָפּ, האָט געגעבן ווייניק שאָטן. דער דאָרשט האָט צוגעקלעפּט די צונג צום גומען.

שימען האָט זיך צעבעריעט און אויף גיך אָנגעלייגט אַ פייער. אַ ווינטל האָט צוגעהאָלפן צעבלאָזן דאָס פייער, אַז דאָס וואַסער אין טשייניקל זאָל שנע־לער הייס ווערן.

פראַדל האָט זיך אַ ריר געטון און גענומען דערלאַנגען אַ מאַטע. געזופּט די שוימיק־ביטערלעכע מאַטע און געקעמט זיך די האָר. אַ שווייס האָט אַ זעץ געטון פון פראַדלען און זי האָט זיך אָפּגערופן:

— מען דאַרף זיך בעסער אַ וואַרף טון אין וואַסער אַריין.

— נאָך צו פרי! — האָט די מאַמע געציטערט איבער איר.

בערגער האָט זיך נישט אַריינגעמישט. ער האָט נאָר ווי אינצווישן אַ בלאָז געטון:

— הייס... הייס...

צום מיינסטן האָט פראַדלס מוטער געפּאָכעט אויף זיך. אַ דיקלעכע געווען, אַ שוואַכע.

ביסלעכווייז האָט דאָס שיטערע ווערדל און דער גרודעוואַטער ברעג, כמעט אַלעמען אַריינגעטריבן אין טייך זיך באָדן.

פראַדל מיט בערגערן האָבן איבערגעלאָזט די מאַמען ביי די זאַכן.

— סעניאָר בערגער, — האָט די מאַמע נאָכגעשריגן — איך גיב זי איבער אין אייערע הענט!

פראַדל האָט זיך אויסגעדרייט צו דער מאַמען: „פאַרלאָז זיך!“.

די מאַמע האָט איר צום וויפלטן מאָל אָנגעזאָגט:

— גיי נישט טיף, גיב אַכטונג, די כוואַליעס!

דער טייך האָט דעמאָלט נאָך נישט געכוואַליעט, קוים זיך געפּאַלדעוועט. אַ קליין ווינטעלע האָט געטריבן די אויבערפלאַך פון טייך.

בערגער האָט זיך געטון אַ גלייך־אויס, אויסגעבויגן דעם אייבערשטן האַלבן קערפּער און זיך אַ וואָרף געטון אין וואַסער. ער האָט אַ שטורעם אָנגעמאַכט און אָפּגעשפּריצט פראַדלען פון קאָפּ ביז די פיס.

זי האָט זיך נאָך געפּוילט אַ ביסל, זיך אין גאַנצן איינצונעצן און זי האָט מיט לאַכנדיקע אויגן זיך אָנגעבייזערט אויף אים:

— שוין? איר הייבט שוין אָן?

— שעמט אייך! אַ שווימערין זאָל מורא האָבן פאַר וואַסער?

פראַדל האָט נישט געענטפערט. זי האָט זיך נאָר אַ וואָרף געטון און אַריין אין וואַסער מיט אַזאַ שטורעם ווי ער.

דער טייך האָט זיך דערווייל איבערגעביטן. נישט געווען אים צו דערקענען.

זיין בלאָטע־קאָליר איז פאַרביטן געוואָרן אויף אמתן זילבער. פון די קליינע כוואַליעכלעך זיינען געוואָרן כוואַליעס.

די כוואַליעס האָבן זיך מיט שוים געוואָרפן איינע אויף דער אַנדערער. און איבער די כוואַליעס — פראַדל מיט בערגערן.

צומערסטן איז עס פאַר פראַדלען געווען אַ שיינער שפּיל, אַ רייצנדיקער שפּיל. דערנאָך, ווען זי האָט זיך גענומען דערנענטערן צום שפּיץ, צו די טרעפּ, האָט זי מורא געקראָגן.

— אפשר וואָלטן מיר זיך פאַרנומען אויף צוריק? — האָט זי זיך ביי אים אַ בעט געטון.

נאָר עס האָט זיי געצויגן צו די טרעפּ, צום שפּיץ, נאָענט פון קאַנאַל, וווּ די געפאַר איז גרויס.

וואָס נענטער צו די טרעפּ, האָט ער זיך מער דערנענטערט צו איר, געהאָלפן איר קעמפן קעגן די כוואַליעס.

— געדענקט, סעניאָר בערגער!

— כ׳וועל אייך קריקברענגען אַ גאַנצע, האָב איך אייך געזאָגט.

ס׳האָט געהאַלטן ביי האַלבן טאָג. די זון האָט, אין סאַמע רעכטן ברען, זיך אַ באַהאַלט געטון הינטער אַ וואָלקן. דער וואָלקן איז גיך געוואַקסן, געוואָרן גרעסער, גרעסער און געדיכטער. די כוואַליעס — שטורעמדיקער.

ווער ס׳איז געווען אין טייך, האָט זיך שנעל דערנענטערט צום ברעג און אַרויס.

פראַדל מיט בערגערן זיינען שוין געווען גאָר ווייט, באַלד ביי די טרעפּ. זי האָט מער שוין נישט געקאָנט זיך ווערן קעגן די כוואַליעס. בערגער האָט דאָס דערזען און איר אונטערגעקומען אין צייט.

— בערגער!

— האַלט אייך! פאַרלירט אייך נישט!

נאָך אַ שווים, נאָך אַ שווים און אַ גרויסע כוואַליע האָט זיי ביידן אַ וואָרף צו געטון צו די טרעפּ און אַ שלעפּ־קריק זיי געטון, קריק זיי אַריינגעדרייט.

דער טויט פֿאַר די אויגן.

ווידער האָט אַ כוואַליע זיי אַ וואָרף געטון צו די טרעפּ. בערגער האָט זי אַ כאַפּ־אָן געטון מיטביידע הענט. פֿראַדל איז געווען צו אים ווי צוגעקאָוועט.

בערגער האָט זיך געהאַלטן מיט אַלע זיינע כוחות און די כוואַליע האָט אָפּגעצויגן פֿון די טרעפּ אָן זיי.

בערגער האָט זיך אין דער־אָ צייט אַ כאַפּ־אַרויף געטון אויף אַ טרעפּל העכער, אויף נאָך אַ טרעפּל — אויס געפֿאַר.

פֿראַדל איז שנעל געקומען צו זיך און זיך צעשמייכלט. נאָך געווען אָנגעקלאַמערט אין בערגערן, דעם קאָפּ אויך אַרויפֿגעלייגט אויף אים. די ליפּן צוגעקלעפּט צו זיינע ליפּן. ער האָט זי איינגעאָטעמט אין גאַנצן. די שטיינער פֿון די טרעפּ זיינען וואַרעם געוואָרן. קיינער איז דאָרט דעמאָלט נישט געווען. אַ כוואַליע האָט אַלע מאָל אַ שפּריץ־אַרויף געטון, אַ פּלאַטער געגעבן איבער זיי ווי אַ זיידענע פֿאָרהאַנג.

זיי האָבן נישט באַמערקט, ווי דער ווינט ווערט מילדער און די כוואַליעס שטילער.

ווען זיי האָבן זיך אומגעקוקט, איז די זון שוין געווען אַפּיר פֿון הינטער די וואָלקנס.

— זע נאָר, — האָט פֿראַדל זיך צעשמייכלט.

— קום, שוין צייט אַרויסצושווימען, — האָט בערגער זי היימיש אַ נעם געטון און זיך אַריינגעלאָזט מיט איר אין טייך אַריין.

זיי זיינען געשווומען גלייך אויף אַרויס. מילדע כוואַליעס האָבן זיי באַגלייט ביז צום ברעג.

.1938

# באַשע

ווען באַשע האָט אַראָפּגעשטעלט די פיס פונעם בעט, איז נאָך געווען שטאָק־פינצטער.

זי האָט זיך אַראָפּגעגנבעט אין דער שטיל, אַז די אַלטע מאַמע זאָל נישט דערהערן. נאָר ביים ערשטן באַוועג, וואָס זי האָט געטון אין דער פינצטער. האָט זי אומגעוואָרפן אַ בענקל און די אַלטע מאַמע האָט זיך אויפגעכאַפּט.

— באַשע?

און די מאַמע האָט זי דערזען אין דער פינצטער, ווי זי שטייט אין לאַנגן, ווייסן סטאַן און פאַרגעסן אויף אַ רגע, וואָס עס איז היינט און זיך אַ ביסל דער־שראָקן.

— וואָס עפּעס, באַשע?

— גאָרנישט, מאַמע, גאָרנישט. רייס דיך נישט אַרויס פון שלאָף. ס'איז נאָך צו פרי אויפצושטיין.

דערווייל האָט די מאַמע זיך שוין געהאַט דערמאָנט, וואָס היינט איז.

נישט עפּעס קיין קלייניקייט. אַהרן ריכטער דאַרף היינט קומען. באַלד טאַקע דאַרף די שיף אַריין אין פּאָרט. און אַהרן ריכטער איז פאַר איר באַשען נישט גלאַט אַ חבר. אַז מע וויל, איז ער כמעט ווי איר חתן.

זי האָט שיעור נישט אַ טראַכט געטון: אַז מע וויל, איז ער כמעט ווי איר מאַן.

זי איז געבליבן ליגן, די אַלטע מאַמע. נישט אַנטשלאָפן געוואָרן און נישט געווען וואָך. אין איר האַרץ האָט שוין לאַנג געפּלאַטערט אַ פרייד און אַ שרעק. אַ פרייד, וואָס ער קומט שוין צוריק און אַ שרעק: ווי אַזוי ער קומט צוריק?

זי האָט דאָך געוווסט, ווי אַלץ איז צוגעגאַנגען. אַז מ'האָט אים צוגענומען פון אַ זיצונג, אָפּגעהאַלטן אַ שטיקל צייט און — אַרויסגעשיקט. און אַצינד קומט ער צוריק. נישט חבר בעניע, נאָר אַהרן ריכטער. איר באַשע האָט גענוג מיט איר איינגעקנעלט, אַז זי זאָל זיך נישט פאַרגעסן, זי זאָל זיך נישט טועה זיין.

נאָך אַלעמען איז באַשע נישט געווען זיכער, צי מע מעג זיך אויף דער מאַ־מען פאַרלאָזן. אַזאַ צייט געוווינט געווען צו רופן אים „בעניע" און פּלוצים — „אַהרן".

דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן שפּעטער ווי געוויינטלעך. מ׳האָט אים נישט באַלד אַרויסגעזען. זיין פּנים איז געווען פאַרהאַנגען מיט אַ געדיכטער כמאַרע. גלייך ווי איינער וואָס איז פאַרוויקלט מיט אַ שאַל, מע זעט אים קוים אַן אויג אַרויס.

באַשע איז געשטאַנען אין לאַנגן, ווייסן סטאַן, אַריבערגעבויגן איבער אַ פּייערקע און צעבלאָזן אַ קויל. זי האָט זיך איבערגעגעסן מיט רויך און אירע מאַ־סיווע באַקן זיינען צעפלאַמט געוואָרן, זי האָט זיך אויסגעגלייכט, אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם.

מיטביידע הענט אונטערגעשפּאַרט זיך די אַראָפּגעהאַנגענע, איבערגעיוירענע בריסטן און זיך געגערט מיט דער פרייד. וואָס באַלד וועט בעניע — אַהרן, הייסט עס — שוין זיין לעבן איר.

מיט איר אויסזען האָט זי דעמאָלט דערמאָנט אין אַ מאַמען, וואָס די מילך ווערט ביי איר שיעור נישט איבערגעברענט און אין איר צוקט די פרייד וואָס אָט־אָט וועט זיך אויפכאַפּן דאָס פּיצעלע אין וויגל.

דער טאָג האָט באַשען אַ קוק געטון אין די אויגן אַריין און זי האָט זיך עפּעס ווי פאַרשעמט. זי האָט זיך געוואָלט צוריק אָנבייגן צו דער פּייערקע, האָט זי דערפילט דאַרע פינגער אויף די אויגן. די אַלטע מאַמע אירע האָט זיך אַראָפּגע־גנבעט פון געלעגער און זיך מיט איר אַזאַ שפּיל געטון. ווי אַ חברטע אַמאָל:

— טרעף, ווער ס׳איז?!

די מאַמע האָט זי אַרומגענומען, זי באַשמעקט פון אַלע זייטן און באַהויכט, ווי די ערד איר צייטיקע פלאַנץ.

— כ׳קען נישט טרעפן, מאַמע...

— נעם, באַשע, טו זיך שוין אָן — האָט זי איר אַ פּעטשל געגעבן — ער דאַרף דאָך אָט־אָט שוין אָנקומען. נישט אַזוי? ווען קומט אַריין די שיף? נישט אַ זייגער זיבן?

— יאָ. אָבער אַראָפּלאָזן לאָזט מען אַראָפּ שפּעטער און — מיט איבּ איז נאָך אַ ביסל אַנדערש...

באַשע האָט זיך גענומען אָנטאָן און צוראַמען אַ ביסל דאָס צימערל דאָרט. זי האָט אַגב שוין נישט פאַרפעלט אַלע ווײַלע אַ בליק צו טון אויפן זייגער.

לויט זי האָט אויסגערעכנט, דאַרף ער אָנקומען צווישן ניין און האַלב צען. נאָר דער זייגער, האָט איר אויסגעוויזן, שלעפּט זיך עפּעס, ווי אויף מאָרגן.

וואָס זי האָט שוין אַלץ נישט אָפּגעטאָן איבער דער־אָ צייט און ס׳איז נאָך אַלץ נישט אַ זייגער ניין.

ווו איז זי שוין אַלץ נישט אויסגעווען איבער דער־אָ צייט! אַפילו אין גאַ־ליציע, אין דעם קליינעם שטעטל היוואניוו, ווו זי איז געבוירן געוואָרן אין נויט און זיך געצויגן אין נויט.

געזעסן מיט דער מאַמען און געפּליקט די פּעדערן פון יענעמס גענדז. געגאַנגען נאַקעט און באָרוועס. אין די פּראָסטיקע ווינטער־נעכט אָפּגעטראָגן זיי אַ היים, דער בכבודיקע באַלעבאָסטע. אַ וואַרעמקייט האָט זי אַרומגענומען דאָרט, אין רייכן הויז. די סלינע האָט זי דערפילט אין מויל פון אויסגעלאָזטע גריוון.

די באַלעבאָסטע איז געווען אַ גוטע און האָט איר געגעבן עטלעכע צו פאַרזוכן. פון די גענדז, וואָס זי האָט אַ צ י נ ד געבראַכט, וועט זי איר אויך געבן, האָט זי געזאָגט.

דער באַלעבאָסטעס בן־יחידל איז אויך געווען אַ גוטער. ער האָט זי אַרויסבאַגלייט מיט אַ לאַמטערנדל. זי זאָל זען אַריבערצוגיין דעם פּלויט, זי זאָל זיך נישט פאַרטשעפּען דאָס קליידל. ער האָט איר מיטגעגעבן אַ זיסן קנייפּ אויפן וועג, פון דעסטוועגן האָט זי אים דעמאָלט פאַרפאָרן אין דער באַק אַריין.

ער איז געבליבן שטיין און נישט געוווסט, וואָס אויף אים איז געפאַלן. און ווען זי איז שוין געשטאַנען אויף דער אַנדערער זייט פּלויט, האָט זי צו אים אַ מאַך געטון, אַז ער געפעלט איר דווקא יאָ פאַר אַ פאַצעט, נאָר וואָס הייסט עפּעס שטופּן די הענט ווי צו זיך אין קעשענע און ביי איר גאָרנישט קיין פרעג טון — אפשר וויל זי גאָר אַ קוש, נישט קיין קנייפּ?

מער האָט זי מיט אים זיך שוין נישט געטראָפן. דער נאָך איז זי שוין אין גאַנצן דאָרט, אין שטעטל, פאַרבליבן אַ קורצע צייט. דער טאַטע אירער האָט זי מיט דער מאַמען אַרויסגענומען דעמאָלט קיין אַרגענטינע.

זי איז נאָך קיין פערצן יאָר נישט אַלט געווען. זי האָט געמיינט, אַז סע עפנט זיך שוין פאַר איר אַ וועלט פון סאַמע גליקן. און געעפנט האָט זיך פאַר איר אַ נייע וועלט פון נייע צרות.

***

איר טאַטן האָט זי געטראָפן אַן אויסגעמוטשעטן, אַ קראַנקן. זי מיט דער מאַמען האָבן ווידער געמוזט ווערן די שפּייזערס פון הויזגעזינד.

די ערשטע צייט איז זי געווען אַ דינסט, דער נאָך איז זי אַריין אַרבעטן אין אַ פאַבריק — אַ שטריקערן געוואָרן — בייטאָג געאַרבעט, ביינאַכט באַדינט דעם קראַנקן טאַטן. אַזוי זי, אַזוי די מאַמע.

און לאַנג האָט נישט געדויערט, איז זי אַליין שוין געוואָרן די גאַנצע פּרנסה־געבערן. די מאַמע איז פאַר דער צייט אַלט און שוואַך געוואָרן, און מער ווי אַן אַלטע מאַמע האָט זי שוין דעמאָלט נישט פאַרמאָגט.

גיך האָט זי געהאַלטן ביי די רייפע יאָרן און יינגלעך פלעגן איר נאָך פון ווען נאָכגיין און נישט קאַרגן איר קאָמפּלימענטן, און נישט איין מאָל אויך אַ גראָבן אַריינזאָג.

האָט זי זיך איין מאָל אַזוי געדרייט אין דרויסן פאַר דער פאַבריק — ס׳איז

געווען אַ שטרייק אין פאַך — מ׳האָט געהיטן, אַז שטרייקברעכערס זאָלן נישט אַריינגיין אַרבעטן. הערט זי ווי עמיצער גייט איר נאָך פון הינטן און רעדט. צום ערשטן זיסע קאָמפּלימענטן, דער נאָך גראָבע רייד. ווערט זי אין כעס און דרייט זיך אויס צו אים מיט אַ פויסט, צו פאַרפאָרן אים אַזוי ווי זי קען.

זי כאַפּט זיך אָבער, אַז איצט מוז זי זיין פאָרזיכטיק און לאָזט אַראָפּ די פויסט. אין דעם איז זי געבליבן שטיין אויסער זיך: ווערמען זעט זי? זי האָט אים גלייך דערקענט.

ס׳איז ער. טאַקע ער!

ער — האָט זי אין ערשטן אויגנבליק נישט דערקענט, נאָר באַלד האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון און זיך ווי פאַרלוירן.

— בעניע פון היוניאָן? — האָט זי אַ קוויטש געטון — סעניאָר האַלבער־שטאַם?

ער איז געקומען צו זיך און אַ שמייכל געטון:

— נאָר איין מאָל פּאַטשט מען...

זי האָט זיך דערמאָנט, וואָס זי האָט אַמאָל געהאַט מיט אים און געוואָלט עס איבערמישן:

— וואָס טוט איר דאָ?

— מ׳טוט.

— כ׳מיין דאָ־אָ, אויף דעם אָרט?

— כ׳בין געשיקט פון סינדיקאַט, נישט צו לאָזן אַריינגיין קיין שטרייק־ברעכערס.

— וואָ־אָ־אָס!? — האָט באַשע נישט געקענט גלייבן אירע אייגענע אויערן — אי־י־יר? בעניע רב שלומקע האַלבערשטאַמס?

— אַזוי איז עס.

— ווי אַזוי?

...זי האָט אים גערופן צו זיך אַהיים און ער האָט איר צוגעזאָגט, אַז פון היינט־אָן וועט ער זי שוין פרעגן צי זי וויל אַ קניפּ, צי אַ קוש.

ער איז געוואָרן כמעט ווי איר חתן.

— כמעט ווי אַ מאַן — האָט זי אַליין שיעור נישט אויף די ליפּן אַרויסגע־בראַכט.

זי האָט אַ ציטער געטון מיטן גאַנצן לייב — זי האָט זיך דערמאָנט. ווי מ׳האָט אים אַרויסגעשיקט. און זי האָט אַ שטראַל־אויף געטון — אָט קומט ער דאָך צוריק.

זי האָט אַ קוק געטון אויפן זייגער און דערזען, אַז ס׳איז שוין נאָך צען און ער איז נאָך נישטאָ און איז זייער אומרויִק געוואָרן.

די אַלטע מאַמע האָט איר געוואָלט גרינג מאַכן ס׳געמיט און גענומען אַלץ אויסלייגן צום גוטן, אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. דער זייגער האָט זיך גערוקט און זי איז אַלץ מער אומרויִקער געוואָרן.

באַשע האָט שוין נישט געוווּסט, וואָס זי זאָל איבערקלערן:

אפשר איז מיט אים עפּעס געשען? אפשר איז קאַליע געוואָרן דער גאַנצער פּלאַן? און אפשר — ווער ווייסט — מעגלעך אַז ס׳איז אמת, וואָס מ׳האָט גע־זאָגט. אַז ער האָט זיך דאָרט אָפּגעקליבן אַן אַנדערע חברטע. און אפשר איז ער געקומען אַהער מיט איר און וויל זיך אין גאַנצן נישט ווייזן?

באַשע האָט נישט געקענט מער איינזיצן אין שטוב. זי איז אַרויס אין גאַס אַ שמעק טון.

מיט דריבנע טריט האָט זי געמאָסטן דעם טראָטואַר, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן געוואָלט עפּעס אויפנעמען.

עס האָט שוין געהאַלטן ביי מיטיקצייט און אירע אויערן האָבן קיין שום סוד נישט אויפגענומען. די גאַס האָט נאָר גערוישט און געטומלט. דאָס גערודער, דאָס געקראַכעריי פון מענטשן און פערד, פון טראַמווייען, אָמניבוסן, קאָלעקטי־ווען האָט געשטאָלפּערט אַז זי איז געבליבן שטיין און נישט געוווּסט, וואָס זי זאָל טאָן.

און אַזוי־אָ געבליבן שטיין, און פּלוצים האָט זי דערהערט, ווי עמעצער גיט אַ רוף — „באַשע!״ זי קוקט זיך אום — בעניע.

ער האָט אויסגעזען אַ ביסל אַנדערש, פאַרוואַקסן, פאַרענדערט.

זי איז געבליבן אָפּהענטיק. ער האָט זי אָנגענומען און זיך געלאָזט גיין צו איר אַהיים.

אויפן גאַנצן וועג האָט זי מיט אים גאָרנישט גערעדט, נאָר פאַרן אויפעפע־נען די טיר אַריינצוגיין אין שטוב, האָט זי זיך צו אים אַ שטעל געטון — ווי דעמאָלט אין זייער שטעטעלע, אויף יענער זייט פלויט — און זי האָט אים אַ פרעג געטון צי ס׳איז אמת וואָס מ׳האָט דאָ געזאָגט.

— וואָס אַרט דיך, וואָס מע זאָגט?

— זאָג, צי ס׳איז אמת!

— צי וואָס?

— צי אַהרן איז דער זעלבער, וואָס בעניע.

ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך, איר אַן אויסגעהונגערטן קוש געטון — דאָס איז געווען זיין ענטפער.

באַשע האָט געעפנט די טיר און אים געהייסן אַריינגיין.

1937.

# קרובים

נפתלי ריכטערס שטוב איז געגאַנגען אויף רעדלעך. מ׳האָט זיך גענומען צונויפטראָגן דאָס מעבל, אַלע שטובזאַכן, פוןביידע צימערן — אין איין צימער אַריין.

ברײנע, נפתליס ווייב, האָט שווער געהאָרעוועט, זיך אָנגעשטרענגט איבער אירע כוחות, געוואָלט ווייזן, אַז זי טוט דאָס מיטן גאַנצן האַרצן.

אויף זייערע קינדער, אויף אסתרן מיט שמוליקן, איז געווען אַ גדולה. מ׳ציט זיך און מע ציט זיך נישט.

זייער צימערל איז אויפגעריכט געוואָרן. פריִער איז דאָרט געשטאַנען נאָר אַ סאָפע און אַ צונויפגעלייקט בעטל, וואָס האָט בייטאָג געדינט פאַר אַ טישל. איצט האָט מען דאָרט אָנגעשטעלט איינס אויף דאָס אַנדערע.

אסתר האָט געהאַלטן אין איין שרייען:

— סע קען נאָך אַריין! סע קען נאָך אַריין!

שמוליק האָט איר צוגעהאָלפן:

— נאָך! נאָך!

די קינדער האָבן געטומלט, געשלעפּט, געטראָגן, פאַרטשעפּעט, צעבראָכן און געליאַרעמט. זיי האָבן זייער פרייד נישט באַהאַלטן.

נפתלי ריכטער האָט געהאַט אַ טאָפּלטע פרייד. אי ער גייט העלפן פליטים נעבעך — ער נעמט זיי אַריין צו זיך אין שטוב אַריין — און (צום אמת געזאָגט) אי אַ שיינע בלאָנדינקע וועט אים שטיין פאַר די אויגן.

זיין פאַנטאַזיע האָט אים אַ הייב געטון פון אָרט, און אים אַ ווייז געטון אַ שפּיל, אַן אַוואַנטורע.

ער האָט שיר נישט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט אַ שווערן פּאַק, וואָס ער האָט געטראָגן מיט זיין ברײנען. קוים וואָס ער האָט אים דערכאַפּט.

דערפילט, ווי ברײנע קוקט אויף אים מיט חשד, האָט ער אין מיטן דערריינען אַ זיפץ געטון:

— אַ, אַ צייט דערלעבט! מע וואַרפט זיך מיט אונדז, ווי מיט פּילקעס!

ברײנע האָט אים צוגעהאָלפן מיט אַ זיפץ:

— אוי, אַ ווייטיק איז מיר, אַ גוטע צייט געקומען אויף אונדז יידן!

דאָ האָט זי שוין אויפגעמישט דאָס גאַנצע בלעטל — יידן אין דייטש־

לאַנד — מאָרדן און גזילה און איז אַרויפגעקומען אויף די פּליטים. — אַז אָך און ווײ, דאָ זיינען זיי שוין די גליקלעכע. דאַרפן נעכטיקן אונטער אַ פרעמדן דאַך. לעבן אויפן חסד פון אַ מענטשן....

זי האָט זיך בעת־מעשה אַ כאַפּ־אויף געטון מיט אַ המצאה, אַז ס׳וואָלט גלייכער געווען דאָס צימער, וואָס זיי ליידיקן אָפּ, צו פאַרדינגען ווען ס׳איז און דאָס דאָזיקע געלט לייען די פּליכטלינגע. זאָלן זיי זיך וווינען ווו זיי ווילן. זאָלן זיי נישט פילן דאָס זיצן ביי אַ פרעמדן טיש.

נפתלי האָט געענטפערט ווי אין אַ פאַרלעגנהייט:

— אָבער... זיי דאַרפן דאָך שוין באַלד קומען, זיי וואַרטן, אַז מיר זאָלן זיי קומען נעמען.

ברײנע האָט זיך אַ כאַפּ געטון ביים האַרץ. ס׳האָט איר אויסגעפעלט לופט.

נפתלי האָט אין דערגיך געעפנט טיר און פענצטער, דער בוענאָס־איירע־סער פרילינג זאָל אַריינבלאָזן אַ ביסל פרישקייט.

אסתר האָט זיך דערשראָקן פאַר דער מאַמען. שוין אַ צייט, אַז זי פילט זיך שלעכט. דער דאָקטער זאָגט, זי טאָר זיך נישט נעמען צום האַרצן.

טענהט ברײנע, אַז דאָס זיינען די גרויסע צרות אירע. מישפּחה אין דייטשלאַנד, אין ווין, אין פוילן. אַפילו אסתר ווייסט שוין דאָס אַלץ אויסצורעכענען. נאָר שמוליקן גייט עס נישט אין קאָפּ אַריין.

הערן הערט ער יאָ, נאָר ער פאַרגעסט עס באַלד, אָדער ער ווייסט נישט פון וואָס מ׳רעדט. דעמאָלט האָט ער טאַקע גאָרנישט זיך צוגעהערט. אַפילו נישט קיין קוק געטון צו דער מאַמען, ווי ס׳איז איר אַזוי שלעכט געוואָרן.

ער איז געווען זייער פאַרטאָן, שמוליק. ער איז געווען פאַרנומען מיטן צו־נויפרוקן די זאַכן, זיין צימערל איז געווען צו־קליין פאַר אַלץ, וואָס מ׳האָט אַהין אָנגעטראָגן.

פון קיך האָט זיך אַ טראָג געטון אַ געשמאַקער ריח פונעם עסן. דאָס מיטיק איז שוין באַלד געווען פאַרטיק.

ברײנע איז אַ ביסל געקומען צו זיך און איז אַריין אין קיך.

דער זייגער האָט אויסגעקלונגען עלף. נפתלי האָט אַ קוק געטון אויפן זייגער, דערנאָך אויף ברײנען. ס׳איז געווען אַ קוק, ווי ער וואָלט איר געזאָגט:

— מען דאַרף שוין גיין זיי רופן.

ברײנע איז געגאַנגען אַרויפנעמען אויף זיך אַ קליידל, האָט עס אָבער ביי איר געדויערט אַ יאָר.

די פּליטים דערוויל האָבן זיך אַריינגעצויגן צו איר אין שטוב אַריין מיט האַק און פּאַק.

אַ סך זאַכן האָבן זיי מיט זיך נישט געבראַכט. בלויז צוויי רענצלעך, וואָס זיי האָבן געקענט כאַפּן מיט זיך.

דאָס צימער, וואָס מ׳האָט זיי איבערגעגעבן, איז פאַר זיי געווען גענוג. אַ פאָרפאָלק מיט איין קינד און מעבל — אַ בעט, אַ טישל מיט אַ בענקל.

אַ גאַנצן טאָג איז אין שטוב געבליבן נאָר די פרוי מיטן קינד. דער מאַן אירער איז אַרויס זוכן אַרבעט. ער האָט געזוכט און נפתלי האָט פאַר אים געזוכט און ס׳האָט זיך נישט געמאַכט.

נפתלי איז געקומען פון גאַס און אַריין צו די פליכטלינגע, געזאָגט דעם ווייבל, אַז עפּעס ווייזט זיך אים אויס, האָט ער שוין פאַר אים, פאַר איר מאַן, הייסט עס.

דאָס ווייבל האָט אויפגעשיינט און אויפן קול גענומען אים דאַנקען:

— דאַנקע שעין, הער ריכטער, דאַנקע זער!

ברײַנע איז פאַרבייגעגאַן, אָפּגעשטעלט זיך הינטער דער טיר און איז גיך אַוועק צו זיך אין צימער אַריין. דאָס ווייבל קען זי נאָך דערזען און מיינען, אַז זי גייט אַלעמאָל זיך אונטערהערן. נפתלי קען נאָך אַרויסקומען און זי דערזען. סע שטייט איר נאָך נישט אָן אים נאָכצוקריכן.

אָבער וואָס האָט דאָס ווייבל אים געזאָגט „הער״? זיי זיינען דאָך קרובים, זאָגט ער. וואָס עפּעס ה ע ר ? וואָס פאַר אַן אָנשטעל איז דאָס!

און זי האָט געקוקט מיט פאַרדאַכט, וואָס דער מאַן ווערט פאַרפאַלן דאָרט, אינעווייניק. האַ, וואָס איז דאָס? — האָט זי געשטוינט. אַוודאי איז נישט קיין פלאַן מיר זאָלן זיך קווענקלען.

— אָ, ווי זיי קווענקלן זיך, — האָט ברײַנע ענדלעך אַרויסגעבראַכט איר דריקנדיק טראַכטן.

**
*

ברײַנע איז געשטאַנען ביים שפּיגל, אַרויסגעוואָרפן אויף זיך אַ קליידל, האָט זי דערהערט אַ געוואַלד פון איר שמוליקן. ער וויל נישט בלייבן אין דער היים, — האָט ער געשריגן אויף אַ קול. — ער וויל אויך מיטגיין.

דאָס האָט אסתר אים אַזוי אָנגערעדט, כדי זי זאָל נישט דאַרפן בלייבן מיט אים און אים היטן.

נפתלי האָט זיך געדרייט הינטער דער טיר און אַלע מאָל אַ קוק אַריין געטון צו ברײַנען, ווי סע געדויערט ביי איר אַזוי לאַנג אַ קליידל אָנצוטאָן.

שמוליק האָט נישט אויפגעהערט צו געוואַלדעווען, אַז ער וויל אויך מיטגיין. מיט אַ מאָל איז נפתלי אַריינגעקומען, אַ זאָג טון ברײַנען אַז סע געפעלט אים איר פלאַז, וואָס זי האָט פריִער פאַרטראַכט.

ער האָט אויך, אַז ס׳איז גלייכער דאָס צימער צו פאַרדינגען ווען

ס׳איז און דאָס דאָזיקע געלט לייען די פּליכטלינגע און זאָלן זיי זיך ווּינען, ווו זיי וועלן וועלן.

— דאַנקע שעין, הער ריכטער, דאַנקע זער! — האָט ברײנע אים קיילעכ־דיק אַזוי געענטפערט.

גפּתלי האָט אַרויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— וואָס עפּעס פּלוצים אַזאַ ענטפער?

ברײנע האָט אים גאָר נישט געענטפערט. זי האָט נאָר אַ מאַך געטון צו שמוליקן, אַז ער זאָל שטיל זיין, מ׳וועט אים מיטנעמען.

שמוליק איז שטיל געוואָרן אויפן אָרט. אסתר האָט געהאָלפן אים אָנטאָן, סע זאָל צוגיין וואָס גיכער. שוין באַלד צוועלף אַ זייגער. די פּליטים וואַרטן דאָרט, קוקן שוין אַרויס.

.1938

# הינטער בוענאָס־איירעס

אַ זייגער פינף בייטאָג, אַ שעה פאַר זון־אונטערגאַנג, האָט הינטער בוענאָס איירעס זיך שוין אָנגעהויבן אויסשפּרייטן די רויִקייט פון פאַרנאַכט.

דאָס שטעטל האָט זיך גענומען פּוצן אין פרילינג.

יונגוואַרג האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצורוקן פון די שטיבער. מיידלעך אויף די טירן, יינגלעך אויף די טראָטואַרן. אַ בליק, אַ שמייכל, אַ פלירט און זונענ־שטראַלן האָבן זיך גענומען געזעגענען: קושן פנימער, קושןביימער, שטיבער.

צו רעגינע פּינקעלס שטוב האָט זיך דער זון־קוש נישט צוגעקלעפּט. רעגי־נע פּינקעלס שטוב איז געשטאַנען מיט אָפענע טיר און פענצטער און אויסגעזען, ווי זי וואָלט געוווען הינטער פאַרהאַקטע טיר און לאָדן.

רעגינע פּינקעל איז געשטאַנען ביי דער ביבליאָטעק און זיך געפּאָרעט צווישן די ביכער.

אין מיטן זוכן האָט זי הינטערוויילעכץ געכאַפּט אַ בליק, וואָס איר מוטער טוט. די אַלטע איז געזעסן און געשטיקט אַ טישטעכל, אַריינגעטון די אויגן און נישט קיין הויכן סאַפּע געטון.

שטיל איז געווען אין צימער, שטיל און שווער.

רעגינע האָט אַ מאָל ליב געהאַט די שטילקייט. אַלצדינג האָט זי ליב גע־האַט. דאָס גערויש און די שטילקייט, דאָס שטורעמען פון די כוואַליעס און די ווייכקייט פון זונזעצן. אַמאָל האָט זי אין גערויש געפילט דעם ריטעם פון לעבן, און אין דער שטילקייט — דאָס געזאַנג פון דער נשמה.

אַמאָל — זי איז ערשט אין גאַנצן צוויי און צוואַנציק יאָר אַלט און שוין האָט זי אַ ווייטן „אַמאָל". אַ מענטש מיט אַ פאַרגאַנגענהייט.

זי האָט אַ פיר געטון מיט דער האַנט איבער די אויגן, ווי מע שאַרט אַוועק אַ שלייער, און זיך ווידער אַריינגעטון מיטן בליק צווישן די ביכער. עפּעס גע־זוכט.

די שטילקייט פון צימער האָט, ווי אַ משא זיך געלייגט אויף איר. און אין מיטן פון איר שווייגן האָט זי, ווי פון שלאָף, אַ וואַך־אויף געטון.

— מוטער! — האָט זי שוואַך אַ רוף געטון אויף דייטש. — איסט דאָס סידער פאָן דער גראָסמוטער? — און געקוקט אין דערוואַרטונג.

— יאָ? — האָט זי באַלד איבערגעפרעגט.

— יאַ, ביטע.

די מוטער האָט זיך גאָר דערפרייט מיט „דען סידער”. זי האָט שוין גע־מיינט, אַז ער איז פאַרלוירן געגאַנגען. ווען זיי זיינען אַנטלאָפן פון בערלין ווי־פון אַ גיהנום, האָט זי עס מיטגענומען. דערנאָך האָט זי אים שוין עטלעכע מאָל געזוכט און נישט געפונען.

איצט דאַרף מען דאָך אים טאַקע האָבן, — האָט רעגינעס מוטער גע־טראַכט. — רעגינע הייבט דאָך אָן צו לערנען יידיש. באַלד וועט אַוודאי קומען דער יידישער לערער.

רעגינעס מוטער האָט נאָך אַנומלט געזאָגט, אַז מ׳דאַרף מיט רעגינען לער־נען יידיש.

— שוין, — האָט זי געטענהט — אַרויס פון דאָרט, זאָל זיין אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל.

רעגינעס פאָטער האָט אויך צוגעגעבן:

— אין גאַס, —האָט ער אויף זיין שטייגער דערקלערט, — קענען בלאָזן פאַרשיידענע ווינטן, אין שטוב אָבער — נאָר יידיש.

רעגינע האָט אויסגעזען ווי אַ גוטע כלה, וואָס טוט אַלץ צוליב, נישט ווייל זי וויל צוליב־טון, נאָר ווייל עס געפעלט איר.

זי האָט געקראָגן אַרבעט, אין אַ שפּיטאָל, אויף אַ האַלבן טאָג דערווייל. דער פאָטער — ביי בוי־אַרבעט און די מוטער האַלט צוויי עסערס. זיי דאַרפן האָבן, זיי מוזן נאָך עמעצן אַרויסראַטעווען פונעם גיהנום.

קיין יידיש האָט רעגינע דערווייל נישט געלערנט, עס האָט זיך עפּעס נישט געלאָזט דאָס דורכפירן. און נעכטן האָט דער פאָטער אירער דערזען אין בלאַט אַן אַנאָנס, אַז אַ יונגער מאַן, נאָר־וואָס געקומען פון דייטשלאַנד, גיט לעקציעס פון יידיש און העברעיש.

דער טאַטע האָט געהייסן רופן דעם יונגנמאַן. דעמאָלט האָט די מאַמע גע־הייסן אויסזוכן דער באַבעס סידור.

זי האָט געמיינט, אַז ער איז שוין פאַרלוירן געגאַנגען, איצט האָט זי אים ווידער. זי האָט אים געהאַלטן מיטביידע הענט און טרערן האָבן זיך איר גע־שטעלט אין די אויגן.

רעגינע האָט אַזוי געקוקט אויף דער מוטער, ווי זי האַלט אַזוי דעם סידור און האָט אויסגעזען ווייט, ווייט, פאַרטראָגן ערגעץ.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג און רעגינע מיט דער מוטער האָבן זיך אַ כאַפּ־אויף געטון מיט פּלוצלינגקייט.

איינגעהערט זיך אינעם קלונג, האָט רעגינע געקוקט מיט צוויי גרויסע ווייסלעך, און דער מוטער האָט געפּאַקט אַ שלוקערץ, נישט אָפּצואָטעמען. דעם־

אַ שלוקערץ האָט זי אָפּגעשפּאָרט פון אַ דערשרעק, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין בערלין, ווען די נאַציס זענען זיי איבערגעפאַלן אין אַ מיטן דער נאַכט.

ס׳האָט זיך דערהערט נאָך אַ קלונג. ערשט האָט רעגינע זיך געלאָזט אַרויס־גיין זען, ווער דאָס איז, און די מוטער האָט נישט אויפגעהערט צו שלוקערצן.

קריקגעקומען איז רעגינע מיט אַ יונגן מאַן — דער ייִדישער לערער.

ווי אויף דער ערשטער מינוט האָבן זיי זיך איבערגעקוקט מיט אומצוטרוי. דערנאָך האָט די מוטער דעם יונגנמאַן סתּם אַזוי אַ פרעג־איבער געטון, צי ער איז עס טאַקע דער ייִדישער לערער פון בלאַט, פון דעם אַנאָנס אין בלאַט. ער האָט געענטפערט ייִדישלעך, אַז יאָ און מ׳האָט שוין אָנגעהויבן צו ריידן.

זי האָט אים געזאָגט, רעגינעס מוטער, אַז זי מיטן מאַן ריידן ייִדיש, נאָר די טאָכטער קען נישט קיין ייִדיש, פאַרשטייט נישט אַפילו.

די פרוי האָט אַן עפן געטון דעם סידור, וואָס זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין האַנט, קריק אים פאַרמאַכט און דערלאַנגט דעם לערער מיט אַ מינע, גלייך ווי זי וואָלט געזאָגט:

— פאַר מיין קינדס וועגן.

דער לערער האָט דעם סידור גענומען אין האַנט אַריין, געעפנט אים, פאַר־מאַכט און אים אַנידערגעלייגט אויפן טיש.

— דאָס... — האָט ער אָנגעהויבן עפּעס זאָגן און נישט דערזאָגט.

דערנאָך האָט דער לערער זיך איידל געווענדט צו דער פרוי:

— איך וועל לערנען מיט אייער געשעצטער טאָכטער היינטיק ייִדיש, איאָ, גנעדיקע פרוי?

— ביטע, ביטע.

אויך רעגינע האָט פון העפלעכקייט וועגן אַ זאָג געטון:

— ביטע!

דער לערער האָט דערנאָך זיך געווענדט צו רעגינען אויף דייטש, געגעבן איר אַ שטיקל דערקלערונג וועגן היינטיקן ייִדיש. — עס איסט עטוואָס אַנדערס, — האָט ער פאַרענדיקט.

— וווּנדערבאַר! — האָט זי אויסגערופן. — ביטע, דאַנקע...

דערויף איז אָנגעקומען רעגינעס פאָטער. דערזען אַ פרעמדן מענטש, האָט ער פון זיך אַ וואָרף־אַראָפּ געטון די מידקייט. גענומען זיך באַקענען, אויס־פרעגן. מסכּים געווען מיט דעם אופן פון לערנען.

— ווי דען! — האָט ער אויסגערופן. און ער האָט אַן אָטעם געטון מיט היימישקייט.

דערנאָך זיינען זיי אַלע אַרויסגעגאַנגען פאַר דער טיר, ווייזן דעם לערער, ווי שיין דאָ איז.

די לעצטע זונענשטראַלן האָבן זיך שוין געהאַלטן אין געזעגענען, קושן פּני־מער, קושןביימער, שטיבער.

די זון האָט זיך געזעצט אַ קיילעכדיקע, אַ שיינע.

— מאָרגן וועט זיין אַ שיינער טאָג, האַ? וואָס זאָגט איר? — האָט רעגינעס פאָטער אַ מאַך געטון צום לערער.

— אַ שיינער טאָג! — האָט דער לערער נאָכגעזאָגט. און רעגינע האָט טרויעריק צוגעשמייכלט.

1938.

# שבת־ליכט

די זון האָט, ביים אַראָפּלאָזן זיך, געוומען זיך שלייערן מיט רויטע ליילע־כער. רעגינע האָט אַ לאָז־אַראָפּ געטון דאָס פּאַרטרויערטע פּנים. דאָס לינקע אויג האָט איר גענומען צוקן, אויף אַרויסצושפּרינגען.

זי האָט זיך דערמאָנט, אַז אין דער היים, אין פראַנקפורט, אין זייער זומער־וווינונג אויסער דער שטאָט, אַז די זון פלעגט אונטערגיין אַזוי רויט, פלעגן די קינדער ציטערן פאַר שרעק. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז דאָס שטראָפט מען די רשעים אין הימל.

— ווירקלעך, פאָטער? — האָט רעגינע נישט איין מאָל געפּרעגט.

— אַז מוטער זאָגט...

און ווען דער שבת־קודש קומט, האָט די מאַמע איר געזאָגט, לאָזט מען די רשעים אין גן־עדן אַריין. שבת דאַרפן אַלע האָבן רו.

נאָר זי, רעגינע, האָט אויך שבת נישט קיין רו. זי מוז אַוודאי — האָט זי אַ טיפן זיפץ געטון — אַזאַ רשע זיין, אַז אויך שבת לאָזט מען זי פון גיהנום נישט אַרויס.

זי האָט זיך אַרויסגעצויגן דריי סטאַנציעס פון בוענאָס איירעס און ווייט איז זי פון ייִדיש לעבן.

אפשר קער זי זיך טאַקע נישט אָן מיט דעם? אפשר איז זי נאָך ייִדנס אַ שונא?

— מיין גאָט! — איז איר דורכגעלאָפן אַ דראָזש איבערן לייב.

וואָס־זשע גייט זי נאָך ליכט־בענטשן? אפשר איז עס גאָר אַ קרבן צו דער עבודה זרה?

די זון איז אַרויס פון אַ שטיק רויטן הימל און אַריין אין אַ שטיק בלויען הימל און אַ שטיקל ווייסע כמאַרע, האָט איר דורכגעוועבט אין דערמיט.

רעגינע האָט אויפגעהויבן איר פאַרטרויערט פּנים, דערזען, אַז סע האַלט שוין פאַר זונזעצן, איז זי אַריין ליכט בענטשן.

אַ קליין הייפל פון פיר צימערן און אַ קיך, איז געווען איר דירה. אַ שלאָף־צימער, אַ גאַסט־צימער, אַ צימערל פאַר איר ליכט־בענטשן — פאַר אירע ייִדיש־קייטן — און אַ צימער פאַר איר רודאָלפן, וווּ זי האָט נישט געטאָרט אַריינקו־מען. און זי האָט מורא געהאַט אַריינצוקומען, אַ חוץ אָרדענונג מאַכן.

רודאָלף שולצע, דער מאַן אירער, האָט עס איר נישט פאַרזאָגט, נאָר אַזוי האָט זי עס דערפילט.

דאָס ערשטע מאָל, ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען פון שטוב און זיין צימער צוגעשלאָסן, האָט זי אים אַ פרעג געטון:

— וואָס פאַרשליסטו עפּעס רודי? — אַזוי האָט זי רודאָלפן פאַרצויגן.

ער האָט געמאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט פאַרגעסן וואָס ער טוט. און צוריק אויפגעשלאָסן. אָבער ער איז שוין געבליבן אין שטוב, נישט אַוועקגעגאַנגען.

אויפן אַנדערן טאָג, ווען ער איז אַרויס פון צימער און עס ווידער פאַר־שלאָסן, האָט זי אים שוין מער נישט געפרעגט פאַרוואָס ער פאַרשליסט.

אַ קורץ שטיקל צייט, אַז זי וווינט אין דעם־אָ הייפל, צוויי וואָכן אין גאַנצן, און זי פילט זיך ווי אויף אַ פייער־שפייענדיקן באַרג.

אומהיימלעך קוקן אויף איר די ווענט פון די צימערן, אַלץ אין די צימערן, דאָס גאַנצע הייפל.

זי ווייסט נישט נאָך וואָס זי האָט אין גאַנצן באַדאַרפט דינגען דאָס הייפל. אין איינעם אַן אויפדערנאַכט, מיר־נישט דיר־נישט, איז איר רודי געקומען צו גיין מיט אַ נייעס, אַז ער האָט געדונגען אַ ניי הייפל, זיי וועלן זיך איבערציען.

— וואָס עפּעס פלוצים, רודי?

— נישט פּלוצים, אַזוי...

— דו האָסט דאָך מיר גאָרנישט געזאָגט דערפון?

— וואָס האָב איך דיר באַדאַרפט זאָגן?

— ווי הייסט וואָס? רודי, האָסט מיר גאָרנישט באַדאַרפט זאָגן? — איז זי צוגעגאַנגען צו אים און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל.

— קוק נישט אויף מיר אַזוי! — האָט ער אַ בורטשע געטון.

— וויאַזוי קוק איך?

— ווי אַן אויספאָרש־ריכטער, ניין, ווי אַ יידישקע!

זי האָט נישט דערקענט איר רודין. ניין, ס׳איז אַן אַנדערער. מ׳האָט אים איר איבערגעביטן.

שוין לאַנג, אַז ער איז געוואָרן אַן אַנדערער. שוין מער ווי דריי יאָר אין דעם, פונעם נײַנאַזנדרייסיקער יאָר, זינט די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

פערצן יאָר איז נישט קיין טאָג. אין פערצן יאָר איז צייט צו דערקענען אַ מאַן. ער איז אַזוי נישט געווען. קיין ענלעכקייט אַפילו נישט דערצו.

זיבעצן יאָר איז זי אַלט געווען, ווען זי האָט מיט אים חתונה געהאַט. ער איז עלטער געווען פון איר מיט אַכט יאָר. נאָר געקוקט האָט ער איר אין די אויגן אַריין, ווי זי וואָלט געווען זיין וועג־ווייזער.

איר וואָרט איז געווען אַ געבאָט, איר בליק — אַ כישוף.

ער איז אַפּילו גרייט געווען זיך מגייר צו זיין צוליב איר. נאָר זי האָט געזאָגט, אַז זי האַלט נישט פון קיין געצוווּנגענע זאַכן. זי וויל נישט מען זאָל איר שטערן און זי שטערט אים נישט.

זיי זיינען באַלד נאָך דער חתונה אַוועק קיין אַרגענטינע. ער האָט מיטגענומען זיין ליבע צו איר און זיין אַרבעטזאַמקייט. זי — איר ליבע צו אים און די פרומקייט פון איר מאַמען.

עלף יאָר איז רודי געווען רודי. ס׳האָט זיך איר אַפילו עטלעכע מאָל אויסגעוויזן, אַז עפּעס אַ סם האָט זיך אין אים אַריינגעכאַפּט, נאָר רודי איז פאָרט געווען רודי. ער האָט זי שטאַרק ליב געהאַט און אַלעמאָל געשעצט. נאָר זינט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן איז ער געוואָרן אויס רודי.

דער שטילער מאַן האָט אין די ערשטע יאָרן דאָ וווּנדער באַוויזן. מיט די צען פינגער זיינע, האָט ער פון אַ דרעטל מיט אַן עלעקטריש לעמפּל אויפגעשטעלט אַ וואַרשטאַט פון ראַדיאָס.

אָדער אין וואַרשטאַט אָדער מיט איר. קיין אַנדערע גענג האָט ער נישט געוווּסט. און ביסלעכווייז האָט ער זיך אָנגעהויבן אַרויסגליטשן פון אירע הענט.

זי איז אים נישט נמאס געוואָרן. די שטוב איז אים נישט פרעמד געוואָרן, נאָר ער איז אַן אַנדערער געוואָרן. זי האָט אָנגעהויבן הערן פון אים אַנדערע רייד. ער האָט אָנגעהויבן פאַרפאַלן צו ווערן אויף שעהען, אויף טעג און נעכט. ער האָט אָנגעהויבן האָבן סודות פאַר איר.

איין מאָל האָט זי אַ זוך־געטון צווישן זיינע זאַכן, האָט זי געטראָפן דאָס בילד פון היטלערן.. זי האָט דעמאָלט נישט געקענט איינשלאָפן בייגאַכט.

דאָס בילד פון אירע טאַטע־מאַמע, וואָס זי האָט מיטגענומען איז אַרויסגעפאַלן פון איר שופלאָד. פונעם טאַטנס אויגן האָט אַרויסגעקוקט דער גאַנצער יידישער צער און די מאַמעס אויגן זיינען פאַרטרערט געווען.

— רעגינע, דו ווייסט, אַז מ׳האָט מיך פאַרפייניקט צום טויט? — האָבן איר טאַטנס בליקן זי אַ פרעג געטון.

— רעגינע, דו ווייסט אַז ווען מ׳האָט דיין טאַטן אינמיטן דער נאַכט אַרויסגענומען פון בעט בין איך פאַר שרעק געשטאָרבן? — האָבן איר מאַמעס ליפּן זיך פאַרקרימט.

ניין, רעגינע האָט דאָס נישט געוווּסט. שוין לאַנג אַז זי האָט פון זיי „קיין שרייבן״ נישט דערהאַלטן.

זי ווייסט נאָר, אַז זינט אַ צייט פילט זי נישט דאָס האַרץ אויפן אָרט. זי האָט זיך געדרייט אויפן געלעגער אַ גאַנצע נאַכט, רודי איז דעמאָלט נישט געווען אין דער היים. דעם אַנדערן טאָג, פרייטיק, איז ער אויך נישט אַהיימגעקומען.

ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז איין שכנטע האָט געזאָגט צו דער צווייטער, אַז די פּאָליציי זוכט איר מאַן וועגן שפּיאָנאַזש.

קען דאָס געמאָלט זיין? איר רודי?

דער פּרייטיק האָט זיך דעמאָלט פאַר איר געצויגן ווי אַן אייביקייט. קוים וואָס זי האָט דערלעבט צו זון־זעצן, זי זאָל זיך קענען פאַרמאַכן אין צימערל און אויסוויינען זיך דאָס האַרץ.

די זון האָט זיך גענומען זעצן בלוטיק־רויט. רעגינע איז אַריין צו זיך ליכט־בענטשן.

זי האָט פאַרמאַכט די לאָדנס, די טירן. אין האַרץ — אַ שטיין, קיין טרער, קיין זיפץ אַפילו. זי האָט נישט ווילנדיק אַ פרווו געטון די טיר פון זיין צימער, כאָטש זי האָט געוווּסט, אַז די טיר איז פאַרשלאָסן.

זי האָט גענומען ליכט־בענטשן. אָנגעריבן אַ שוועבעלע, אָנגעצונדן אַ ליכט. דאָס ליכט איז איר אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט אויפן טישטוך. דאָס טישטוך האָט זיך אָנגעכאַפּט.

רעגינע האָט מיט גאַנצן לייב אַ ציטער־געטון. נישט אויפגעהויבן דאָס ליכט, זיך פאַרשטעלט מיט די הענט די אויגן, ווי צו ליכט־בענטשן.

שכנים אין דרויסן האָבן זיך געסודעט. אין מיטן סודען זיך האָבן זיי דערזען אַ פלאַם, אַ פייער. ס'האָט זיך דערהערט אַ קנאַקן, ווי עפּעס וואָלט עקספּלאָדירט און רודאָלף שולצעס הייפל איז אין גאַנצן געשטאַנען אין פלאַמען.

איינער האָט אַ געשריי־געטון, אַז מען הערט פון אינעווייניק מענטשלעכע קולות.

— די סעניאָראַ איז אַוודאי אינעווייניק!

— ניין, איך האָב זי געזען אַוועקגיין!

— לאָמיר אַ קוק טון!

געוואַלדן, געשרייען, ביז פון הייפל איז געוואָרן קויל און אַש.

.1942

# דריי און צוואַנציק פּאָר אויגן

פרידאַ האָט זיך געטראָגן אַהין און קריק פאַר דער טיר פון אימיגראַנטן־הויז. אַ רייס־געטון דעם בליק אין דער ווייט און זיך נישט אָפּגעשטעלט. כסדר אַזוי געגאַנגען אַהין און קריק, אַהין און קריק, ווי אַ הונגעריקער וואָלף אין אַ פאַרמאַכטער שטייג. ווידער אַ שפּיז־געטון מיט די אויגן ווייט, ווייט, ביז צו די מענטשן דאָרטן, וואָס זיינען אַראָפּ פון אַ טראַמוויי און האָבן זיך אַ לאָז־געטון, זיך געאיילט צו דער אַרבעט.

פלוצים: — יאָ, ס'איז ער, בערנשטיין.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, פרידאַ, זיך אויסגעצויגן, אויף די שפּיץ פינגער:

— יאָ, בערנשטיין.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, פרידאַ, אָפּגעאָטעמט. דערנאָך האָט זיך אַ נעם־צונויף־געטון דאָס ביסל בלוט אירס, וואָס האָט זיך נאָך פאַרוואַלגערט אין די אָדערן, און דאָס ווייסע פּנים איז ראָזעווע געוואָרן.

טראָפּנס שווייס זיינען איר אַרויס אויפן שטערן. דאָס בלוט פון איר פּנים איז קריק אַנטלאָפן. די אויגן — אויפגעריסן און פייכט, די נאָז — פאַרשפּיצט, און די באַקן — ווייס, ווייס, אַזש אַ בלאָקייט האָט געשלאָגן פון זיי.

וואָס איז געשען?

בערנשטיין גייט פּאַוואָליע. ער איילט זיך גאָרנישט. אויב ער וואָלט געהאַט אַ גוטע בשורה, וואָלט ער אַנדערש געגאַנגען, ער וואָלט געפלויגן.

פרידאַ האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, האָט זיך באַגעגנט מיט דריי און צוואַנציק פּאָר אויגן, וואָס האָבן שטום געפרעגט:

— נו?

— וואָס וועט זיין?

— גאָרנישט...

אין איר אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ איז געווען דער דאָזיקער ענטפער.

די דריי און צוואַנציק פּאָר אויגן האָבן זיך אַ לאָז געטון צו איר:

— וואָס־זשע

— דו ווייסט שוין?

— אָפּגעזאָגט?

זי האָט אויפגעהויבן אַ האַנט, אַ ווייז געטון צו יענער זייט, ווו מ׳האָט גע־קענט זען פון דערווייטנס בערנשטיינען גיין.

— זעט, ווי ער גייט, ווי מיט אַ ליידיק האַרץ.

אַ קאַלטער, אַ פוילער אין דער פרי, אין מיטן בוענאָס־איירעסער אָנגעכמו־רעטן ווינטער.

לעבן אימיגראַנטן־הויז איז דער פּלאַטאַ־טייך געלעגן ווי אין אַ שווערן שלאָף, געהויבן מיט דער ברוסט, מיטן גאַנצן קערפּער, געמאַכט מיטן מויל — מיט אַ זילבער־ווייסער שוים אויף די ליפּן.

בערנשטיין איז פּירגעקומען פון הינטער אַ הויז, אַוועק הינטער אַ צווייט הויז, ווידער אַפּירגעקומען. ער האָט אַ הייב־געטון דעם קאָפּ און דערזען, ווי פרידאַ, ווי אַלע שטייען אין דרויסן, קוקן אויף אים אַרויס, האָט ער גענומען גיין גיכער.

פרידאַ האָט נישט געהאַט קיין טעות. ער איז געקומען מיט אַ ליידיק האַרץ. און דאָס ליידיקע האַרץ האָט אים גענומען קלאַפּן, זעצן:

— וואָס זאָל ער זיי זאָגן? און פרידאַן?... ווי קען ער דאָס זאָגן?

צו וואָס איז ער אין גאַנצן געגאַנגען אַהין באַלד אין דער פרי? — האָט ער זיך געביסן די נעגל. ער האָט דאָך געקענט גיין שפּעטער, נאָך דעם ווי זאַלצבערג, דער פון אימיגראַנטן־הילפס־פאַראיין, זאָל זיי שוין האָבן געזאָגט די פינצטערע בשורה.

אויב ער זאָל נישט געווען קומען באַלד אין דער פרי, וואָלטן זיי אויך גע־ווען געוווּסט. פרידאַ וואָלט גלייך געווען פאַרשטאַנען אויב ער האָט איר צוגע־זאָגט צו קומען און קומט נישט, איז שוין גענוג.

פינף וואָכן האָט מען זיך געפּאָרעט, איינגעלייגט וועלטן, מען זאָל די דריי און צוואַנציק יידן אַריינלאָזן אין לאַנד און — אומזיסט.

אַ שיף, וואָס האָט זיי איבערגענומען פון אַן אַנדערער שיף, האָט זיך מיט זיי אַרומגעשלעפּט חדשים און מיד געוואָרן. דאָ זיי אויסגעשפּיגן, ווי מען שפּייט אויס אַן איבעריקן ביסן.

איצט דאַרף קומען אַ שיף און זיי אויפנעמען און קריק־פירן — איינעם קיין בערלין, פרידאַן קיין ווין, דריי קיין פוילן, צוויי קיין אונגאַרן — פון וואַנען זיי זיינען געקומען. קען די שיף זיי נישט קריק־פירן, מעג זי זיי אַראָפּלאָזן אין ים אַריין.

צוגעקומען צום אימיגראַנטן־הויז, האָט בערנשטיין די דריי און צוואַנציק פּאָר אויגן געוואָלט באַגעגענען מיט אַ שמייכל, זיי געוואָלט זאָגן, אַז קיין מאָל טאָר מען נישט אויפגעבן די האָפענונג. אָבער דער שמייכל האָט זיך ביי אים אויסגעקרימט, ווי אַ גוסס. און דאָס לשון איז ביי אים אָפּגענומען געוואָרן.

— נו?

— אָפּגעזאָגט?

אַליין געפֿרעגט, אַליין געענטפֿערט און, אויסגעלאָשענע, זיך אָפּגעקערט, אַריין אין אימיגראַנטן־הויז. פֿרידאַ איז איבערגעבליבן אין דרויסן פֿאַר דער טיר, פֿרידאַ און בערנשטיין.

פֿרידאַ קען בערנשטיינען אין גאַנצן עטלעכע טעג. ער — זי? אויך אַזוי.

ער האָט דערהאַלטן אַ בריוו פֿון זיינעם אַ באַקאַנטן אין מאָנטעווידעאָ, אַז צווישן די עמיגראַנטן, וואָס מ׳האָט אַראָפּגעלאָזט אין בוענאָס־איירעס, געפֿינט זיך אַ פֿריילן פֿרידאַ טענענבאַום — זיינס אַ געשוועסטערקינד — זאָל ער זי באַזוכן.

אַ בלאַס פּנים מיט אויסגעלאָשענע אויגן, האָט אים באַגעגנט. ער האָט איר געוויזן דעם בריוו פֿון איר געשוועסטערקינד אין מאָנטעווידעאָ און געקוקט אויף דעם צאַרטן מיידל, מיט די גראָע האָר ביי די שטערנווינקלען.

זי האָט צו אים גערעדט ווי פֿון אַ ליידיקן פֿאַס אַרויס. ער האָט געזוכט אַ וואָרט פֿאַר איר, אַ וואַרעם וואָרט.

— שוועסטער־לעבן... — האָט ער איז אַ זאָג־געטון.

— שוועסטער־לעבן? — האָט זי איבערגעפֿרעגט און אויפֿגעהויבן אירע מידע אויגן־לעפֿלעך.

ווי קען זי הערן אַזאַ וואָרט? ווי קומט דאָס צו איר, ווען די רוצחים האָבן דערמאָרדעט אירע טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער און דעם חתן אירן?

בערנשטיין איז נישט געווען קיין סך עלטער פֿון איר און דאָך האָט ער זיך דערפֿילט לעבן איר ווי זי וואָלט זיין קינד געווען.

— קינד?...

ס׳איז געווען אין סאַמע סעזאָן פֿון זיין פֿאַך, אַ פֿרעסער. אַרבעט איבערן קאָפּ, איבערשעהן. נאָר יעדן טאָג האָט ער זיך געלאָזט פֿון עמעצן אַ ביסל פֿאַר־טרעטן און געגאַנגען אין אימיגראַנטן־הויז, צו פֿרידאַ־לעבן.

פֿון שוועסטער־לעבן, קינד־לעבן, איז געוואָרן פֿרידאַ־לעבן — זיין ליבע פֿרידאַ.

אין פֿרידאַן האָט אָנגעהויבן אויפֿלעבן איר אָפּגעשטאָרבן לעבן. אַ טאָג נאָך אַ טאָג אַזוי. איצט, ווען די דריי און צוואַנציק פֿאַר אויגן האָבן זי דאָ געלאָזן מיט בערנשטיינען אַליין, האָט זי ווידער צו אים אַ זאָג־געטון:

— וויפֿל מאָל שטאַרבט דער מענטש?

— פֿרידאַ...

מער קיין וואָרט האָט ער נישט געקענט געפֿינען. זיי זיינען אַזוי געשטאַנען, ביז אַ היימיש קול האָט זיי ווי אַ וועק־געטון.

— גוטן טאָג, פֿריילן טענענבאַום!

דאָס איז געווען זאַלצבערג, דער פון אימיגראַנטן הילפס־פאַראיין. ער איז געקומען מיט אַ ליכטיקער בשורה, אַז אורוגוויי לאָזט זיי אַריין. באַלד וועט אַ שיף זיי אויפנעמען און פירן קיין מאָנטעווידעאָ.

— אין אַ גוטער שעה! — האָט בערנשטיין אַ צאַפּל־געטון.

פרידאַ האָט זיך נאָכגעלאָזט אין זיינע הענט, אין גאַנצן אָן די כוחות, קוים וואָס זי האָט געמאַכט מיט די ליפּן.

— וויפל מאָל ווערט דער מענטש געבוירן?

— פרידאַ, פרידאַ... און געקלערט:

נאָך היינט אָדער מאָרגן גיט ער דאָ אַלץ אויף און קומט קיין מאָנטעווידעאָ.

— וואָס פריִער.

— וואָס פריִער, פרידאַ.

זיי האָבן גאָרנישט באַמערקט, ווי אַ שטיק הימל האָט זיך אויסגעלייטערט מיט אַ וואַרעמער זון אין סאַמע מיטן ווינטער.

1941.

# דער דריטער דור

אברהם לעמבערגער האָט אַ שאַר־אַוועק געטון די צייטונגען פון זיך און זיך אַ הייב־אויף געטון פון טיש מיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: ווייטער גייט עס נישט. אַ סוף מוז עס נעמען.

מיט אַ האַלבער שעה קריק האָט ער פאַרמאַכט דאָס געוועלב און אַהיים געקומען אויף מיטיק. זיך אומגעדרייט, ווי אָן אַ קאָפּ. איצט האָט ער איבער־געלאָזט דעם געגרייטן טיש און איז אַרויס פון שטוב.

ראָזאַ האָט אַרויסגעריסן דעם וואָרצל פון דער בריסט פון קינדס מיילעכל, אַ דריי געטון דעם קאָפּ צו דער טיר, ווו דער מאַן איז אַרויס.

די אַלטיטשקע חייה אסתר, אברהמס באָבע, וואָס איז געקומען צו פאָרן פון קאַמפּ קיין בוענאָס איירעס אויפן ברית, האָט אַ ציטער געטון מיטן גאַנצן זעקל ביינער אירס.

— נישטאָ קיין שלום־בית, — האָט זי געקייעט מיט די הוילע יאַסלעס און זיך צוגעשאַרט צו ראָזאַן, גענומען איר גלעטן ווי אַ קינד.

ראָזאָס אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן. זי האָט זיך קריק אַריבערגעבויגן אי־בערן קינד, געגעבן עס צו זייגן.

— אָסור, צי ער איז אַ שלעכטער... — האָט די אַלטיטשקע אָנגעהויבן. — אָסור... דעם זיידן אויסן אויג. דער זיידע זיינער, אין גן־עדן איז ער, האָט אויך נישט איין מאָל אַזוי געטאָן. אָבער קיין בייז נישט געמיינט.

— באַבעניו, — האָט ראָזאַ געוואָלט זי באַרויקן, אַז צווישן זיי איז קיין שום שלעכטס נישט. זיי לעבן זיך גוט.

די אַלטיטשקע אָבער האָט זיך נישט געלאָזט איבערשלאָגן און זיך גערעדט אירס. אַז גיכער איז עס אַזאַ חכמהלע פון אים, אַזאַ שפּיצעלע.

ראָזאַ האָט ווידער געפּרוווט איבערצוהאַקן דער אַלטיטשקער, נאָר ס'האָט איר נישט געהאָלפן. די אַלטיטשקע האָט געהאַלטן אין איין דערציילן פון דעם זיידן רב סראָליע: שטענדיק מיט אַ חכמהלע, אַ שפּיצל. זי האָט קיין מאָל נישט געוווסט ווו זי האַלט מיט אים.

— פון אַ שטעטל היווניוו, אין גאַליציע, האָסטו געהערט, ראָזעלע? — האָט די אַלטיטשקע חייה אסתר אַ וואָרף־אַריין געטון אין מיטן דערציילן. — דאָרט איז זי מיט איר סראָליע געבוירן געוואָרן. דאָרט האָט זי מיט סראָליען

חתונה געהאַט און קינדער געהאַט. אַ מיידל מיט אַ יינגל — פריידל און זישע.

פריידל איז אַלט געווען זיבעצן יאָר. ניין, איבער זיבעצן. זישע זעכצן יאָר.

אין דרויסן האָט געצופּט אַ בריעדיקער פראָסט, דורכגעזעצט דורך טיר און פענצטער, אַריין אין די ביינער.

די וועטשערע אויף דער קיך איז שוין דריי מאָל קאַלט געוואָרן און סראָליע איז נאָך נישט אַהיימגעקומען פון בית־מדרש. און די קעלט לאָזט זיך הערן!

די טיר איז געווען צוגעפרוירן. אין שטוב האָט מען נישט געהערט, ווי עמעצער קלאַפּט, רופט. דער ווינט האָט איבערגעשריגן. דערנאָך האָט מען יאָ דערהערט שרייען: „חיה־אסתר! פריידל! זישע!"

אַלע אין שטוב זענען צו צו דער טיר און קוים זי אויפגעריסן. סראָליע האָט עס אַזוי געקלאַפּט, געריסן די טיר, נישט געקענט זי עפענען.

ער איז אַריינגעקומען אַ ביסל פאַרשעמט, סראָליע, וואָס ער האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט אַ נאַרישער טיר. פון דער באָרד, פון די וואָנציעס האָבן אים נאָכגעהאָנגען צאָמפּאַליעס אייז. ער האָט זיך גענומען רייבן די הענט מיט שניי, קלאַפּן איין האַנט אין דער אַנדערער, שפּאַנען.

ערשט נאָך דער וועטשערע איז ער אין גאַנצן געקומען צו זיך. פריידל איז שוין געלעגן אויפן געלעגער. זישע האָט זיך אָפּגעבעט לעבן אויוון. נאָר חיה־אסתר איז נאָך געזעסן ביים טיש, געוואָלט הערן נייעס פון בית־מדרש.

— נייעס? — האָט סראָליע אַ נעם געטאָן די באָרד אין דער האַנט אַריין — מירן זיך מערטשעם אַוועקפּעקלען פון דאַנען.

— וווהין?

— קיין אַרגענטינע.

— ווו איז דאָס ערגעץ?

— ווו דאָס איז? הינטער בראָד...

מילא, האָב איך זיך אַ טראַכט געטאָן, וואָס איז איר די נפקא מינה. דאָרט וועט איר סראָליע מיסתמא אויך קענען גיין אויפן דאָרף אויפקויפן אַ ביסל תבואה, אַן עוף.

אינדערפרי האָט סראָליע גערעדט האַלבע ווערטער, אַז דאָ איז נישטאָ וואָס צו טאָן, אויף ערד דאַרף מען זיך באַזעצן, מען מוז זיך פּאַקן אין וועג אַריין, נישטאָ קיין עצה.

ער האָט גענומען דעם תפילין־זאַק אונטערן אָרעם, און ווען ער איז קריק־געקומען פון דאַוונען, האָט ער געטראָפן די שטוב ווי נאָך אַ שריפה: דאָס בעט־געוואַנט איינגעפּאַקט. דאָס געפעס — אויסגעשטעלט אויף דרערד. חיה־אסתר — פאַרקאַטשעט די אַרבל, דאָס טיכל אויפן קאָפּ — פּאַרוקט.

סראָליע איז געבליבן שטיין און זיך צעשמייכלט:

— און אָנבייסן האָסטו שוין געמאַכט?

— ניין מ׳עט שוין אָפּקומען מיט אַבי־וואָס.

— אוי, חיה־אסתר, אַז געזונט זאָלסטו מיר זיין, ביסט דאָך טאַקע אַ נאַרעלע.

— אַז דו מאַכסט מיך צום נאַר, ווער איך אַ נאַר.

ביי דער אַלטער חיה־אסתר האָבן די אַלטע אויגן זיך צעפינקלט. זי האָט צו ראָזאַן אַזאַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, גלייך זי וואָלט געזאָגט: אָט דאָס איז ער געווען דער זיידע דיינער. שוין עטלעכע פערציק יאָר אין דעם און סע גע־דענקט זיך נאָך היינט.

— און אַווראָם, ווי דו קוקסט אים אָן, איז דעם זיידן אויסן אויג. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש? ער איז אַרויס פון שטוב? — אַוודאי. עפּעס אַ חכמה־לע, אָסור, צי ער איז אַ שלעכטער.

דאָס פּיצעלע אין וויגל האָט זיך אַ צעוויין געטאָן, גלייך סע וואָלט זיך אויך געוואָלט עפּעס אָנרופן. די אַלטע חיה־אסתר האָט דערווייל גענומען דערציילן, ווי אַזוי זיי זיינען געפאָרן קיין אַרגענטינע, זיך באַזעצט אויפן קאַמפּ, געוואָרן קאָלאָניסטן.

— ר׳ סראָליק, — האָט זיך עפּעס אַ קאָלאָניסט צערעדט מיט אים — אייך אין גאַליציע האָט דען עפּעס געפעלט, אונטער עסטרייך?

— פאַר דאָס האָב איך איבערגעלאָזט פרוים יאָסלען פאַר זיין גנאָד, דאָס הקדש מיטן באָד.

פון דעם צערעדן זיך איז געשלאָסן געוואָרן אַ שידוך. דער צווייטער קאָ־לאָניסט, יאַנקל ברעסלויער האָט ער געהייסן, האָט געהאַט אַ געראָטענעם זון, הענעך. דער הענעך האָט געוואָרפן אַן אויג אויף פריידלען, סראָליקס כלה־מויד.

סראָליק איז פון דעם שידוך געווען שטאַרק צופרידן. דער יונג איז אויך געווען צום האַרצן. דער יונג האָט ליב געהאַט די ערד. ווי אַ ייִד וועט ער די ערד נישט אויסבייטן, ווי עמעץ קען אַ מאָל אויסבייטן דאָס „רענדל״. סראָליק האָט איינגעזען אַז הענעך וועט אים זיין אַ בעסערער יורש ווי ר׳קען עס דערוואַרטן פון זיין אייגן קינד, פון זישען.

זישע האָט שווער איינגעביסן דעם קאַמפּ. פריידל, הענעכס ווייב איז גע־גאַן מיט הענעכן אין שפּאַן. סאַראַ, זישעס ווייבל, איז געווען אַ שוואַכע. זי האָט געקוואָקעט אין שטאָט אַריין.

מיילער האָבן זיך געמערט. הענט — אויך. נאָר הוילע הענט זיינען געווען שוואַך צו באַאַרבעטן די ערד. מכשירים האָבן אויסגעפּעלט. די חובות זיינען גע־וואַקסן. די קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט האָט נישט געהאַלטן אירע צוזאָגן, די אַד־מיניסטראַטאָרס האָבן געדריקט. קענסט עס פאַרשטיין?

ביי זישען און סאַראַן איז געוואַקסן אַ יינגעלע, אברהם, האָט עס נישט געהאַט ווו צו לערנען. סראָליע איז געשטאָרבן פאַר דער צייט, נישט צו זען, ווי זיין זון פאַרלאָזט דעם קאַמף, אַנטלויפט אין שטאָט אַריין.

...חייה אסתר איז געבליבן אין דער קאָלאָניע, ביי דער טאָכטער. געבליבן אַ לעבעדיקער עדות.

זי האָט מיט אירע אויגן צוגעזען, ווי איר זישע האָט געלאָזט דאָס לעבן זיינס אויפן ווינט. גענומען דאָס שטיקל ברויט — אַ האַרט שטיקל ברויט טאַקע, אַ שווערס — און עס אויסגעביטן אויף אַ זייפנבלאָז. דער מינדסטער ווינט צעבלאָזט עס.

די שוואַכע סאַראַ איז אין בוענאָס איירעס געוואָרן שוואַכער, אַ שאַרבן. און אברהם, דאָס אייניקל אירס, וואָס האָט ער דאָ אויסגעלערנט? חתונה געהאַט, אַ געזעלב זיך געמאַכט. ס'איז נאָך זומער און אין שטוב דאָ איז שוין קעלטער, ווי ווינטער.

אין קאַמף האָט זי זיך נישט דערשראָקן פאַרן האַרבסט. זי האָט גוט געדענקט דעם פרילינג און דעם זומער. דאָ זעט איר די קעלט אויס צו זיין אַן אייביקע.

וואָס האָט זי באַדאַרפט קומען אויפן ברית, צו זען, ווי ראָזאַ זיצט איבערגעבויגן איבערן קינד און שווייגט? זען, ווי אברהם האָט זיך אַ הייב־אויף געטון פונעם טיש און אַרויס פון שטוב?

די ווינקלען פון שטוב האָבן באַקומען אויגן, אַזוינע גרויסע, אַזוינע מוראדיקע, און גענומען קוקן אויף דער אַלטער חייה אסתר. אָנוואַרפן אויף איר אַ קעלט. אַ גרעסערע קעלט, ווי אַמאָל, אפשר מיט פופציק יאָר קריק, אין שטעטל דאָרט ווינטער ביינאַכט, ווען זי איז געזעסן און אַרויסגעקוקט, אַז סראָליע זאָל שוין אַהיים קומען פון בית־מדרש. דעמאָלט זיינען זיי אַוועק קיין אַרגענטינע. ווו קען מען היינט אַוועק?...

די אַלטע איז געבליבן זיצן מיד, ווי נאָך אַ לאַנגער, שווערער רייזע.

דאָס פיצעלע אין וויגל — סראָליע האָט מען עס אַ נאָמען געגעבן — איז שוין געהאַט איינגעשלאָפן. ראָזע האָט מיט די אויגן אַוועקגערופן די אַלטיטשקע פון וויגל, דאָס קינד זאָל זיך נישט אויפכאַפן. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט מיט דער אַלטיטשקער אין צווייטן עק שטוב און גענומען מיט איר אייַנטעניהן אין דער שטיל.

זיי האָבן זייער אַ גוט לעבן, זי מיט אברהמען, — האָט זי געזאָגט. — נאָר לעצטנס האָט ער זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין אויפצוגעבן דאָס געוועלב און אַוועק אויפן קאַמף, זיך קאָלאָניזירן.

— וואָס? — האָט די אַלטע חיה אסתר אַ שטעל־אויף געטון דאָס אויער.

— איז דאָך גוט!

— כ׳ווייס, מיר איז שווער...

— קינד, ווי גאָט איז דיר ליב!...

די טיר האָט זיך געעפנט און אברהם איז אַריין, ווי באַפרייט פון וואַקלעניש. ראָזאַ האָט אים אַ ווייז געטון אויפן מויל, ער זאָלריידן שטיל, דאָס קינד שלאָפט.

אברהם איז צו צו ראָזאַן. איר אַ קוש געטון און זי אָנגעקוקט מיט אַזוינע אויגן, וואָס מען קען זיי נישט אָפּזאָגן.

— ראָזאַ, וועסט מיר נישט זיין דערגעגן, ס׳איז פאַר אונדזער טובה וועגן, פאַר אונדזער קינדס טובה וועגן. דערצייל דער באָבען, וועסטו הערן.

ראָזאַ האָט שטיל אַ זאָג געטון, אַז די באָבע ווייסט שוין אַלץ.

אין דעם זאָג האָט אברהם דערקענט, אַז זי איז שוין מסכים דערצו. ער איז שוין באַלד פאַרטיק מיט דער קאָלאָניזיר־געזעלשאַפט. האָט ער גענומען דערציילן, און דער קאַמף געפינט זיך טאַקע נאָענט פון בוענאָס איירעס. דעם טאַטן זיינעם געפעלט עס שטאַרק.

די אַלטע חיה אסתר האָט פאַר פרייד אַ זיפץ געטון, וואָס איר סראָליע האָט נעבעך נישט געהאַט די זכיה דאָס צו דערלעבן. אברהם האָט אַ ווייז געטון אויפן קליינעם סראָליע אין וויגל, ווי ער זאָל זאָגן: סראָליע האָט עס דערלעבט.

די אויגן זייערע — געווענדט צום קינד, און אויף זייערע ליפן האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ תפילה — זאָל עס אים ווויל באַקומען.

.1941

# נאָך דער מאַכעריי̈קע

אַראָן בלום האָט נישט געקאָנט איינזיצן אויפֿן בענקל. ס׳האָט אים שרעק־לעך געלאַנגווײַליקט סיי די מאַכערייקע, וואָס מ׳האָט געשפּילט, סיי דאָס נאַריש מאַכן זיך פֿון די אַקטיאָרן, און נאָך מער פֿון אַלץ — וואָס דאָס פּובליקום האָט אַזוי געלעקט די פֿינגער פֿון דעם אַלץ מיטאַנאַנד.

עפּעס האָט אים אָנגענומען אַ חשק אין זיי אַלעמען זיך נוקם צו זײַן, אָבער ער האָט זיך געטרייסט דערמיט, וואָס די מאַכערייקע מאַכט צום נאַר די אַקטיאָרן מיטן פּובליקום, די אַקטיאָרן ווידער חוזק אָפּ פֿון „משה ט...״ און פֿון דער מאַ־כערייקע, די מער פֿון העלפֿט ליידיקע בענקלעך אין טעאַטער רייצן זיך מיט די אַקטיאָרן.

אַראָן האָט אַ טראַכט געטון, אַז אַ שאָד וואָס ער קאָן נישט דורכפֿירן אַן אַנקעטע צווישן די דאָזיקע טעאַטער־באַזוכערס.

ער איז זיכער, אַז ער וואָלט זיך דערוווּסט טשיקאַווע זאַכן.

און אפשר וואָלט ער געפֿינען צווישן זיי נאָך אַזוינע וואָס זײַנען צופֿעליק אַרײַנגעפֿאַלן ווי ער.

ער, זאָגן מיר, האָט געהאַט אַ באַנקעט אויף נאָך צוועלף אַ זייגער און פֿון דער שטוב איז אַוועקגעגאַנגען נאָך וועטשערע, אַ זייגער נײַן, און פֿאַרבײַגעגאַנ־גען דעם טעאַטער, האָט ער זיך אַרײַנגעכאַפּט, אָפּקומען די ליידיקע צײַט.

אַ צווייטער, קען זײַן, דאַרף דאָ עמעצן אָפּוואַרטן.

אַ דריטער, קען זײַן, האָט פֿאַרבלאָנדזשעט: ער האָט געוואָלט גיין אין טעאַטער אַרײַן, איז ער גאָר געקומען אַהער.

עפּעס ענלעכעס האָט געמוזט געשען. ער זעט עס קלאָר. אָט יענער, אין יענער זײַט און דער אין דער זײַט קאָנען דאָך נישט איינזיצן אויפֿן בענקל, גלײַך ווי ער.

איבעריקנס, האָט ער אַ שמייכל געטון, איז דאָס נישט קיין תּכלית. ווינ־ציקסטנס דעם אַקט מוז ער אויסזיצן. ער איז פֿון די אומזיסטיקע טעאַטער־גייערס און אַז אומזיסט — מוז מען אויסזיצן, כאָטש איין אַקט. עס איז געווען דער צווייטער אַקט, ער האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבן.

ביים ערשטן אַקט האָט ער אויסגעפּרוווט די בענקלעך, אויף וועלכן ס׳איז באַקוועמער צו זיצן און ביים צווייטן אַקט איז ער טאַקע, הייסט עס, געוואָרן אַ זיצער.

געמאַכט אַן ערנסטע מינע, נישט צו פאַרלירן חלילה דעם פאָדים פון דער האַנדלונג.

יאָ, ער האַלט קאָפּ.

אין ערשטן אַקט איז פאָרגעקומען ווי דאָס יינגל איז פאַרליבט אינעם מיידל און דאָס מיידל איז פאַרליבט אין יינגל.

אָבער ער איז פון אָרעמע טאַטע־מאַמע און זי פון רייכע. דערלאָזן נישט אירע עלטערן צום שידוך.

ווערט זי מעלאַנכאָליש און נעמט אַ ביכל אונטערן אָרעם, גייט אַרויס אויף דער לאָנקע און טרוימט פון אים. און זי טראַכט פון אַוועק אין דער וועלט אַריין, אָדער פון זעלבסטמאָרד, אָדער פון לייגן זיך אין פרישן היי און זיך איינהערן אין די סודות פון דער נאַטור...

קומט דער בחור איר אַנטקעגן, פאַלט צו אירע פיס, און באַגריסט זי טרוי־מעריש און זיס.

זינגט איר אויף אַ לידל,
און זי זינגט מיט דאָס לידל...
„צווישן די הויכע זאַנגען,
זענען ביידע געגאַנגען — — —"
„צווישן די שמאָלע וועגן,
זענען ביידע געלעגן — — —"
ער האָט אַרויפגעלייגט זיין קאָפּ אויף איר ברוסט.
און זי האָט אַרויפגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל.
און זיי זיינען געוואָרן בלימעלעך צוויי,
„וואָס צעשיידן וויל מען זיי".

ס'האָט זיי איינגעוויגט די נאַכט, און באַלד אין דער פרי איז געשען דאָס גרויסע אומגליק — די וועלט־מלחמה.

נעמט מען אים צו צום מיליטער. פאַלט זי אין אָנמאַכט...

מען דערמונטערט זי קוים.

פייפט אויס אַ באַן, ס'הייסט, אַז ער פאָרט שוין אַוועק און ווער ווייסט וואָס מיט אים וועט פּאַסירן.

שרייט זי אויס:

„איך טראָג אַ סוד אונטער מיין האַרצן!"

און סע פאַלט דער פאָרהאַנג.

דער צווייטער אַקט האָט פאָרגעשטעלט מיט אַ צוואַנציק יאָר שפּעטער.

זי איז שוין אַ מאַמע פון אַ צוואַנציק־יאָריקער טאָכטער.

ער איז נאָך אַ בחור.

זי איז אין גרויס נויט, נאָר איר טאָכטער טוט „אַלץ אין דער וועלט“ צו דערנערן איר ליבע מוטער.

ער איז זייער רייך.

ער זינגט דאָס לידל:

„די וועלט איז רונד און זי גייט

און דאָס רעדעלע האָט זיך איבערגעדרייט“.

קלאַפּט זי אָן אין זיין טיר, צי ער דאַרף נישט אַ דינסט.

זאָגט ער, אַז ער וואָלט שטאַרק איר געוואָלט העלפן, נאָר לײדער, ער האָט שוין אַ יונגע, שיינע דינסט. (קלוגע טעאַטער־גייערס טרעפן שוין, אַז די דינסט איז טאַקע איר טאָכטער...) זייער אַ שיינע, זייער אַ ווילע, זי טוט אַלע זיינע פאַרלאַנגען.

גייט זי אַוועק און ער זינגט זיך אונטער:

„צווישן די הויכע זאַנגען,

זעמערביידע געגאַנגען — — —“

טראַ־אַ־אַך! זי איז אַנידערגעפאַלן הינטער דער טיר.

זי חלשט (מע פאַרשטייט שוין): זי האָט אים דערקענט.

מ׳קען זי נישט דערמונטערן.

—אָ! — קרעכצט זי אַרויס — זיינען מיר נאָכאַמאָל!

— גאָד! — שרייט ער אויס — מיין גאָד! — — —

(דער גאָט אין יידישן טעאַטער איז אַן ענגלישער).

נאָר אַ שאָד, די דאָזיקע לעצטע סצענע האָט אַראָן בלום נישט געזען אין גאַנצן. עמעצער, אַ באַקאַנטער, האָט זיך צוגערוקט צו אים און גענומען אים עפּעס פרעגן, ווייסעך דאָרטן, צי ער איז איינער פון דער דעלעגאַציע קיין בירא־בידזשאַן? און ווען פאָרט זי אָפּ, די דעלעגאַציע? און ווי אַזוי?

אַ שאָד, ער האָט פאַרלוירן דעם פאָדים פון דער האַנדלונג.

ער וואָלט נאָך געוואָלט געקענט צוריק אָנכאַפּן דעם פאָדים אין דריטן אַקט, איז ער אָבער נאָכן צווייטן אַקט באַלד אַוועק אויפן באַנקעט.

שוין געווען דאָרט אַ גרויסער עולם, אַ היימישער עולם.

ער האָט אָפּגעאָטעמט ווען ר׳איז אַהין אַריינגעקומען. זעלטן־ווען, אַז מען זאָל זיך געפינען אויף אַ באַנקעט אין אַזאַ ווילער סביבה.

ער זאָל געווען וויסן, אַז ס׳וועט אַזוי אויסזען, וואָלט ער געווען געקומען מיט דער פרוי. מיט די קינדער וואָלט געבליבן אַניטאַ, די שוועגערן. וואָסי? זיין פרוי האָט שוין נישט איין מאָל אַכטונג געגעבן אויף אַניטאַס קינדער.

פאַרפאַלן, מען רעדט דאָך עפּעס, דאַרף מען אויסהערן, סע קען אויסקומען צו דאַרפן ענטפערן.

דערווייל רעדט ערשט דער ערשטער, דערקלערט די גרויסע באַדייטונג פון דעם הילפס־פאַראיין, וואָס דער דאָזיקער באַנקעט איז לכבוד זיין צוויי־יאָריקער עקסיסטענץ.

— דער פאַראיין — רעדט יענער — האָט אויסגעטיילט הילף פאַר הונ־דערטער אַרבעטסלאָזע! דער פאַראיין האָט אַ סך מיטגלידער געראַטעוועט ממש פון אונטערגאַנג! דער פאַראיין...

ער הערט זיך איין אויפמערקזאַם. ער ווייסט, אַז ער וועט באַקומען אַ וואָרט און טאַקע באַלד ווי יענער פאַרענדיקט.

ענדלעך זעצט זיך יענער אַנידער און ער הערט שוין ווי מען רופט אויס, אַז דער חבר בלום באַקומט דאָס וואָרט.

ער שטעלט זיך אויף און באַגריסט צום ערשטן, דערנאָך הייבט ער אָן אַריינ־קריכן אין אַ רעדע. ער הייבט אָן אָנוואַרפן, אַז מיר לעבן דאָ אין גאַנץ אַנדערע אומשטענדן און באַדינגונגען ווי ערגעץ־ווו אין אַנדערע לענדער. ווען דאָרט איז ווינטער, איז ביי אונדז זומער, און ווען דאָרט איז זומער איז דאָ ביי אונדז כמעט אויך זומער — דער זומער ציט זיך ביי אונדז זייער לאַנג. דאָס אַליין שוין, דער שווערער, הייסער קלימאַט מאַכט אונדז פויל, ווירקט אַז אונדזער אַר־בעט דאָ זאָל זיך נישט קיין לייטישן רוק־טון פון אָרט. און ערשט קומען אַלע אַנדערע סיבות!

און ער האָט גענומען אויסרעכענען איינס נאָך איינס, און איז געקומען צום אויספיר, אַז פון דעסטוועגן האָט זיך אַרגענטינע גאָרנישט וואָס צו שעמען קעגן אַמעריקע.

ער האָט פאַרענדיקט און זיך אַנידערגעזעצט אַ צופרידענער. דאָס זויערקייט פון דער פרי־ערדיקער טעאַטער־פאָרשטעלונג, איז שוין אין גאַנצן פאַרשוווּנדן גע־וואָרן.

נאָר — אויף וויפל ס׳איז ריכטיק, אַז מע פילט אַ מאָל שווער אויף זיך בליקן פון עמיצן — האָט ער דאָס נאָך קיין מאָל אין לעבן אַזוי נישט געפילט ווי דעמאָלט. עפּעס ווי מע וואָלט טאַקע אַרויפגעלייגט אויף אים אַ משא, אַ שווערע משא.

וואָס איז עס?

און אָט הייבט עס אָן קלאָר צו ווערן!

מ׳האָט אים צוגעבראַכט אַ צעטעלע און ער נעמט לייענען:

„בלום? טאַקע יענער בלום? אַהרן?

איך בין אויך געקומען קיין אַרגענטינע, און איך געפין זיך דאָ אויפן באַנקעט.

די אַמאָליקע

מאַניע פייערשטיין"

— מאַניע... — האָט אים מאָדנע אַ קלונג געטון דער נאָמען. איינע פון זיי־נע יוגנט־חברטעס. איינע פון זיינע געליבטע — בחורישע יאָרן...

אין די דאָזיקע געציילטע רגעס איז אים דורכגעלאָפן פון די פריערדיקע טעאַטער־פאָרשטעלונג.

נאָר אָן „אַ סוד אונטערן האַרצן".

אָן חלשות און אָן דערמונטערן.

אָן אַ טאָכטער פון צוואַנציק יאָר, וואָס טוט פאַר דער מאַמען „אַלץ אין דער וועלט".

אָן „מיין גאָט!"

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און גענומען זי זוכן. ער האָט זי נישט דער־קענט, ער האָט נאָר דערזען אויגן, וואָס זוכן ווי זיינע. ווינקלען אויפן שטערן, טיפע ווינקלען, און האַלב באַזילבערטע האָר.

צוואַנציק יאָר איז נישט קיין טאָג!

און אַזוינע יאָרן!

געוויס ערשט נישט לאַנג געקומען צו פאָרן. אַ מאַמע געוויס פון דערוואַק־סענע קינדער?

ער איז צו צו איר. גענומען דריקן איר האַנט.

— מאַניע?

— יאָ, מאַניע...

ווייטער האָבן זייערע אויגן גערעדט.

אירע אויגן זיינען אַ ביסל פייכט געוואָרן.

און זיינע האָבן אַ ביסל אַראָפּגעקוקט...

— אַזאַ צייט, אַזאַ צייט... — האָט ער גענומען שטאַמלען, און זיך געלאָזט מיט איר אויפן באַלקאָן אַרויס.

— מאַניע, מאַניע... אַ מאַן? קינדער?

— קינדער נישט.

— און דער מאַן איז דאָ?

— דאָ, אין בוענאָס איירעס, געבליבן אין דער היים.

— געקומען אויפן באַנקעט אַליין?

— יאָ, מיט אַ שכנה.

— מאַניע, די זעלבע מאַניע...

— שוין נישט די זעלבע מאַניע און נישט דער זעלבער אַהרן.

— אַהרן טאַקע נישט, אָבער מאַניע איז נאָך מאַניע...

אַ קיל ווינטל איז פאַרבייגעלאָפן און מאַניע האָט אַ ציטער געטון.

בלום האָט זי צוגעטוליעט צו זיך, איר שטיפעריש אָנגעהויכט אין אויער און איר אַ קוש געטון.

זי איז אים נישט שולדיק געבליבן.

פון זאַל אַרויס האָבן זיך געטראָגן געלעכטערס, געשרייען, געזאַנגען, אויסגעמישט מיט בראָנפן — דער עולם איז שוין געווען שיכורלעך.

זיי זיינען שוין אויך געווען פאַרשיכורט...

ער האָט געזאָגט דער שכנה, אַז ער וועט שוין מאַניען אַהיים באַגלייטן. מאַניע האָט געפלאַמט ווי אַ מיידעלע.

ער האָט זיך מיט איר אַרויסגעשאַרט, עמיצער זאָל אים נישט פּוּווּן פאַרהאַלטן אויפן באַנקעט.

אין דרויסן האָט געבלאָזן דאָס זעלבע קילע ווינטעלע וואָס פריִער. אַ פרישקייט האָט זיי אַרומגענומען און זיי פאַרטראָגן ערגעץ ביז פאַרטאָג.

ער איז שוין צופרידן געווען וואָס ר׳איז געקומען אויפן באַנקעט אָן דער פרוי.

זי האָט זיך דערפילט יינגער מיט צוואַנציק יאָר.

ער האָט זי באַגלייט אַהיים, און ביי דער טיר האָט ער זי געפרעגט, צי דער מאַן וועט איר נישט געבן די דרייצן שורות...

זי האָט געשמייכלט און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, און זי האָט צו אים אַ מאַך געטון, אַז פון איצט וועט שוין געוויס נישט געדויערן קיין צוואַנציק יאָר, ביז זיי וועלן זיך ווידער טרעפן.

דער טאָג האָט זיי אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין.

.1935

# ער און זי

זי איז אַ געשמאַק מיידל מיט אַ זאַפטיק פנים, מיט אַ פּאָר אויסגעוואַשענע אויגן.

ער, דער יונגער מאַן, האָט אַ ווייב מיט צוויי קינדער אָבער אויפן פּנים ליגט אים צעלייגט אַ פולע שטוב מיט קינדער...

זי איז אַ היימיש קינד — ווער קען נישט סאָניען? — בייטאָג זיצט זי איינגעבויגן ביי דער מאַשין און נייט „פּיזשאַמעס", אין די געוועלבן אַרי׳ן, און פאַרנאַכט גלייכט זי זיך אויס, ווי אַ בלום נאָכן רעגן.

זי וואַשט זיך אָפּ, זי פּוצט זיך אויס, זי ווערט אַ מונטערע, אַ שטראַלנדיקע, ווי די זון וואָלט אויף איר געשיינט —

איר זון גייט־אויף צו נאַכט צו.

דעמאָלט גייט זי אין דראַמאַטישן קלוב. זי איז דאָרט פון די ע־רשטע מיטגלידערנס. איז נישט קיין פּראָבע, איז אַ לעקציע. אַ נישט — עפּעס אַ שמועס, און אַז גאָרנישט, פאַרברענגט זי אויך גאַנץ גוט.

קליין איז דאָס צימערל פון דראַמאַטישן קלוב, איינער שטייט דעם צווייטן אויפן קאָפּ, נאָר קיין ענגשאַפט פילט מען נישט דאָרט.

זי, סאָניע, אַוודאי נישט.

נאָר ווו איז זי? זי איז דאָך עפּעס נאָך נישט געקומען! ווייזט אויס, אַז זי וועט שוין נישט קומען.

טאַקע נישט. אין יענעם אָוונט איז זי אַרויסגעפאָרן אין אַ פאָרשטעטל פון בוענאָס איירעס.

דער חבר עפּלבוים וועט דאָרטן האַלטן אַ רעפעראַט וועגן פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, און זי, סאָניע, וועט דעקלאַמירן סאָוויעטישע לידער.

זי האָט זיך טאַקע געטראָפן מיט אים אויפן וועג אַהין, אין אָמניבוס, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געוועןאָפּגעשמועסט.

— אַ גוטנאָוונט, חבר עפּלבוים!

— זע נאָר, וועמען איך זע! וואָס מאַכט איר עפּעס, חברטע סאָניע?

— אַ גוטן איינדרוק... — האָט זי אַ שטיף געטון.

— דאָס האָב איך דאָך געוואָלט זאָגן!

— וואָס־זשע האָט איר געוואַרט?...

אירע אויגן האָבן געקוקט מיט אַזאַ פרישקייט, ווי טוי־טראָפּנס אין אַ זור־ניקן פרימאָרגן.

ער אָבער האָט אויסגעזען אָנגעשטרענגט, אַזוי שווער, ווי אַ שטוב מיט קינדער וואָלטן געלעגן אויף זיין קאָפּ.

אַזוי האָט זי געקוקט אויף אים און ער האָט נישט געוווּסט, וואָס סע דריקט אים אַזוי — צי ווייל שוין עטלעכע וואָכן ווי ער שטרייקט, צי ווייל ער קען נישט אַריינקריכן אין דעם רעפעראַט, וואָס ער דאַרף באַלד האַלטן?

— ווי האַלט עס מיטן שטרייק? — איז זי ווידער אַראָפּגעפאַלן פונעם בוי־דעם.

— גוט, אויסגעצייכנט! אַ סך באַלעבאַטים האָבן שוין אונטער־געשריבן. איכל שוין באַלד צוריק נעמען דעם הובל אין דער האַנט אַריין.

זי האָט אים געוואָלט נאָך עפּעס פרעגן, נאָר זי האָט אין יענער מינוט נישט געהאַט וואָס צו ריידן.

זי וואָלט אים אַפילו געקענט פרעגן, אַ שמועס אָנקניפּן וועגן דעם רעפּע־ראַט, וואָס ער פאַרט האַלטן. זי קען אַזוי גוט, ווי אַנדערע, נאָכזאָגן די ווערטער: „בורזשואַזנע ליטעראַטור” און „פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור”, אָבער זי האָט זיך נישט ליב געהאַט צו מאַכן פאַר אַן אינטעליגענטקע.

פאַר איר איז גענוג געווען, אַז... אַז זי איז אַ שיין מיידל, און ז׳איז אַ מיט־גליד אין אַ דראַמאַטישן קלוב, און זי קען דעקלאַמירן.

די גאַנצע צייט איז איר אויסגעקומען צו שטיין לעבן אים, ווי צונויפגע־פּרעסט — אַ פּולער אָמניבוס געווען — אַזוי ביז צום אַרויספאָרן פון דער שטאָט. דער נאָך האָט אָנגעהויבן ווערן געראַמער, זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט און ער האָט אָנגעהויבן ריידן.

ער האָט גערעדט און זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַ געוויסער פאַרערונג. האָט אים דאָס דאָזיקע קוקן איר נאָך מער ריידעוודיק געמאַכט.

אַ שטאָלצקייט האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים און פאַרדעקט די אָנ־געשטרענגטקייט וואָס איז אויף אים פריִער געלעגן.

דער אָמניבוס האָט געיאָגט און געקלאַפּט און ער, עפּלבוים, האָט אים נישט געהערט — ער האָט זיך גערעדט זיינס.

ער האָט גערעדט און געפלאַמט פון דעם, וואָס זי קוקט אויף אים אַזוי.

ער האָט זיך אַלע מאָל געהאַלטן פאַר אַן אַרבעטער און פאַר אַן אינטעלי־גענט. נאָר ער איז געווען אומצופרידן, ווען מ׳האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער איז אַן אַרבעטער־אינטעליגענט. ער האָט נישט געוואָלט, אַז מע זאָל צונויפפאָרן די דאָזיקע צוויי ווערטער. די ביידע ווערטער צוזאַמען זיינען אים אויסגעקומען ווי אַ שלעכטע קוואַליפיקאַציע.

כאָטש בטבע איז ער געווען אַ מענטש, וואָס האָט זיך נישט איינגערעדט קיין לונג־און־לעבער פאַר דער נאָז.

אַוודאי, ער וועט נישט פאַרלייקענען, אַז ער איז אַמאָל געווען רעדאַק־טער פון אַ צייטשריפט.

אין יענער צייט איז ער אויך געווען לערער אין אַ יידישער שול. האָט ער געלערנט געשיכטע מיט די קינדער מיט אַ שעה נאָך דעם ווי ער האָט געלערנט מיט זיך...

ער ווייסט עס גוט ביי זיך — און ס׳איז אים שוין נישט איינמאָל איינ־געפאַלן, אַז אפשר ווייסן עס אויך אַנדערע — און כאָטש ער האָט שוין נישט איין מאָל גערעדט, למשל, וועגן קאַרל מאַרקס און זיין „קאַפּיטאַל״, ווייסט ער אַזוי פון דעם „קאַפּיטאַל״, ווי ער ווייסט פון ראָטשילדס קאַפּיטאַל.

פון דעסטוועגן איז זיין נאָמען באַליבט: „חבר עפּלבוים״ און „חבר עפּל־בוים״. מע ווייסט פון לאַנג, אַז ער טוט זיין אַרבעט מיט איבערגעגעבנקייט, און אַז ער איז געוואַקסן צוזאַמען מיט דער גאַנצער באַוועגונג. ער איז אירס אַ זייל.

חבר עפּלבוים. ער שרייבט, ער האַלט רעדעס, ער גיט לעקציעס, ער — ער מוז קענען אַלץ, וואָס די באַוועגונג פאָדערט — ער גיט שוין אַ מאָל צו, אַז אַזוי מוז זיין אַן אַרבעטער־טוער. ס׳הייסט, ער איז זיך מודה, אַז נישט אַלץ וואָס ער נעמט אויף זיך, ליגט אויף אים גוט...

אַזוי באַשיידן האָט ער אין יענעם אָוונט אָנגעהויבן זיין רעפעראַט וועגן פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

— די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור — האָט ער געזאָגט — שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן און דעם קאַמף פון די אַרבעטער־מאַסן. די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור איז נישט קיין הערץ־שמערץ־ליטעראַטור, נישט קיין ליטעראַטור וועגן „ער און זי״...

אַ גרויסער עולם האָט אים אויסגעהערט פונעם אָנהייב ביזן סוף.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהייבן אַ קינסטלעריש פּראָגראַם. די חברטע סאָניע האָט זייער באַחנט דעקלאַמירט. דער עולם האָט געבעטן נאָך און נאָך, נאָר זי האָט שוין געמוזט צוריקפאָרן, אַ נישט פאַרשפּעטיקט זי דעם לעצטן אָמניבוס.

זי איז צוריקגעפאָרן צוזאַמען מיטן חבר עפּלבוים. זיי זיינען עס געווען די איינציקע געסט פון צענטער.

צוריק איז די רייזע געווען באַקוועמער. ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט, ווינציק פּאַסאַזשירן געפאָרן. און דער אָמניבוס האָט געיאָגט, ווי אַ טייוול.

אָט־אָט און זיי זיינען אין בוענאָס איירעס.

אָט־אָט און זיי זיינען אין סאַמע צענטער.

אַ וואָרט, אַ שטיף און אַ לאַך,

און דער אָמניבוס לאָזט זיי אַראָפּ נאָך האַלבער נאַכט.

לעבן אַ פּאַרק איז דאָס געווען. און פון דאָרט האָט יעדער פון זיי באַדאַרפט אַוועקפאָרן צו זיך אַהיים.

זי — צו זיך אין „סאָלטערסקן" צימערל, און אויסטאָן פון זיך די פריש־קייט, די מונטערקייט.

ער — צו זיך אַהיים, צו ווייב און קינדער, וואָס דערמאָנען אים אַמאָל, אַז ער איז שוין אַרויס פון די בחורישע יאָרן.

...זיי האָבן נאָך געהאַלטן אין מיטן שמועס וועגן דעם רעפעראַט, וואָס ער האָט געהאַלטן, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן „הערץ־שמערץ", וועגן „ער און זי".

זי האָט צו אים אַ מאַך געטון אַ ביסל פאַרשעמט, אַז אין לעבן איז פאַראַן „ער און זי".

האָט ער געשמייכלט, אַז אין לעבן מעג עס זיין, נאָר די ליטעראַטור מעג זיך אָן דעם באַגיין.

— פאַרוואָס?...

— איך ווייס... זעט נאָר, חברטע סאָניע, ווי די לבנה באַהאַלט זיך צווישן די ביימער!

— האַ? שיין..

אַ פרילינג־ריח האָט זיך אויסגעשפּרייט אין פּאַרק. די ביימער האָבן זיך געשושקעט, עפּעס גערעדט צווישן זיך.

און מיטן טאָג גלייך איז דער חבר עפּלבוים אָנגעקומען צו זיך אַהיים.

ער איז אַריין אין שטוב אויף די שפּיץ פינגער.

די קינדער זיינען געשמאַק געשלאָפן. בלויז דאָס ווייבל האָט זיך אויפגע־כאַפּט.

— אַזוי שפּעט, שוין טאָג!

ער איז צוגעגאַנגען צו איר און איינגעטיילט קושן די באַקן אירע, דעם מויל, דעם שטערן.

זי האָט אַ צופרידענע אַ שמייכל געטון:

— עפּעס קושטו, ווי דו וואָלסט שולדיק געווען, ווי דו וואָלסט געוואָלט באַצאָלן אַ חוב.

די זון האָט אַריינגעלייכט אין שטוב, און ביי אַ שכן האָט אָנגעקלאַפּט דער מילכפירער — געבראַכט מילך פאַר די קינדערס וועגן — האָט אַ קינד זיך אי־בערגעוועקט מיט אַ זינגענדיקן קולעכל.

1935.

# אין זאַל נומער פּערצן

דאָקטער וואַלדמאַן, דער שעף פון זאַל פערצן אין אַלטן שפּיטאָל, איז רויק געשטאַנען ביים לאַנגן טיש וואָס אין מיטן זאַל און זיך צו עפּעס געגרייט. ער האָט געמישט איין פליסיקייט מיט דער אַנדערער. איין פליסיקייט האָט אויסגעזען — געל ווי השתנה. די צווייטע פליסיקייט — אַ בלויע. פון דער בלויער האָט ער אַ ביסל אַריינגעטאָן אין יענער, און זי האָט געקראָגן אַ ראָזעווען קאָליר.

פון שפּיטאָל־הויף האָט זיך דערהערט אַ קלינגען. אָ, ס'איז דער באַקאַנטער קלונג: ס'איז עלף אַזייגער. מ'האָט אָנגעהויבן טראָגן מיטיק פאַר די קראַנקע.

דער דאָקטער וואַלדמאַן איז געבליבן שטיין מיט אַזאַ רויקייט, ווי מ'וואָלט שוין אַלץ דערגרייכט, אָדער מ'האָט שוין אַלץ פאַרלוירן.

אַ בינטל דאָקטוירים האָבן אים פלוצלינג אַרומגערינגלט, געכאַפּט אַ בליק אויף דער פאַרמישטער פליסיקייט און גענומען ריידן וועגן דאָקטוירים, קראַנקע, פּאָליטיק, פרויען און נעכטיקע טעג.

דער זאַל איז געווען פול מיט קראַנקע, קיין איין ליידיק בעטל נישט. ווי אין יעדער איבערגאַנג־צייט. דעמאָלט איז גראָד געווען דער גאַנג פון ווינטער צו פרילינג.

עטלעכע קראַנקע האָבן הויך געקרעכצט. אַנדערע האָבן דערשטיקט אין זיך די יסורים, פאַרביסן די ליפּן. טייל זיינען געלעגן פאַרטאַמעוועט און איינצלנע האָבן נייגעריק אָנגעשפּיצט די אויערן, געוואָלט אויפכאַפּן אַ וואָרט פון די דאָקטוירים.

צוויי קראַנקנשוועסטערס — איינע אַן עלטערע און איינע אַ גאָר יונגע — זיינען אומגעלאָפן ווי משוגע, נישט געוווסט צו וועמען פריִער צוצוגיין. פון אַלע זייטן האָט מען זיי גערופן — די קראַנקע, די דאָקטוירים, דער עלטסטער קראַנקנוועכטער, — ס'איז סעזאָן.

דער עלטסטער קראַנקנוועכטער איז געווען פאַרנומען מיט צוגרייטן אינסטרומענטן פאַר אַן ערנסט שטיקל אַרבעט. פונעם קליינעם צימ'ערל, לעבן זאַל, האָבן צוויי פרויען געקוקט אויף אים מיט פאַרשנדיקע בליקן. אין דעם קליינעם צימערל איז געלעגן אַ שווער־קראַנקער און די צוויי פרויען האָבן געציטערט איבער אים.

פלינק און געשיקט האָט דער קראַנקנוועכטער זיך געטראָגן פון זאַל אין דעם

קליינעם צימערל, הין־און־צוריק, הין־און־צוריק, מיט אַ שמייכל און מיט אַ וויץ, ווי אַ מילדער סאַרווער אויף אַ רייכער חתונה. זיינע באַוועגונגען, זיין יונג געשטעל האָבן נישט געשטימט מיט זיין גרויען קאָפּ, וואָס איז אויך געווען האַלב אויסגעקראָכן.

— סעניאָר, — האָט די פרוי פון יענעם שווער־קראַנקן תחנונימדיק זיך געווענדט צום קראַנקנוועכטער — וואָס גייט מען טאָן מיט אים? איך בעט אייך.

— וואָס מע גייט טאָן מיט אים?... — האָט ער צוריק געפרעגט און פאַרשלונגען דעם ענטפער.

— אוי, וואָס טוט מען? וואָס טוט מען! — האָט די צווייטע פרוי, דעם שווער־קראַנקנס שוועסטער פאַרבראָכן די הענט.

— וואָס מע טוט?... — האָט ער ווידער ווי צוריק געפרעגט און זיך אויסגעדרייט צו איינעם, וואָס איז דאָרט געשטאַנען און געוואַרט, אַז דער שעף זאָל אים באַטראַכטן.

— וואָס מע טוט, פרעגט זי מיך. אַז מע האָט פיס, אַנטלויפט מען. נישט אַזוי?

— אַוודאי.

גראָד איז דאָקטער וואַלדמאַן אָנגעקומען. דער קראַנקנוועכטער איז אַוועק צו זיין אַרבעט און יענער מענטש האָט געקוקט דעם דאָקטער אין די אייגן אַריין, אַז ער זאָל אים הייסן זיך אויסטאָן.

— בעסער קומט צו מאָרגן, סעניאָר, בעסער מאָרגן.

דער מענטש האָט זיך אַ ביסל געקווענקלט. ער קומט פון ווייט. דאָס קומען אין שפּיטאָל אַריין איז אים שווער. ער פילט זיך שלעכט. נאָר אַז דער דאָקטער זאָגט „מאָרגן״, איז טאַקע בעסער מאָרגן. היינט איז דאָ עפּעס אַ גאַנצע חתונה.

— נו, זייט געזונט — האָט ער זיך אַ ווענדט געטון צום דאָקטער.

— זייט אויך געזונט — האָט דער דאָקטער אַ שמייכל געטון — כ׳זע, אַז איר ווילט עפּעס זאָגן.

— יאָ, דאָקטער.

— זאָגט.

יענער האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן און גענומען פילאָסאָפירן:

— די וועלט איז ווי אַ וואָג, — האָט ער אָנגעהויבן — דעם מענטשנס לעבן אויף דער וואָגשאָל. אַ לעבן אַרויף, אַ לעבן אַראָפּ. די וואָגשאָלן האַלטן זיך אין איין איבערוועגן איינע די אַנדערע. ביי יעדן באַוועג, גיט די וועלט זיך אַ טרייסל. זעלטן ווער קען זען דעם־אָ טרייסל, און סע זיינען פאַראַן פאַלן, ווען כמעט יעדער קען דאָס זען.

— צו טיף פאַר מיר — האָט דאָקטער וואַלדמאַן אים איבערגעהאַקט — אפשר פאַר אַן אַנדערש מאָל.

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו די אַנדערע דאָקטוירים. ער האָט צוגערופן דעם קראַנקנוועכטער און אים אַ פרעג געטון, צי אַלץ איז שוין גרייט.

דערנאָך האָט ער רויִק געזאָגט צו איינעם פון די דאָקטוירים:

— דאָקטער גרינבלאַט, איר זענט דער ייִנגסטער, איר וועט זיך נעמען צו דעם שטיקל אַרבעט.

דאָקטער גרינבלאַט איז אַ ביסל אומרויִק געוואָרן, אָבער באַלד אויפן אָרט גענומען פאַרקאַטשען די אַרבל. אַן אַנדערש מאָל האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין אַזאַ אַרבעט, איצט נישט.

די עלטערע קראַנקנשוועסטער האָט גענומען אייליק אַריינטראָגן אין קליינעם צימערל וואַטע, גאַזע, אַלקאָהאָל. די יונגע קראַנקנשוועסטער איז געווען פאַרנו־מען מיט אַן אַרבעט אין דורכגאַנג. דער שעף־דאָקטער וואַלדמאַן, איז אַריין אין דערבייאיקן צימערל. נאָך אים — אַלע דאָקטוירים. איין דאָקטער האָט זיך אָבער אַ ווײַלע פאַרהאַלטן אין דורכגאַנג און געכאַפּט אַ גיכן פלירט מיט דער יונגער קראַנקנשוועסטער.

זי איז ערשט אַ קליין שטיקל צייט אין שפּיטאָל און האָט זיך כמעט אין גאַנצן געביטן — האָט ער איר געזאָגט. זי זעט אויס רייפער, לעבעדיקער, אָנ־צינדיקער.

דאָס מיידל האָט אים אָנגעקוקט אַ פאַרפלאָמטע.

— דאָס איז אַ דאַנק דעם קאָנטאַקט מיט פלייש... — האָט ער איר רוי אַ זאָג געטון און מיט פעטע ליפּן אַריין אין צימערל.

איין קראַנקער האָט דעמאָלט אַ רייד־איבער געטון מיט אַ צווייטן קראַנקן — אַ בעטל לעבן אַ בעטל:

— ס׳אמתע שטיקל אַרבעט, ווייזט אויס.

— עפּעס צו שטיל דאָרט.

— ס׳איז שוין איין מאָל גוט.

— וואָס זעט זיך דאָס אָן קעגן שפּאַניע, פּאַלעסטינע, דייטשלאַנד, טשע־כאָסלאָוואַקיע.

אַ ביטערער קרעכץ האָט זיך אַ טראָג געטון פון יענעם צימערל און דאָרט איז ווידער שטיל געוואָרן.

—פּופּצענער, — האָט איין קראַנקער אַ רוף געטון אַ צווייטן, וועדליק דעם נומער פון בעטל — פּופּצענער, איר גייט שוין טאַקע היינט אַרויס?

— יאָ, איר ווילט עפּעס?

— ניין, איך וויל אייך נאָר זאָגן, אַז איר זאָלט אייך פאַרשרייבן דעם אַד־רעס פון דאַנען... — האָט ער זיך טרויעריק אַזאַ וויצל געטון.

אין מיטן דערינען האָט מען אין זאַל דערזען דעם דאָקטער וואַלדמאַן. ער

איז שוין געווען אָנגעטאָן אויף אַ היים צו גיין. אויף זיין פּנים איז געלעגן אַ שמייכל, אַ מינע אַזאַ ווי צוגעקלעפּט צו אים און נישט קיין שמייכל.

פּאַוואָליע איז ער דורכגעגאַנגען די גאַנצע לענג פון זאַל און איז אַרויס.

ביים פאַרלאָזן דעם זאַל האָט ער זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ קאָלעגע. יענער האָט זיך געטראָגן פונעם זאַל פאַר קימפעטאָרנס.

— אָ, אַ ביטער שטיקל ברויט! — האָט וואַלדמאַן אָפּגעזיפצט.

— ס'אַרע האַרעוואַניע, קאָלעגע, — האָט דער געענטפערט.

נאָך דעם ווי דאָקטער וואַלדמאַן איז אַוועק, איז דער זאַל נומער פערצן אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ פּלוצלינגדיקן אַליאַרם:

— דאָקטער! גוואַלד, ווו איז דער דאָקטער!?

די גוואַלדן זיינען געקומען פון יענעם קליינעם צימערל וואָס לעבן דעם זאַל. צומערשטן געשרייען, דערנאָך אַ באַוויינען.

.1938

# גבורה

הינדע האָט זיך נישט געקענט צערייסן. דער וויל קוילן, יענער — בולבעס, אַן אַנדערער — ציבעלעס, קנאָבל. איין מענטש אַליין. סאַול האָט רעכט נאָך נישט געוווסט די פּרייזן. נישט געקענט אַפילו וועגן. נישט מער ווי אַרויפלייגן אויף דער וואָג און אַכטונג געבן, אַז מע זאָל זי נישט באַגנבענען.

מיט טויזנט אויגן האָט זי אומעטום באַדאַרפט זיין. און דער קאָפּ איז איר נישט געווען אויף די אַקסלען. דאָס קינד אין וויגל האָט זיך געריסן מען זאָל עס געבן צו זייגן, מ׳זאָל עס נעמען אויף דער האַנט, מ׳זאָל שפּרינגען דערמיט, טאַנצן דערמיט.

הינדען האָבן די אָדערן אין די שלייפן געטאַנצט. זעליק, דער מאַן אירער, ליגט מיט אַ פּאָר איבערגעקערטע אויגן. אים גייט גאָרנישט אָן, פון זיינטוועגן מעג זיך שוין די גאַנצע וועלט איבערקערן.

— הי־י־ינדע!... — האָט ער נישט מיט זיין קול אַ ברום געטון, אפשר ווייסט זי וועגן די וועלט וועט זיך שוין איבערקערן? און איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן.

נעכטן אין דער פרי האָט ער נאָך גערעדט. וויי ווי ער איז קראַנק!

ס׳איז געווען פינצטער. הינדע האָט אָנגעצונדן דעם שנעלזידער און אַרויפ־געשטעלט אַ טעפל וואַסער מיט עוקאַליפּטוס־בלעטער.

דאָס פּיצעלע אין וויגל האָט פון זיך אַראָפּגעקאָפּעט דאָס קאָלדערכל און זיך אויפגעדעקט.

הינדעס אויגן האָבן אויפגעלויכטן. פּוכקע, ווייסע פּיסעלעך, אַ קיילעכדיקס, אַ פעסטס, אין גאַנצן אין איר געראָטן.

גאָט צו דאַנקען, וואָס אין איר — האָט זי געהאַט אויף דער שפּיץ צונג, — און אין דער גיך גענומען עס צודעקן, סע זאָל זיך חלילה נישט פאַרקילן.

זי האָט פאַרדרייט דאָס ליכט אין צימער און זיך געשטעלט וואַרעמען די הענטביים שנעלזידער.

פון דרויסן האָט אַריינגעבלאָזן אַ קאַלטער אין דערפרי, אַן אָנגעכמורעטער הימל.

אין זעליקס פּנים האָט זי נישט געקענט דערקענען, צי שלאָפט ער צי איז ער וואַך. זי האָט געקוקט אויף אים און איינגעהאַלטן דעם אָטעם. אירע ליפּן

האָבן זיך באַוויגן, ווי ביי אַ תפילה און זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, סע זאָל איר אַ נס געשען.

— הינדע, דו שלאָפסט?

— ניין, זעליק, דו ווילסט עפּעס?

— שוין טאָג?

— נאָר־וואָס טאָג געוואָרן.

ער האָט געעפנט די אויגן גלייך צום קינד אין וויגל, געקוקט, געקוקט און צוריק צוגעמאַכט די אויגן.

דאָס וואַסער האָט גענומען זידן, קאָכן, זיך בולבען. די פּאַרע פון די עוקאַ־ליפּטוס־בלעטער איז זיך צעגאַנגען איבער דער גאַנצער שטוב.

זעליק האָט זיך אַ הייב־געטון פון די קישנס:

— ווער קלאַפּט עס אין טיר?

— קיינער נישט, קיינער... — איז זי געוואָרן טויט דערשראָקן.

— מע דאַרף שוין עפענען פאָרנט. עס קען שוין עמיצער קומען עפּעס קויפן. רוף אַריין סאַולן, ער איז אַן ערלעכער יונג. וועסט אים געבן עפּעס אָפּצועסן, אַ פּעזע אין קעשענע אַריין, וועט ער דיר צוהעלפן. וועסטו נישט זיין אַליין.

דאָס קינד האָט זיך איבערגעוועקט. זעליק האָט אַ שטעל־אָן געטון דאָס מויל אויף אַ קוש צו טון און אַזוי איז ער צוריקגעפאַלן אויף די קישנס אַרויף.

הינדע האָט אַרויסגעכאַפּט די בריסט, אַריינגעשטופּט דעם וואָרצל אין קינדס מיילעכל. דאָס קינד האָט אַ פּאָר צי געטון און צוריק איינגעשלאָפן. זי האָט געכאַפּט אויף זיך עפּעס צו גיין אַריינרופן סאַולן.

סאַול איז געשטאַנען אויפן ראָג און אַרויסגעקוקט, אַז עמיצער זאָל אים געבן צו פאַרדינען אַ פּאָר סענט, פאַר אָפּטראָגן עפּעס. אַז מע זאָל אים רופן אויף אַ גאַנצן טאָג, געבן עסן און צוויי פּעזעס דערצו — אויף אַזאַ גליק האָט ער זיך נישט געריכט.

ער האָט זיך נאָר אַלע מאָל דערפילט פאַרלוירן, וואָס אַזאַ יונג ווי ער — מיט הענט, מיט פיס, מיט אַ קאָפּ — זאָל פון איין מאָל צום צווייטן מאָל פאַר־געסן די פּרייז פון יעדער זאַך און זיך טועה זיין מיט דער וואָג, זיך פאַרהאַקן ביים צונויפרעכענען. אַ יונג אַ קאַליקע.

אַפילו אויפן צווייטן טאָג האָט זי זיך נישט געקענט באַהעלפן מיט אים, מער ווי צוטראָגן ערגעץ עטלעכע קילאָ קוילן, צי קאַרטאָפל, אָדער אַרויפלייגן אויף דער וואָג און אַכטונג געבן, אַז מע זאָל זי נישט בדלות־שטעלן.

פאַרנאַכט־צו איז שיטער געוואָרן אין קוילן־געוועלבל, האָט זי אים גענומען צווייזן:

— איר זעט, סאַול, די־אָ קוילן קאָסטן צען סענט אַ קילאָ, יענע — אַכט...

דאָס קינד אין וויגל האָט זיך צעוויינט. האָט זי אים איבערגעלאָזט און אַריין צום קינד.

ער האָט איר נאָכגעקוקט, ווי זי גיט זיך אַזאַ לאָז, נישט ווי אַ מאַמע, נאָר ווי אַ מיידעלע.

— אָט אַ ווייבל... — איז אים געקומען דאָס שפּייעכץ אין מויל.

ער איז געוועזן זאַט, צופרידן און דערפילט אין זיך כוחות פאַר דריי.

די טיר אין שטוב אַריין איז געוועזן אָפן. ער האָט זיך אויסגעבויגן און אַ קוק־אַריין געטון צו איר.

הינדע איז געשטאַנען איבערגעבויגן מיט דער ברוסט איבערן וויגל. אַ קונה איז אַריינגעקומען, איז סאַול אַריין אין דער אָפענער טיר:

— סעניאָראַ...

זי האָט גענומען באַברעווען מיט די הענט, נישט געקענט אַזוי גיך באַהאַלטן די ברוסט.

סאַולן איז געקומען דאָס בלוט אין פנים אַריין, די אויגן איבערגעלאָפן. ער האָט גענומען פּלאָנטערן מיט דער צונג, פּלאָנטערן מיט די פיס.

הינדע האָט אויף אים אַ קוק געטון, אַוועקגעשטופּט אים פון דער טיר, און אַריין צום קונה.

דער קונה איז אַרויס, האָט סאַול זיך גענומען שטעלן אויפן קאָפּ, גיין אויף די הענט. ער האָט נישט געקענט שטיין ליידיק. ער האָט געמוזט ערגעץ אויס־ברענגען זיינע כוחות.

סאַולס גבורה האָט אַ שלאָג געטון אויף הינדען, ווי אַ פלאַם פון אַן אָנגע־הייצטן אויוון. זי האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, אַז אַזוינס זאָל מיט איר טרעפן, ווען איר מאַן איז — זי וויל עס פאַרן מויל נישט ברענגען.

זי האָט אַ שטעל־אָן געטון די אויערן. צי האָט זי געהערט אַ געשריי, צי האָט זיך עס איר נאָר אויסגעוויזן?

סאַול האָט איר נאָכגעקוקט, ווי זי איז אַריין אין שטוב, איז צו צום מאַנס בעט און באַלד האָט סאַול דערהערט אַ געוואַלד פון דאָרט.

— אַ בראָך איז צו מיר, סאַול, — איז זי אַריין צו אים און זיך געשלאָגן אין קאָפּ — אַ בראָך איז צו מיר, אָפּגעהאַקט געוואָרן מיין לעבן!

זי איז צו צו דער טיר, צו פאַרמאַכן דאָס געוועלבל. אַ קאַלטער ווינט האָט איר אַ שמיץ געטון אין פּנים אַריין אַן אָפּגעריסן בלעטל און ער האָט פאַרכאַפּט דאָס קליידל אָן דער טיר ביים פאַרמאַכן.

אַ שכנה איז אַריין און גענומען קלאָגן אויף זעליקס יונגע יאָרן און אויף הינדען, וואָס איז געבליבן איינע אַליין אויף דער וועלט מיט אַ פּיצל קינד ביי דער ברוסט.

נאָך אַ שכנה איז אַריינגעקומען מיטן מאַן און באַלד אַרויס.
ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט. נאָך דעם וויינען און קלאָגן איז געוואָרן אַ שטילקייט, וואָס האָט געקלאַפּט אין קאָפּ אַריין ווי מיט האַמערס.
סאַול איז געשטאַנען נישט אַהין, נישט אַהער. נישט געוווּסט, צי זאָל ער בלייבן, צי זאָל ער אַוועקגיין.
— לאָזט מיך נישט אַליין.
— חלילה, סעניאָראַ, אַז איר הייסט מיר בלייבן...
זי האָט אַרויסגענומען אַ פּעזע פון קעשענע.
— נאַט, קויפט אייך עפּעס אויף וועטשערע, וואָס איר ווילט.
— וואָס איר ווילט.
— איר דאַרפט נישט.
— דאַרף איך אויך נישט...
דאָס קינד האָט זיך צעוויינט. איז ער צו און עס אַ נעם געטון, געגלעט עס, געקושט.
הינדע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און גערעדט, ווי צו זיך:
— וויי איז מיר, ווינד איז מיר, — האָט זי געזונגען מיט אַ קלאָג־ליד, און דער יונג סאַול איז געשטאַנען און געגולמט דאָ אויף דער יִדענע, דאָרט אויפן בר־מינן.

.1941

# נאָך דער לוויה

אַטיליאָ אַטשאַ איז געזעסן שטייף אין שוואַרצן אויטאָמאָביל, איינער פון די ערשטע אויטאָמאָבילן נאָך די בלומענקרענץ, נאָך דעם טויטנוואָגן. מ׳האָט באַגלייט אין דער אייביקער רו דעם אַלטן סימאָן אַשכנזי, אַטיליאָ אַטשאַס זיידע.

זאַט אין יאָרן איז ער געווען, סימאָן אַשכנזי. זאַט אין יאָרן, זאַט אין צרות, זאַט אין פריידן.

אַ סך איבערגעלעבט אין זיינע יונגע יאָרן אין דער אַלטער היים. דערנאָך אין אַרגענטינע רייך געוואָרן. אַ נייע היים געבויט, קינדער, אייניקלעך, און געשטאָרבן מיט אַ שווער געמיט. מיט אַ געפיל, אַז ער שטאַרבט נישט דער ערשטער פון זיין מישפחה, נאָר דער לעצטער.

זיינע קינדער זיינען פון אים פאַרפרעמדט געוואָרן. זיין אייניקל, וואָס מ׳האָט נאָך אַ נאָמען געגעבן נאָך ר׳ אלתר אַשכנזין, האָט זיך שוין גערופן — אַטיליאָ אַטשאַ.

דער שוואַרצער אויטאָמאָביל האָט זיך קוים גערוקט און אַטיליאָ אַטשאַ, וואָס איז אין אים געזעסן, האָט זיך קוים באַוועגן, אין גאַנצן שטייף. זעלטן מע האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט. די סעניאָראַ זיינע האָט אין גאַנצן געשוויגן. אַן אַלטער אָנגעזעענער מאַן, וואָס איז מיט זיי געפאָרן, — האָט פון צייט צו צייט, מיט וויכטיקייט, אַ זאָג געטון וועגן נפטר, אַז ער איז געווען אַ נאָבעלער מאַן. אַ געלערנטער מאַן, אַ קלוגער ייד...

דער זיידע סימאָן אַשכנזי איז טויט שוין פון נעכטן פאַרנאַכט, נאָר די שווערקייט וואָס דער זיידע האָט ביים לעבן אַרויפגעלייגט אויף זיינע קינדער, אויף די קינדסקינדער, ליגט נאָך אַלץ. מע דערמאָנט אים, דעם זיידן, און מע וועט אים נאָך דערמאָנען — האָט זיך געטראַכט אַטיליאָ אַטשאַ — נאָר וואָס די ערד נעמט צו, פאַרגעסט מען.

...אַטיליאָ אַטשאַ האָט זיין זיידן נישט פיינט געהאַט. אַ סך מאָל אפילו געקלעפּט אין אים. אָבער אַטיליאָ אַטשאַ האָט עפּעס נישט געקענט סובל זיין — אפשר גאָר זיך געשראָקן פאַר סימאָן אַשכנזין און זיך געוואָלט באַפרייען פון אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות געהאַט מיט אים.

מצבות פון סימאָן אַשכנזיס פריינט, באַקאַנטע, האָבן מיט פאַראיבל אַ קוק געטון אויף אַטיליאָ אַטשאַ. יעדע מצבה האָט עפּעס געמאָנט.

אָט דאָ ליגט די באָבע שרה־רבקה אַשכנזי. איר בילד קוקט אַראָפּ פון דער מצבֿה. זי איז אַלע מאָל אַזאַ מילדע געווען, איצט איז איר מויל פאַרדרייט, ווי זי וואָלט געשאָלטן און די אויגן אירע זיינען ווי איבערגעלאָפן, ווי באַליידיקט.
דער חזן האָט טרויעריק אונטערגעזונגען פסוקים פון תהילים.

אַטיליאָ אַטשאַ האָט דערפילט טראָפּנס אויף זיינע באַקן. ער האָט זיך דער־שראָקן פאַר זיך אַליין. אותו הרגע האָט ער געמיינט, אַז טרערן האָבן זיך אים געלאָזט פון די אויגן. ער האָט אַ קוק געטון — דער הימל פאַרכמאַרעט און טראָפּנס פאַלן ווי טרערן. פון די טראָפּנס איז געוואָרן אַ דריבנער רעגן. דער דריבנער רעגן האָט אַטיליאָ אַטשאַן אַרויסבאַגלייט פונעם הייליקן אָרט.

אַטיליאָ אַטשאַ האָט פריי אָפּגעאָטעמט. דער לעצטער פון די אַשכנזיס איז אַוועק אין דער אייביקער רו.

ווער סע גייט אַוועק פון הייליקן אָרט, דער וועט זיך נאָך אַ מאָל אומקערן אַהין, אַטיליאָ אַטשאַ — נישט. אַטיליאָ אַטשאַ האָט דעמאָלט אַליין אַזוי אַ טראַכט געטון. איצט וועט ער אַהיים קומען צו זיינע קינדער — פריי, אָן אַ נאָכשלעפּעניש.

ער, זיין סעניאָראַ, און דער אַלטער אָנגעזעענער מאַן, וואָס איז מיט זיי מיטגעפאָרן, האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל און זיך געלאָזט פאָרן — צום ערשטן פּאַוואָליע, דערנאָך אַ ביסל גיכער, גיכער, גיכער, גיך. נאָר דאָס דריבנע רעגנדל איז זיך געגאַנגען פּאַוואָליע און געקלאַפּט אין אויטאָמאָביל, גלייך ווי סע וואָלט גערעדט מיט אַ מענטשלעכער שפּראַך:

— לויפט, לויפט, מירן גלייך אָנקומען.

די סעניאָראַ אַטשאַ האָט געוואָלט אויסמיידן, אַז דער באַקאַנטער זייערער, דער אַלטער מאַן, זאָל ווידער נישט עפּעס אויפמישן וועגן אַטיליאָס זיידן, האָט זי גענומען ריידן וועגן די קינדער אירע. ווי פיין און גוט דאָס טעכטערל איז, ווי אַזוי איר זון שטודירט.

דער אַלטער האָט מיט ווילכטיקייט צוגעשטימט אויף אַלץ וואָס זי האָט גע־זאָגט:

— אייער טעכטערל, „סעניאָראַ מיאַ" איז גאָר אַ פיין קינד! און דער זון אייערער איז זייער אינטעליגענט — אין גאַנצן געראָטן אין דעם נאָבעלן אַלטן סעניאָר אַשכנזי.

די סעניאָראַ אַטשאַ האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געשוויגן, און אַטיליאָ אַטשאַ האָט געזוכט צו פאַרקניפּן אַ שמועס וועגן פּאָליטיק, וועגן געשעפט, ביז זיי האָבן ענדלעך צוגעפירט דעם אַלטן מאַן צו זיין וווינונג און אַוועק צו זיך אַהיים.

אויפן וועג אַהיים האָט אַטיליאָ אַטשאַ זיך איינמאָל אַ כאַפּ געטון וועגן

אַלטן — צי איז ער טאַקע שוין אַראָפּ פון אויטאָ, צי פאַרט ער אים נישט נאָך? ער הערט אים נישט אויף צו דערמאָנען אין זיידן, אין אַשכנזין, אין ייִד. דער זיידע איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים...

נאָר דער מאַן, — האָט זיך אַטיליאָ אַטשאַ געטרייסט, — איז שוין אין דער טיפער עלטער, וועט ער שוין לאַנג נישט לעבן. זיכער, זיכער.

דער אויטאָ איז שנעל פאַרפאָרן צו אַטשאַס הויז.

ס׳טעכטערל איז זיי אַקעגן געלאָפן מיט אַ גדולה, וואָס זיי זיינען שוין קריק געקומען. זי האָט זיך ציטערדיק געטוליעט צו דער מוטער, דערנאָך צום פאָטער. זי האָט זיך געשראָקן, וואָס זיי זאָמען זיך אַזוי לאַנג.

אין הויף האָט זיך אַרומגעדרייט איר ברודערל בייז, אויפגערעגט. ער איז נישט אַרויס צו די טאַטע־מאַמע.

זיי זיינען אַריין און דערזען, ווי ער איז צעטראָגן, האָבן זיי זיך איבערגע־קוקט. שוין עטלעכע טעג האָבן זיי באַמערקט אין אים אַן ענדערונג.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט דער פאָטער אים אַ פרעג געטון. — וואָס אַזוי צעטראָגן?

— גאָרנישט... — האָט ער זיך שיר נישט צעוויינט.

מ׳האָט אים מער נישט געפרעגט און ער האָט מער נישט גערעדט. ערשט שפּעטער האָט ער אַליין דערציילט, אַז ער גייט נישט מער אין קלוב אַריין. ער וועט זיך נאָכפרעגן, צי ס׳איז דאָ אַ ייִדישער קלוב, וועט ער זיך גיין אַהין פאַר־שרייבן פאַר אַ מיטגליד.

אַטיליאָ אַטשאַ האָט גענומען שפּאַנען איבער זיין הויז. פון איין צימער אַרויס, אין אַנדערן אַריין. לסוף איז ער אַריין אין דעם צימער, ווו דער זיידע זיינער האָט אָפּגעלעבט זיינע לעצטע יאָרן.

אין אַ ווינקל איז געשטאַנען פאַרדעקט דעם ייִדנס בילד. ער האָט דאָס בילד אָפּגעדעקט און זיך איינגעקוקט אין זיידנס אויגן. וואַך זיינען געווען די אויגן, לעבעדיקע אויגן.

1939.

# אַז גאָט האָט איר געהאָלפן...

אַז גאָט האָט איר געהאָלפן, זי האָט שוין באַוויזן אַליין אויפצונייען אַ קליידל פאַר דער שוועסטערס וועגן, איז זי שוין געווען אין זיבעטן הימל.

דער טאַטע פלעגט האָבן צו איר טענות:

— ראָניע, ביז ווי לאַנג וועסטו זיין אַ לערנמיידל און נישט קענען האַלטן אַ נאָדל אין האַנט? די צעפּ דיינע גרייכן דאָך דיר שוין צו די פיס!

און די מאַמע האָט צוגעהאָלפן:

— אַז אָך און וויי! ביי לייטן העלפט שוין אַזאַ מויד צו צום שטיקל ברויט און זי קומט נאָך ביי טאַטע־מאַמע אַרויסנעמען דעם ביסן פונעם מויל. וואָס מע לייגט אַנידער, ווערט עס פאַרברענט אונטער די הענט. ערשט נעכטן פאַרנאַכט געבאָרגט אַ האַלבן הערינג און נישט פאַרגינען פון אים צו עסן, די קינדער איינגעטיילט צו פיצלעך און פון מילכער נאָר אויף עטלעכע שטיקלעך ברויט צו באַשמירן, נאָר איינצונעצן... היינט אַז איך קום צו צום פאַפּיר — פאַרקילט דאָס אָרט. נישטאָ נישט קיין הערינג און נישט קיין מילכער. איבערגעלאָזט נאָר אַ ביינדל אָפּצולעקן. נו, ראָניע — וועמענס אַרבעט איז עס? זאָג מיר נאָר איין זאַך: שוין צוויי יאָר ווי דו גייסט דאָרט צו דער גראָבער ביילען, דיין שניידערין — וואָס האָסטו זיך אויסגעלערנט מער ווי זינגען ווי אַ שיקסע?

דאָ פלעגט דער טאַטע זיך שוין צעהיצן:

— אויסגעלערנט זיך! שיינע זאַכן זיך אויסגעלערנט. זי גייט דען אַהין זיך לערנען נייען? זי גייט דאָך הולטייען מיט די דייטשישע זעלנער!

— זע נאָר ווי גיך זי איז עס מיט זיי געוואָרן פאַן־בראַט. נאָר וואָס זיי זיינען אַריין און שוין — אַ בראָך איז צו מיר, וואָס פון דיר קען ווערן!

און ס'האָט זיך צעשפּילט די רוגזה:

— מ'דאַרף איר די צעפּ אָפּשניידן!

— דאָס פּנים צעשניידן... אַ פּריילן! זע, ווי ס'איז געוואָרן אַ פּריילן, ווי סע פאַרבט זיך און פּוצט זיך. קוק עס אָן אַ בוזעם, ווי ס'האָט זיך אָנגעלייגט — אַז אויסרייסן וועל איך דיך, נאַ! נאַ!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

געוויינטלעך פלעגט ראָניע נאָך אַזאַ סצענע אַרויס אַ צעגראַטשטע, אַ צע־

דראַבלטע און זיך שעמען צו ווייזן אין גאַס אַריין. נאָר ווי אַזוי זי זאָל נישט גע־וועט פילן, איז זי אַלץ געלאָפן צוביילען דער שניידערקע און אַרויסנעמען זיך די אויגן, בגנבה זיך איינגעקוקט ווי אַזוי זי שניידט־צו, ווי אַזוי זי נייט. זי האָט געחלשט זיך אויסצולערנען דאָס פאַך. דעמאָלט וועט זי שוין קענען טראַכטן ווי אַרום פטור צו ווערן פון דער היים, פונעם שטעטל, פון די אַלע לייט מיטביילען צוזאַמען.

צום מערסטן האָט זי געהאַט אַ האַרץ אויף ביילען. וואָרעם ווען ביילע זאָל זי געוועז לאָזן אַ קוק־טון ווי סע ווערט געאַרבעט — פון צווייזן רעדט מען שוין נישט — וואָלט זי שוין לאַנג געקענט ס׳שניידעריי. האָט זי זי אָבער גע־האַלטן נישט פאַר אַ לערנמיידל, נאָר פאַר אַ דינסטמיידל, פאַר אַ שיקמיידל.

עס האָט געמוזט טרעפן אַ צופאַל אַז מ׳זאָל זי צולאָזן צום טיש. ביילע איז אַוועק צו דער שוויגער געלעגן־ווערן און איר מאַן איז געוואָרן פאַרוואָרפן מיט אַרבעט.

און טאַקע פאַר אַ שטיקל צייט האָט ראָניע באַוויזן אַליין צוצושניידן און אויפצונייען פאַר איר עלטערער שוועסטער אַ קליידל און נישט אַבי־וואָס, נאָר אַ קליידל אויף אַרויסצוגיין שפּאַצירן.

***

מילא, נישט איין שניידערקע האָט וועגן זיך צו דערציילן אַזוינע זאַכן.

און אַז מע וויל, האָט זי עס שוין אפשר פאַרגעסן, — ביטערע יאָרן געוועזן.

ווי זאָגט מען? אַז מען באַקומט קאָפּווייטיק, פאַרגעסט מען אין די ציינ־ווייטיק.

זי האָט שוין געהאַט געגנוג קאָפּווייטיק.

זי איז געוועזן ווייט פון איר היים, ווייט פון שטעטל, פון יענע מענטשן — טאַקע דאָס וואָס זי האָט אַ מאָל געוואָלט, נאָר „אַ ביסל" אַנדערש.

זי איז שוין אַ שניידערקע, זי פאַרדינט גוט, אָבער זי איז שוין אַ מאַמע פון אַ זונדעלע און אַ ווייב פון אַ... מענדעלע.

אָט דאָ איז ס׳נייע פעקל צרות. אַ זון — אַ זונדעלע, איז גוט; אַ מאַן — אַ מענדעלע, איז וויי־וויי.

דאָס אַמאָליקע מוסר־זאָגן פון טאַטע־מאַמען האָט איבערגענומען דער מאַן, אָבער ער האָט עס פאַרמישט מיט ביטערקייט און אייפערזוכט:

— זינגט ווי אַן אַרטיסטקע...

ווינקט ווי אַ קאָקעטקע...

פאַרבט זי זיך און פּוצט זיך — ווער מען דאַרפסטו עס געפעלן?...
וואָס זי האָט געטון, האָט נישט געטויגט.

האָט זי זיך איבערגעטון, האָט עס ביי אים געהייסן, אַז זי פּוצט זיך פאַר עמעצנס וועגן. האָט זי זיך נישט שיין אָנגעטאָן, האָט עס געהייסן ביי אים אַז דאָס שפּילט זי אַזוי טעאַטער פאַר אים. זי טוט עס אומישנע.

זי איז געבוירן געוואָרן אַ בלאָנדע און ביי אים איז רעכט צו זאָגן, אַז זי פאַרבט זיך דאָס גאַנצע לעבן אויף צו זיין אַ בלאָנדינקע.

דאָס יינגעלע איז געווען אויסערלעך געראָטן אין אים. האָט ראָניע עס גע־צערטלט, האָט דער מאַן געזאָגט אַז זי איז פאַלש. האָט זי ס׳זונעלע נישט גע־צערטלט, האָט ער געטענהט אַז זי איז קאַלט, אַ קאַלטע מאַמע.

ווען זי איז געווען פריילעך, האָט נישט געטויגט. איז זי געווען טרויעריק, האָט פון סניי נישט געטויגט.

נישט צום לעבן און נישט צום שטאַרבן —

אָבער ווי אַזוי דראַפּעט מען זיך אַרויס פון די־אָ צרות? ווי ווערט מען זיינע פּטור, זי וואָלט דאָך געווען די גליקלעכסטע אין דער וועלט. זי וואָלט געזעסן ביי דער מאַשין און מיט אַ פרייען קאָפּ געאַרבעט, פאַרדינט פאַר זיך און פאַרן קינד און פאַרטיק אַן עסק.

טאַקע זייער גוט, נאָר ווי קומט מען דערצו?

***

ס׳איז זייער שווער זיך פונאַנדערצוגיין מיט אַ מאַן. זי האָט זיך לאַנג גע־פּלאָגט ביז ס׳איז געקומען דערצו. לסוף איז זי בייגעקומען די אַלע שוועריקייטן.

יאָ, געגט זיך. צווישן לעבעדיקע מענטשן טרעפט אַלץ.

זי האָט גענומען דאָס קינד און אַלץ וואָס זי האָט געקענט פאַרנעמען — און זי איז אַוועק פון אים.

זי איז דאָך נישט מער אין שטעטל ווי אַמאָל, אין דער אַלטער היים. אַצינד איז זי דאָך שוין געווען אין דער גרויסער וועלט, נישט געמוזט פרעגן קיינעמס דעות.

געטון און אָפּגעטון. דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן בויען איר לעבן פון דאָס ביי: אָן אַ הערשער, אָן אַ מוסר־זאָגעכץ, אָן אונטערטעניקייט.

אויס מאַן, ווייט פון שטראָפּרייד טאַטע־מאַמעס און ווייט פון ביילע דער שניידערקע.

אַלע יענע בלעטלעך איבערגעמישט, ניין, נישט איבערגעמישט, נאָר אַרויס־געריסן, אַרויסגעריסן.

אַליין פאַר זיך, אַליין אַ שניידערין, אַליין אַ מענטש, אַליין אַ מאַמע צו איר קינד.

אַך, אַז גאָט האָט איר געהאָלפן!

ערשט האָט זי אָפּגעאָטעמט.

אלאָ מיט דער צייט האָט איר פון די אַזוי פיל „אליינס" אָנגעהויבן ווערן פריקרע און שווער.

ווען זי זאָל האָבן עמעצן אַריינצונעמען אין שטוב אַריין, וואָלט זי זיך מחיה געווען און יענעם וואָלט אויך גאָרנישט געפעלט. זי וואָלט דאָך צו אַזוי־נער נישט געווען אַ ביילע די שניידערין, קיין, קיין...

זי פאַרשטייט דאָך צו לאָזן יענעם לעבן פריי; זי וואָלט נאָך אויסגעלערנט דאָס פאַך.

זי האָט גענומען אַריינקלערן דערין.

טאַקע פאַרוואָס זאָל זי עס נישט טון? אָט האָט זי דאָך נאָך די בעסטע געלעגנהייט: אַ מיידל פון איר שטעטל — „ריוועלע די שוואַרצינקע" — איז נישט לאַנג געקומען אַהער און זי איז דאָ עלנט ווי אַ שטיין.

ראָניע האָט נישט לאַנג געטראַכט און אַריינגענומען ריוועלען צו זיך אין שטוב אַריין.

**
*

ריוועלע האָט זיך דערפילט ווי אין אַ נייער הויט. טאַקע, ווי קאָן זיין בעסער ווי ביי ראָניען? זי קען זי דאָך פון דער היים. ווער נאָך קען אַזוי וויסן ווי מען באַדאַרף זיך באַגיין מיט אַ מענטשן, ווי ראָניע, אַזאַ אָנגעליטענע!

אין אָנפאַנג איז עס טאַקע אַזוי געווען. אָבער שפּעטער? שפּעטער טוט זיך נישט אַזוי ווי עס רעדט זיך.

שפּעטער מיט אַ צוויי יאָר איז ריוועלע שוין נישט געווען ביי ראָניען און זי האָט געהאַט אויף איר אַ פול האַרץ.

זי וואָלט זיך אין איר לעבן נישט געגלויבט, אַז ראָניע, די אָ ראָניע, זאָל זי אַזוי שלעכט באַהאַנדלען; זאָל צו איר האָבן טענות ווי אַ מאַן, ווי טאַטע־מאַמע מיט מוסר־זאָגן. באמת, ביילע די שניידערקע אויסן אויג...

זי האָט דאָך געמוזט גנבענען אַ בליק צו זען ווי זי שניידט, ווי זי מעסט, ווי זי שטעלט צונויף. מער ווי אַ נאָט מאַכן האָט זי איר נישט געלאָזט. פאַר אַ דינסט זי געהאַלטן.

און אַז באַקאַנטע, טאַקע ראָניעס גוטע פריינד, זיינען געקומען צו ראָניען און צו איר מיט טענות:

— ס׳טייטש, היתכן, ראָניע, ווי קומט עס, אַז גאָט האָט דיר געהאָלפן... זאָלסטו אַזוי־אָ....

האָט ראָניע זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ, געגומען באַווייזן מיט אותות ומופתים, אַז עס איז נישט אַזוי. ריוועלע באַרעדט זי.

— יאָ, זי איז די זעלביקע ראָניע. זי איז, זי איז...

נאָר טיף ביי זיך אין האַרצן האָט זי דערפילט, אַז יענע ביילע די שניידערן און טאַקע איר מאַן, אַז אַלע אירע צרות האָבן זי נישט אין גאַנצן גלאַטיק אַרויס־געלאָזט... פון זיי האָט זיך עפּעס צו איר צוגעקלעפּט.

.1934

# אַ חתן־בחור

פּייוול האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון הויף, ווי דורך אַ בראַנד. ער האָט זיך געשעמט אויסצודרייען דעם קאָפּ, טאָמער קוקט אים עמיצער נאָך.

זיינע קורצע פיסלעך האָבן שנעל־שנעל זיך אַ טראָג געטון ביז צום ראָג און זיך אַ פאַרקערעווע געטון אויף רעכטס, דערנאָך אַרויף אויף אַ צווייטער גאַס און זיך אויסגעמישט צווישן עולם.

דער טראָטואַר איז געווען פול מיט מענטשן, וואָס זיינען געגאַנגען פון דער אַרבעט, און פון מענטשן וואָס זיינען געגאַנגען קויפן און פאַרקויפן.

— „סע לוסטראַ!“ — האָט אין מיטן געטומל און גערודער אויסגערופן אַ שוכפּוצער, געזוכט קונדן אָפּצופּוצן זיי די שיך.

— „עקסטראַ!“... — האָט אַ צייטונגס־פאַרקויפער אַ שריי־איבער געטון דעם שוכפּוצער און אויסגעשריגן די גרויסע קעפּ פון דער אויסגאַבע. — מען שלאָגט די דייטשן אויף אַלע פראָנטן! ווידער באָמבאַרדירט בערלין!

פּייוול האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ אין אַלע זייטן, צי זעט אים נישט קיין היימישער.

צי זעט מען אים נישט? צי הערט מען נישט, וואָס ער טראַכט; צי פאַלט נישט עמעצן איין, וואָס ער גייט טאָן?

אין מיטן טומלדיקן בוענאָס איירעס און אין מיטן דעם געראַנגל פון דער וועלט מיטן משחית דייטש, גייט ער, פּייוול, מיט אַ שדכן, אָנקוקן אַ כלה.

ער, פּייוול, וואָס איז אַמאָל, ביי זיך אין שטעטל, געווען אַ גאַנצער אויפגעקלערטער, גייט אַצינד אָנקוקן אַ כלה דורך אַ שדכן.

ווען זיינע חברים וואָלטן דאָס געוווסט, וואָס וואָלטן זיי געזאָגט דערצו?

דאָס גאַנצע שטעטל איז אַמאָל געגאַנגען מיט אים כאָדראָם.

דער היקעוואַטער בעריש האָט געהאַלטן ביי אַ שידוך טון מיט זיין טעכטערל נעשעלע.

אַלץ איז שוין געווען גרייט. דער כלהס פאָטער האָט שוין געהאַט געזען דעם חתן, אים פאַרהערט אין לערנען. דעם חתנס מוטער האָט שוין געהאַט אָנגעקוקט די כלה.

מ׳איז שוין געשטאַנען גרייט צונויפצופּאָרן זיך, תנאים שרייבן און אין מיטן דערינען — ווו איז די כלה?

די כלה איז נישטאָ.

ס'איז געוואָרן אַ רעש, אַ בהלה.

יעדער האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש, נאָר אַלע זיינען זיך צונויפגעגאַנגען אין איין זאַך, אַז די כלה וויל נישט דעם חתן.

איינער האָט געזאָגט:

— זי איז אַנטלאָפן מיט אַ שייגעץ.

אַ צווייטער האָט שוין געפירט ווייטער:

— זי איז אַוודאי אין קלויסטער, מע שמדט זי אָפּ.

— און אפשר דאַרף מען לויפן צום טייך?

— טאַקע, אפשר איז זי געלאָפן זיך טרינקען?

— ווייסעך וואָס! ס'איז מיט איר גאָרנישט געשען! ס'געפעלט איר נישט דער חתן און שוין!

— ווי אַזוי זאָל ער איר געפעלן, אַז זי האָט אים נישט געזען?

דער היקעוואַטער בעריש איז געוואָרן אויפגעקאָכט:

— אי־איך, בע־בעריש, פּ־פרעג ני־נישט ביי־ביי קיי־קנעם!

דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז חבר פייוול — אזוי האָט מען אים גערופן דאָרט אין שטעטל — האָט נעשעלען באַהאַלטן אין פאַריין.

ווען ס'זיינען אַוועק עטלעכע שעה, און מ'האָט געמוזט אָפּזאָגן די פורן און די מחותנים זיינען זיך צעגאַנגען, איז נעשעלע אויסגעוואַקסן ערגעץ פון אַ הינטערגעסל.

אין דער היים האָט זי געזאָגט, אַז זי איז געגאַנגען צו אַ חברטע זיך געזעגענען, איז איר אין מיטן וועג שלעכט געוואָרן און זי איז געפאַלן חלשות. ערשט איצט האָט זי זיך דערמינטערט.

אַ בייזע מומע איז געשטאַנען דערביי, האָט זי אַ בורטשע געטון:

— אַ תירוץ פאַר די ווערעם...

— וויי איז מיר! — האָט די מאַמע נעשעלעס געוואָלט נעמען ס'טעכטערל אין שוץ. — ווי דאָס קינד זעט אויס!

— ז־זעט אוי־אויס... ז־זעט אוי־אויס... — איז דער פאָטער ווילד געוואָרן און צוגעפאַלן צו נעשעלען ווי אַ מערדער.

ס'האָט זיך געטון חושך. ס'גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען כאָדאָראָם. נעשעלען האָט מען נישט געזען אויף דער גאַס. מ'האָט געזאָגט, אַז דער פאָטער האָט איר פאַר אַ שטראָף, אָפּגעשוירן די קאָפּ האָר.

פייוול האָט דעמאָלט ערשט רעכט אָרגאַניזירט די יוגנט פון שטעטל. אַלע זיינען אָפּן אַרויס קעגן דעם פאַנאַטיזמוס...

אַזאַ איז טאַקע געווען פייוולס פראַזע: „קעגן דעם פאַנאַטיזמוס".

דעמאָלט האָבן זיך גענומען באַפעסטיקןביידע פּאַראַיינען אין שטעטל — דער ציוניסטישער פאַריין און דער בונדיסטישער.

ער, פּייוול, איז אָבער לאַנג שוין נישט געבליבן אין שטעטל. ער איז אַוועק קיין אורוגוויַ. אין אורוגוויַ איז ער אָפּגעווען מער ווי צוויי יאָר. ביי זיין אַר־בעט, קירזשנעריי, האָט ער זיך נישט געקענט האַלטן, איז ער געוואָרן אַ „קלאַ־פּער".

דאָ, אין אַרגענטינע, איז ער פון אַ בידנעם „קלאַפּער" געוואָרן אַ גאַנצער קוענטעניק. ער האָט אָבער נישט נאָר געזוכט זיך אַרויפצואַרבעטן מאַטעריעל, נאָר ער האָט אויך געטאָן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

ער איז געלאָפן און געיאָגט בייטאָג און ביינאַכט, און ווען ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אָפּ, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער איז שוין אַ בחור פון זעקס און דרייסיק יאָר.

ער האָט אַ בליק געטון אין שפּיגל פון זיין לעבן און זיך דערפילט טרויע־ריק און שווער.

אַ יאָר צוויי האָט ער אין יעדן מיידל געזוכט זיין כלה, זיין פּרוי. דערנאָך האָבן אָנגעהויבן קריכן צו אים שדכנים.

דעם ערשטן שדכן, וואָס איז געקומען צו אים, האָט ער שיר נישט אַראָפּ־געוואָרפן פון די טרעפּ. דעם צווייטן — האָט ער רעכט נישט אויסגעהערט. ער, פּייוול, וועט גיין חתונה האָבן דורך אַ שדכן? וואָס איז עס — אַ מעבלשטיק, וואָס ער רעדט־איין דער „מאַריאַ", זי זאָל עס קויפן, זי זאָל עס נעמען אויף אויסצוצאָלן?

— וואָס איז אייער פּרנסה? — האָט דער שדכן אים אַ פרעג געטון.

— וואָס איז די נפקה־מינה? אַ קוענטעניק.

— ס'איז שוין אַ גרויסע נפקה־מינה! אַז אַ קוענטעניק, איז גוט. די היגע מיידלעך ווילן נישט חתונה האָבן מיט קיין בעל־מלאָכה. מיט אַ קוענטעניק — יאָ. מיט אַ קוענטעניק, זאָגן זיי, קען מען צו עפּעס קומען. ס'איז אויך געווענדט, פאַרשטייט זיך, וואָס פאַר אַ קוענטעניק. איר זאָגט מיר, „מאָס אָ מענאָס", ווי הויך איר האַלט, זאָג איך אייך גלייך וואָס פאַר אַ כלות איך האָב פאַר אייך. איך האָב פאַרשיידענע כלות. כלות, וואָס האָבן געלט און זיינען שיין; כלות, וואָס האָבן ווייניק געלט און זיינען אינטעליגענט און זיינען שיין, און כלות, אָן געלט, נאָר מיט גרויסע מעלות און שיינהייטן, און וואָס איר ווילט.

פּייוול געדענקט נישט ווי אַזוי ער האָט זיך געלאָזט צוריידן פון אַ שדכן צו גייז אָנקוקן אַ כלה. ער ווייסט נישט, צי זאָל ער צופרידן זיין, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אויף דעם וועג, צי נישט.

דערווייל האָט ער נישט קיין נחת דערפון.

ס׳קומט שבת, זונטיק און ער וויל אַרויספאָרן צו דער פּליאַזשע, מוז ער זיך גאָר פירן מיט די כלות אין די קינאָס, אין טעאַטערס, צו קאָנצערטן — דער גוטער יאָר ווייסט זיי, ווי יוצא צו זיין פאַר זיי, ווי נושא חן צו זיין...

אָט זיצט ער אין אַ קאַפע־הויז אויסגעפוצט און אויסגעשטראַצלט, טאַקע ווי אַ חתן־בחור. דער שדכן, וואָס דאַרף אים קומען נעמען, האָט אים געזאָגט, אַז צו דעם מיידל וואָס זיי דאַרפן גיין אַצינד, זאָל ער זיך באַזונדערס אויספוצן, ווייל זי איז זייער אַן עלעגאַנטע.

פייוול האָט גענומען נערוועזש קוקן אויפן זייגער: דער שדכן האָט שוין באַדאַרפט קומען, נאָך פאַר אַ פערטל שעה.

די קעלנערס האָבן דערלאַנגט צו די טישלעך קאַווועלעך און קאַלטע געטראַנקען, און געקלונגען מיט די טאַצן, גלעזלעך, פלעשלעך. ער, פייוול, האָט שוין געטרונקען אַ קאַווועלע, אַצינד נעמט ער אַ קאַלטן טרונק. די היץ איז אין לשער און דער זאָל איז אָנגערייכערט.

דער שדכן איז אָנגעקומען אַ פאַרשוויצטער, אַ פאַרסאַפּעטער און ער האָט זיך גענומען דרייען, אַז דאָס, אַז יענץ... דער סך־הכל — זיי וועלן נישט גיין אָנקוקן די גרינשטיין.

— ביי דער גרינשטיין האָט עפּעס פּאַסירט... כ׳ווייס וואָס... וואָס־זשע, ס׳פעלן כלות אין בוענאָס איירעס?

ער האָט אַ כאַפּ־אַרויס געטון אַ נאָטיץ־ביכעלע פון בוזעם־קעשענע.

— איין מינוטקעלע... מירן צופאָרן נישט ווייט, אויף לאַוואַזשע אין די צוויי טויזנטער.

פייוול האָט אים געוואָלט זאָגן אַז ער זאָל שוין גיין צו אַלדי גוטע יאָר. נאָר ער האָט פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ און אַ מאַך געטון מיט אַ שמייכל:

— נו, און די נייע כלה איז אויך אַזאַ עלעגאַנטע? צי צו איר וואָלט בעסער געוועזן צו גיין בייטן דעם אָנצוג?

— המ... המ... — האָט דער שדכן געצויגן אונטער דער נאָז און גענומען בלאָזן און זופן די הייסע קאַווע, וואָס דער קעלנער האָט דערווייל דערלאַנגט צום טיש.

.1944

# שטילע טריט

איןביידע צימערלעך, וואָס ריוועטשע מיט דער טאָכטער האָבן באַוווינט, האָט זיך אַרומגעדרייט אַ שטילער ציטער, וואָס ווערט געבוירן אין מינוטן פון דערוואַרטונג.

ביידע צימערלעך זיינען געווען צוגערוימט און אויפגעפוצט איינפאַך און ציכטיק. עס האָט געשמעקט פון יעדן ווינקעלע.

די ניי־מאַשין איז געשטאַנען אָפגערוקט אָן אַ זייט, איבערגעדעקט, ווי חמץ אַמאָל אום פסח. דאָס געניי איז געלעגן באַהאַלטן אין שאַפע. מען וועט עס שוין היינט נישט ענדיקן, כאָטש די באַלעבאַטים ווילן עס אויף היינט.

ריוועטשע מיט דער טאָכטער האָבן געזוכט מיט די אויגן, צי ס׳איז נאָך דאָ עפּעס צו טון אין שטוב.

דאַכט זיך, גאָרנישט מער — האָט ריוועטשע אַ זאָג־געטון מיט אַ געמאַכטן שמייכל, — ער מעג שוין קומען, גרינפעלד.

פון הינטער דעם שמייכל האָט אַפּירגעקוקט אַ באַהאַלטענער טרו־ער. כואַנאַ, ריוועטשעס טאָכטער, האָט נישט געזען דעם טרויער, נאָר דעם שמייכל.

— ער מעג שוין קומען, גרינפעלד, ער האָט פון לאַנג שוין געמעגט קומען — האָט כואַנאַ דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן אַזאַ זאָג געטון דער מאַמען אין די אויגן. מיטאַמאָל איז זי אַרויס פון דער בושה.

די זעכצן־יעריקע כואַנאַ האָט זיך אין יענער מינוט אַ צעוואַקס־געטון, אויפגעיוירן ווי אויף הייוון.

אַ גלאַנץ האָט זיך אויסגעשפרייט אין אירע אויגן, די בעקלעך האָבן געפלאַמט און די בריסטלעך האָבן זיך אַ הייב־געטון, אַ שפּאַר־געטון פון קליידל אַרויס.

די מוטער האָט זי אַ טוליע־געטון צו זיך, מיט די ליפּן פייכט געמאַכט דעם שטערן, און געזאָגט אַז מען דאַרף זיך שוין אַרומוואַשן, זיך איבערטאָן.

— דו געדענקסט דאָך אים פון לאַנג, מאַמע! — האָט כואַנאַ שעמעוודיק געזאָגט און זיך איבערגענומען מיט איר זאָג ווי אַ קליין קינד און נייגעריק אַ פרעג געטון: — וויאַזוי האָט ער אַמאָל אויסגעזען? וויאַזוי, מאַמע?

שוין נישט איין מאָל האָט זי דאָס געפרעגט. די מאַמע האָט איר יעדעס מאָל עפּעס אַנדערש געענטפערט.



כואַנאַ האָט זיך אַרומגעוואַשן. דערנאָך איז די מאַמע זיך געגאַנגען אָרומ־וואַשן. כואַנאַ איז דערווייל צו צום שפּיגל און זיך דערזען אַ צעפּלאָמטע.

זי האָט אויפגעהויבן דאָס באָד־האַנטעך, וואָס איז איר געהאָנגען אויף די אַקסלען און אַ בליק־אַרונטער געטון.

זי האָט נאָכגעלאָזט דאָס האַנטעך, ס׳איז אַראָפּגעפאַלן אויף דרערד און זי האָט זיך געדרייט אַקעגן שפּיגל, אַ נאַקעטע. זי האָט זיך געשפּיגלט אין איר רייפקייט.

כואַנאַ האָט געקוקט אין שפּיגל און דערזען, בפועל־ממש געזען ווי ערגעץ דאָרט גרייט זיך גרינפעלד צו גיין צו איר.

באַלד וועט ער קומען. באַלד וועט זיין אַ וואָרט. צו דער חתונה וועט נישט לאַנג דויערן.

ווען זי וועט זיין מיט אים אַליין, וועט זי אים אַ זאָג־טון אין אויער, אַז זי וויל נישט וואַרטן. זי וויל שוין זיין זיין ווייב. אַפילו נאָך היינט. אַז ער וועט זיך מאַכן נישט־הערנדיק, וועט זי אים אָפּבייסן דאָס אויער.

אָ, ער וועט זיך מאַכן הערנדיק, זיכער. וואָסי? אַ נאַר איז ער? אַ יונגעלע איז ער?

אַ דינער טרויער האָט אַרויסגעבליקט פון אירע אויסגעוואַשענע אויגן, אַ גויי אַזאַ, ווי ס׳וואָלט איר אַ שטאָך־געטון אין גומען און אַ וואַרג־געטון.

פאַרוואָס טרעפט זי זיך מיט אים ערשט איצט? פאַרוואָס האט זי זיך מיט אים נישט געטראָפן צוריק מיט זעכצן יאָר, ווען ער איז געווען אַ יונגער יונג? פאַרוואָס איז זי דעמאָלט ערשט געבוירן געוואָרן?

זי האָט דערהערט טריט, שטילע טריט — די מאַמע אירע איז אַריינגעקומען. זי האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט, כואַנאַ, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך דאָס האַנטעך און אַריין אין צווייטן צימערל זיך אָנטון.

די מוטער איז צו צום שפּיגל זיך פאַרקעמען.

צוויי זילבער־ווייסע האָר האָבן זיך איר אַ שטעל־געטון אויפן קאָפּ צום סאַמע מיט שטערן־צו. פון ביידע זייטן האָבן אירע האָר אַליין זיך געלאָקט, ווי אַלע מאָל, ווי מיידלווייז. ווי — ווען זי האָט זיך געגרייט צום ערשטן ראַנדעוו אין איר לעבן.

...הינטערן פוילישן קלויסטער, ווייט אויף די לאָנקעס, האָט זיך הערשל גרינפעלד געדרייט און געוואַרט אויף איר, אויף ריווטשען. פון זינט ס׳איז נאַכט געוואָרן האָט ער זיך דאָרט געדרייט און געוואַרט. אַזוי האָט ער איר געזאָגט, ווען זי איז אָנגעקומען, פון הינטער אַ סטאָדעלע איז זי אַפּירגעקומען.

ער האָט אַ נעם געטון איר רעכטע האַנט, זי אַריינגענומען אין זיינע ביידע

הענט און גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. וואָס ס׳איז אים געקומען אין מויל אַריין, זי האָט געשוויגן.

מיטאַמאָל איז ער אויך אַנטשוויגן געוואָרן.

אַרום און אַרום איז שטיל געווען. מ׳האָט געהערט דאָס שאָרשקען פון היי. מ׳האָט געקענט הערן דאָס קלאַפּן פון ריוועטשעס האַרץ.

פון אויבן האָט אַראָפּגעקוקט אַ ווייסע לבנה, אַ פאַרחלומטע. אונטן האָט פאַרשיכורט דער ריח פון פריש־געקאָסעט היי.

— אַך, סאָראַ שאַינע לבנה! — האָט הערשל גרינפעלד שטיל אַ דעקלאַמיר געטון און נאָכגעלאָזט ריוועטשעס האַנט.

— אַך, ווי סע שמעקט! — האָט ער ווידער אַ מאַך געטון און נענטער זיך צוגעבויגן צו איר.

ריוועטשע האָט זיך נישט אַוועקגעבויגן. ער האָט זיך דערוועגט און איר אַ קוש געטון, נאָך אַ קוש און שטיל אויסגעזונגען:

— ריוועטשעלע!

— הערשל...

פון ערגעץ, נישט ווייט, האָט אַ זשאַבע זיך צעקוואַקעט. ריוועטשע האָט זיך געטון אַ דריי־אויס, אַ שפּאַן־געטון אויף אַוועקצוגיין.

— עץ גאַיט שוין, ריוועטשעלע?

— אָופּס ווידערזען! — האָט זי אַ זאָג־געטון דייטשמעריש און דערלאַנגט אים די האַנט.

מיט די זעלבע שטילע טריט, וואָס זי איז געקומען צו אים, איז זי אַוועק־געגאַנגען פון אים.

דער „ווידערזען" איז געשען אויף צומאָרגנס, אין דערזעלבער צייט און אויפן זעלבן אָרט.

זי איז פון הינטער דער סטאָדעלע אַפּירגעקומען לייכט ווי אַ פויגל, גרייט אַ פלי צו טון ווייט, ווייט.

ער איז געלעגן אין היי באַהאַלטן און געלויערט, ווי אַ יעגער.

זי האָט געקוקט אין אַלע זייטן און קיינעם נישט געזען. אין דעם האָט ער זיך געטון אַ שטעל־אויף און גענומען איר אַקעגנלויפן.

ער האָט צוגעלייגט איר האַנט צו זיין האַרץ, ווייזן איר ווי סע קלאַפּט. דערנאָך האָט ער געוואָלט זען, ווי איר האַרץ קלאַפּט.

דערנאָך האָט ער זיך אויסגעצויגן אין פריש־געקאָסעטן היי און געבליבן אַזוי ליגן.

זי איז געשטאַנען אַ ביסל, דערנאָך האָט זי זיך אַנידערגעזעצט לעבן אים. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט און זי צוגעבויגן צו זיך.

— ריווטשעלע! — האָט ער אַ דעקלאַמיר־געטון.

זי האָט אַ מאַך־געטון אין דער שטיל:

— עץ ווילט גאַין אַ ביסל?...

זי האָט זיך אויפגעהויבן פון היי. באַקוקט דאָס קליידל, די זאָקן.
איר פּנים איז דעמאָלט געווען בלאַסער ווי די לבנה.

ריווטשע האָט פּלוצים אָנגעשפּיצט די אויערן; זי האָט דערהערט — מען גייט.

אויפן אַנדערן טאָג האָט דאָס שטעטל געקאָכט, אַז מ׳האָט געפּאַקט אַ יינגל מיט אַ מיידל אויף דער לאָנקע.

דעמאָלט האָט זי זיך מיט אים מער נישט געטראָפן.

מ׳האָט אין דער גיך מיט איר אַ שידוך געטון און באַלד זי חתונה געמאַכט.
צום יאָר האָט זי געהאַט אַ מיידעלע. חנהלע האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן. און ווען זי האָט דאָס קינד אַנטוויינט, איז זי זיך צעגאַנגען מיטן מאַן.

***

הערשל גרינפעלד איז אַוועק פון שטעטל. נאָך מיט אַ יאָר קריק אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע.

ריווטשע האָט אים געוואָלט שרייבן, ער זאָל איר שיקן „פּאַפּירן", נאָר זי האָט נישט געשריבן. זי האָט גערעכנט, אַז ווי באַלד ער וועט זיך דערוויסן אַז זי איז זיך צעגאַנגען מיטן מאַן, וועט ער איר אַליין שרייבן אַ בריוו. הערשל האָט זיך אָבער נישט „דערוווּסט".

זי האָט דערנאָך אונטערגעשטעלט אירס אַ גוטן פריינט, ער זאָל שרייבן הערשלען וועגן איר, וועגן אַרויסנעמען זי. ער האָט נישט געענטפערט, הערשל.
—אַוודאי פאַרפאַלן געוואָרן, דער הערשל, האָט זי געקלערט און — ווי פאַרגעסן אים.

שפּעטער מיט יאָרן איז ריווטשעס אַ ברודער אַרויסגעפאָרן קיין אַרגענטינע און דערנאָך זי אַראָפּגענומען מיטן קינד.

ביי דער שיף האָט זי אָפּגעוואַרט דער ברודער און אויך הערשל גרינפעלד.
ריווטשע האָט הערשלען געגעבן די האַנט און אים געפרעגט, ווי סע גייט אים, מער נישט.

גרינפעלד האָט אויסגעזען יונג און שיין אַזוי ווי אַמאָל. ער איז דאָ רייך געוואָרן, באַגליקט. ריווטשע, פאַרקערט, איז שוין געווען צעבראָכן, אָנגעליטן.
זונטיק — דעם ערשטן זונטיק אין בוענאָס־איירעס — זיינען צו ריווטשען געקומען לאַנדסלייט אָפּנעמען אַ גרוס. הערשל גרינפעלד איז אויך געקומען.
אַצינד איז ער גראָד אין בוענאָס־איירעס, — האָט ער געזאָגט — איז ער

געקומען, טאַקע אַ קוק־טון צו איר, הערן וואָס זי דערציילט. אַזוי, האָט ער זיך אי זיך פאַרענטפערט אי זיך געגרויסט פאַר איר, פאָרט ער כמעט שטענדיק אַרום איבער דער פּראָווינץ.

ריווטשע האָט אים געהערט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ביסט אַ פייגעלע, האָט זי זיך געטראַכט בשעת־מעשה, אָבער נישקשה, וועסט נאָך קומען צו מיר. דער פרוילעכער אינסטינקט האָט עס איר אַריינגעקלאַפּט אין די געהירן.

***

חנהלען איז געפעלן געוואָרן וואָס אַזוי פיל מענטשן זיינען געקומען צו זיי. חנהלע האָט געהאַלטן אין איין איבערפרעגן דער מאַמען, צי מאָרגן וועלן ווידער קומען מענטשן, מ׳וועט פּח ס׳ביי עסן, טרינקען, ריידן, זינגען, דערמאָנען אַזוי פיל נעמען.

אויף צומאָרגנס און איבערמאָרגנס און אַלע טעג פון דער וואָך איז אָבער נישט געווען אַזוי ווי אין יענע ערשטע טעג.

עס איז געוואָרן אומעטיק. ריווטשע איז איבערגעלאָזן געוואָרן אויפן חסד פון איר אייגענעם גורל און דאָס קינד אויף אירע שוואַכע פּלייצעס.

אַ מאָל פלעגט זיך באַווייזן עמעץ פון די לאַנדסלייט, אַ מאָל איינער אַליין, אַן אַנדערש מאָל זיינען די מענטשן געקומען זאַלבעצווייט. „הא, דאָ איז אַנ־דערש, ריווטשע!״ — האָבן זיי געפרעגט, כדי נישט צו שווייגן. אַ מאָל האָט זיך ריווטשען דערמאָנט אין הערשל גרינפעלד, אָבער ער האָט זיך נישט געוויזן.

ריווטשע האָט נישט דערמאָנט זיין נאָמען. דער ברודער אירער — אויך נישט. חנהלע האָט שוין פאַרגעסן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גרינפעלד, ווי אַזוי ער זעט אויס.

חנהלען איז געגאַנגען דאָס אַכטע יאָר, ווען זי איז אָנגעקומען קיין אַרגענ־טינע. זי האָט אָנגעהויבן גיין אין שול, זיך גוט געלערנט, שיין געוואַקסן — די מאַמע האָט פון איר אָנגעקוואָלן.

די מאַמע האָט זיך אַזוי צוגעקוקט, ווי די יאָרן לויפן און איר חנהלע איז שוין באַלד אַזוי גרויס, ווי זי.

יינגלעך האָבן איר שוין געמאַכט קאָמפּלימענטן. דער טאַטער און אויך דער מאַמען.

ריווטשע האָט שוין אָנגעהויבן אין דער שטיל נאָכקוקן איר טעכטערל. איר כּוואַנאַ איז שוין אַ סעניאָריטאַ. ריווטשע האָט שוין דערזען אַ סוד אין כּוואַנאַס אויגן.

באמת, אַ סוד איז געוואַקסן באַנאַנד מיטן טעכטערל.

זי האָט זיך שטיל געפרייט, די מאַמע, אָבער מיט אַ ציטער אין האַרצן. פרעגן זי וואָס, ווען — האָט זי נישט געפרעגט.

כּוואַנאַ האָט מער נישט געקענט באַהאַלטן און דער סוד איז געוואָרן אויס סוד. זי האָט דערציילט דער מאַמען, אַז זי האָט עמעצן ליב און יענער האָט זי ליב. יענער איז שיין, קלוג און רייך, נאָר ער איז אַ סך עלטער פון איר.

דערנאָך האָט זי אַ זאָג־געטון ווער דער „יענער" איז.

— דער סעניאָר גרינפעלד.

ריווטשע איז בלאַס געוואָרן. זי האָט אויפן אָרט נישט געגעבן קיין ענטפער.

אויף צו מאָרגנס האָט זי געהייסן אים פאַרבעטן אין שטוב אַריין. שפּעטער מיט אַ צייט איז באַשטימט געוואָרן צו מאַכן „אַ וואָרט".

ביידע צימערלעך ביי ריווטשען זיינען געווען אויפגערוימט און אויפגעפּוצט. כּוואַנאַ האָט שוין אויסגעזען, ווי אַ כּלה. ריווטשע איז געשטאַנען ביים שפּיגל און זיך פאַרקעמט.

דערנאָך האָט זי זיך אין דער שטיל צוגעשאַרט צום פענצטער און געקוקט פאַרחלומט צו דער לבנה אַרויס — שוין נאַכט געווען.

ריווטשעס ברודער איז אַריינגעקומען אין שטוב און אַ פרעג־געטון, צי ער קען שוין גיין נאָך הערשלען.

איר האַרץ האָט אַ פלאַטער־געטון, ווי דעמאָלט ביינאַכט, אויף דער לאַנקע. ריווטשעס פּנים איז דעמאָלט געווען בלאַסער ווי די לבנה. אַ שטערן האָט אַ פלי געטון, אַראָפּגעפאַלן און געוואָרן אַ שטיין.

.1937

# אַ לעקציע

יעקב גרינפעלד האָט אַ קוק געטון אַזוי אין דער זייט. עס האָט אים אַ היפּשׂ ביסל געוווּנדערט, וואָס דער סעניאָר טראַכטענבערג האָט אים הייגט אויפגעגעצומען אַזוי פריינטלעך. געבעטן אים זיצן. געבעטן אַז ער זאָל ווען אַריינקומען צו אים. מעג זיין אין פאַבריק. מעג זיין אין דער וווינונג.

— קומט צו גיין, סעניאָר גרינפעלד, עפּטערס קומט צו מיר אין הויז, ס׳וועט זיך אפשר מאַכן אַ לעקציע.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן... זייער אַנגענעם... אַ דאַנק, אַ דאַנק — האָט גרינפעלד געשטאַמלט, נישט געקענט תופס זיין, וואָס מיט דעם סעניאָר טראַכטענבערג טוט זיך.

— און ביי מיר, פאַרשטייט איר, סעניאָר גרינפעלד, אַז אַ לעקציע, איז אַ לעקציע! ווערט אַ היימישער מענטש ביי מיר, איך האַלט פון אייך. אויב נישט קיין לעקציע, איז עפּעס אַנדערש, עפּעס וועט זיך שוין מאַכן; איך האַלט פון אייך!

גרינפעלד איז שוין געווען אַ שטיק וועג פון סעניאָר טראַכטענבערגס פאַבריק און ער האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט קומען צו זיך:

ער וועט דאָך נישט פּלוצים גיין גלייבן, אַז אַ ייִדישער לערער איז ביים סעניאָר טראַכטענבערג אַזאַ יחוס. ער קען דעם סעניאָר טראַכטענבערג נישט פון נעכטן — ווער קען נישט דעם סעניאָר טראַכטענבערג?

איינער פון די גרעסטע גבירים — פּרעזידענט פון ד ע ר גרויסער אינסטיטוציע, פון י ע נ ע ר גרויסער אינסטיטוציע — פון די גרעסטע „סאָסיעדאַדן".

מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס פאַראַן אויסזען ס׳האָט ביי אים אַ ייִדישער לערער! און ווען אַפילו יאָ, זיינען פאַראַן קאַרג לערערס אין בוענאָס-איירעס? ווען ער וועט נאָר אַ פּיפּס-טון, וועט מען לויפן איבער אים, ווי איבער אַ רייכער ירושה.

— מילא, — האָט גרינפעלד באַשלאָסן, — אַז מ׳וועט עלטער ווערן, וועט מען זען. ער וועט אָנהייבן אַריינגיין צו אים.

באַלד אויפן צווייטן טאָג איז ער נישט געגאַנגען. אויפן דריטן טאָג — אויך נישט.

ער האָט אָפּגעלייגט אויף שבת. פּונקט צו די אַכט טעג, זינט ער איז ביי אים געווען.

דעמאָלט איז גרינפעלד געגאַנגען צו אים — וועגן אַ געלט־זאַמלונג, וועגן אַ גרעסערער סומע, האָט סעניאָר טראַכטענבערג אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדערש מאָל. אַרויפגעפירט אויף יענעם שמועס, וועגן דער לעקציע, און מיט דעם איז גרינפעלד דעמאָלט אַוועקגעגאַנגען.

— איז טאַקע זייער גוט — האָט זיך גרינפעלד געטראַכט -- האָט ער אַן אויסרייד וועגן וואָס צו קומען: וועגן יענער געלט־זאַמלונג.

געקומען אַהין, האָט ער וועגן דעם אַפילו נישט דערמאָנט.

סעניאָר טראַכטענבערג איז מיט אים באַלד אַרויס פון פאַבריק און אים איינגעלאַדן אין זיין אויטאָמאָביל אַריין, מכבד געווען מיט אַ גוטן ציגאַר און אַ זאַג־געטון צום שאָפער, ער זאָל פאָרן אין דער געגנט פון פאַלערמאָ. אויפן וועג האָט סעניאָר טראַכטענבערג נישט דערמאָנט וועגן דער לעקציע. גערעדט מיט אים וועלט־זאַכן... וועגן פאָליטיק, טעאַטער, וועגן יעדער זאַך אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, ווי סע פאַסט פאַרן סעניאָר גרעגאָריאָ טראַכטענבערג.

אויפן שפּאַציר האָט גרינפעלד נאָך ווי־נישט־איז געפונען אַ פּלאַץ, אָבער אין הויז פון סעניאָר טראַכטענבערג איז אים געוואָרן גאָר אומבאַקוועם.

מ׳האָט אים געגומען פאַר יעדן פאָרשטעלן. ער האָט זיך אָנגעהויבן פילן, ווי אַ קליינשטעטלדיקער חתן, ווען ער טרעפט זיך דאָס ערשטע מאָל טימ די מחותנים, מיט דער כלה.

ס׳איז אים איינגעפאַלן, אַז אפשר האַנדלט זיך דאָ גאָרנישט וועגן קיין לעקציע, נאָר טאַקע עפּעס וועגן אַ שידוך? אָבער...

ער האָט עס גלייך אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט:

וואָס פאַר אַ פאָר איז ער עס מיטן סעניאָר טראַכטענבערג? וואָס פאַראַ מציאה וועט מען כאַפּן אין אַ יידישן לערער?

נאַרישקייטן.

באַלד איז אַריינגעקומען אַ קליין, שיין מיידעלע, מיט לעבעדיקע אייגעלעך. גרינפעלד האָט אויף איר אַ קוק־געטון — דאָס איז קענטיק די שילערן?

נאָכדעם האָט זיך באַוויזן אַ יינגעלע, אַ רירעוודיקער בחור.

— אַהאַ! — האָט גרינפעלד שוין אַ שמייכל געטון צום סעניאָר טראַכטענבערג וועגן די צוויי קינדער — דאָס פאָרל, הייסט עס, זיינען עס די שילער!

— האַ?... — האָט טראַכטענבערג ווי אויפגעכאַפּט זיך פון שלאָף, — ניין...

אינדעם איז אַריינגעקומען אַן עלטערע סעניאָריטע. זי האָט אויסגעזען קראַנק, אַזוי, ווי עפּעס אַלץ וואָס סע פירט זיך אויף דער וועלט, וואָלט געווען נישט מער, ווי איר אויף צו־להכעיס.

זי האָט פון דעסטוועגן אַ שמייכל געטון, ווען מ׳האָט זי באַקענט מיט גרינפעלדן און טאַקע מיט אַ פריינטלעכן שמייכל.

זינט יענעם טאָג איז גרינפעלד אַרומגעגאַנגען אַ צערודערטער. ער איז שוין כמעט ווי זיכער געווען, אַז דאָ האַנדלט זיך טאַקע וועגן אַ שידוך. און ס'האָט אים פאַרדראָסן וואָס די־אָ סעניאָריטאַ איז נישט קיין יונגע, שיינע, געזונטע — און ווער ווייסט וואָס נאָך...

ער האָט צו איר גאָרנישט. אדרבא, ער פילט אַ מיטלייד מיט איר, אָבער ער טראַכט אויפצוהערן אַרויפקומען אַהין.

וואָרעם, אַז עפּעס זאָל ווערן דערפון קאָן נישט מעגלעך זיין אַפילו צו נעמען אויפן געדאַנק. וואָס־זשע פאַר אַ זינען האָט עס אַרויפקומען אַהין?

האָט ער טאַקע אָנגעהויבן קומען זעלטענער. סעניאָר טראַכטענבערג, אָבער, האָט זיך געטון זיינס: ער האָט מיט אים גערעדט און געשמועסט, געפאָרשט; מסתמא געוואָלט דערקענען זיין כאַראַקטער.

איין מאָל איז ער פלוצים, ווי פון בוידעם אַראָפּגעפאַלן, צי ער קען אויך שפּאַניש?

גרינפעלד האָט אים סתם געענטפערט, אַז יאָ, און ס'איז ווידער ווי איבערגעמישט געוואָרן דאָס בלעטל.

און נאָך דעם, אין עטלעכע טעג אַרום, האָט סעניאָר טראַכטענבערג אַריינגענומען גרינפעלדן און זיך פאַרמאַכט מיט אים אין אַ באַזונדער צימער.

ס'איז שוין געווען פאַרנאַכט, זיי זיינען געזעסן אין דער טונקל און געטרונקען אַ ווערמוט. יענץ מאָל האָט סעניאָר טראַכטענבערג געוואָלט שמועסן אין דער טונקל.

ער האָט אַ מאַך־געטון צו גרינפעלדן, אַז ער וויל מיט אים ריידן וועגן אַזאַ זאַך, וואָס אַזאַ מענטש ווי ער, טראַכטענבערג, קען עס מיט קיינעם נישט ריידן, אַ חוץ מיט אַן אייגן קינד...

ביי גרינפעלדן האָט זיך אַזש אָנגעהויבן וואַרפן דאָס האַרץ: נאַ, אַצינד וועט עס אַרויסשפּרינגען!

און סעניאָר טראַכטענבערג האָט אָנגעהויבן, אַז... דאָ לעצטנס איז ער געגאַנגען אין דער „סאָסיעדאַד". ער האָט באַדאַרפט אונטערשרייבן אַ גאַנצע רייע בריוו, אַקטן, פאַרשיידנס...

גרינפעלד האָט אויסגעהערט אויפמערקזאַם יעדעס וואָרט.

— איז... איך האָב אַ זיגעלע, אַזוינס וואָס מאַכט מיין אונטערשריפט...

גרינפעלד האָט נישט פאַרשטאַנען צו וואָס די רייד צילן.

— איז... ווי איך וויל אַרויסנעמען מיין זיגעלע, זוך איך עס און זוך עס און אומזיסט, איך האָב עס פאַרגעסן אין דער היים. איך האָב מיך קוים אַרויסגעדרייט, איך בין שיעור־נישט פאַרשעמט געוואָרן, איר פאַרשטייט?...

גרינפעלד האָט אַרויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, ווי איינער רעדט: דאָס גאָר? אַ וויסטער חלום צו זיין קאָפּ!

און סעניאָר טראַכטענבערג האָט פאַרענדיקט:

— דעמאָלט איז עס פאַר מיר געווען אַ גוטע לעקציע, אַז כאָטש ביי די־אָיאָרן און כאָטש ווייסעך־וואָס..., מוז איך מיר צונעמען אַ לערע. איר וועט זיין צופרידן, סעניאָר גרינפעלד, נאָר ס'זאָל בלייבן, למען־השם, אַ סוד!

גרינפעלד איז אַרויס פון דאָרט צופרידן מיטן סוד. ווי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ באַרג פון קאָפּ. נאָר אויף דער סעניאָריטע טראַכטענבערג האָט ער עפּעס, פון דעמאָלט אָן, אָנגעהויבן קוקן מיט אַנדערע אויגן.

עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט די גאַנצע צייט געהאַט אַ טעות: זי איז גאָרנישט קראַנק, נישט פאַרעלטערט, נישט מיאוס — זי איז געזונט, יונג און שיין.

.1935

# דער בוים

צום ערשטן האָבן טאַטע־מאַמע גענומען די קינדער אין וואַסער אַריין, זיי אָפּבאָדן, דערנאָך זיינען זיי אַליין זיך געגאַנגען באָדן.

אין וועלדל ביים טייך, ווו די קינדער זיינען געבליבן היטן די זאַכן, האָבן זיך שוין די לעצטע עטלעכע מענטשן געקליבן אַוועקצוגיין.

ס'איז שוין געווען נישט ווייט פון זון־אונטערגאַנג. פון וועלדל איז די זון נאָך פון פריער אַוועק.

דאָס וואַסער האָט געהאַט אויסגעגאָסן אַריבער די ברעגעס, אָבער אויף צו באָדן זיך אין דער טיף, האָט מען נאָך אַלץ געמוזט גיין אַ שטיקל וועג. זיינען די טאַטע־מאַמע געגאַנגען אין וואַסער און גערעדט.

פון די קינדער האָבן זיי גערעדט.

דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז שמוליק איז שוין טאַקע אַ גרויסער יונג. שמו־ליקן קען מען שוין איבערלאָזן אַליין, אויף שמוליקן קען מען זיך שוין פאַרלאָזן.

די מאַמע, ווידער, האָט געזאָגט, אַז פאַרלאָזן זיך קען מען שוין גיכער אויף ביילקעלען, כאָטש זי איז יינגער פון שמוליקן.

— ביילקעלע איז אַ שטיל קינד, אַ געלאַסנס! — האָט די מאַמע זי אויס־געלויבט.

— שמוליק איז דאָך אָבער אַ פייערדיקער יונג! — האָט דער טאַטע אים אויסגעלויבט.

אַזוי זיינען זיי געגאַנגען אַלץ טיפער אין וואַסער און גערעדט.

שמוליק און ביילקעלע האָבן דערווייל זיך געפּאָרעט ביי די זאַכן און צווישן זיך אויך גערעדט.

שמוליק האָט געזאָגט, אַז ער נעמט אַליין איינפּאַקן, ווען טאַטע־מאַמע וועלן אַרויסקומען פון וואַסער, זאָלן זיי נישט וויסן ווער עס האָט דאָס געטאָן.

— דו זאָלסט זיך גאָרנישט אָנרופן, — האָט ער אָפּגעשמועסט מיטן שוועסטערל.

ביילקעלע, ווידער, האָט געזאָגט, אַז זי נעמט אַליין צוגרייטן אַ מאַטע. ווען טאַטע־מאַמע וועלן אַרויסקומען, זאָל ער אויך זיך גאָרנישט אָנרופן. וועסט זען, וואָס זיי וועלן טענהן!

אָפּגעמאַכט איז אָפּגעמאַכט, און יעדער פון זיי האָט זיך גענומען צו זיינס.

שמוליק האָט אָנגעהויבן פּאַקן און ביילקעלע — צוגרייטן אַ מאַטע.

שמוליקן איז עס געגאַנגען גאַנץ גלאַט, ביילקעלען וואָלט עס אויך נישט שלעכט געווען געגאַנגען, אָבער דאָס פּייער האָט עפּעס קאַפּריזעוועט. וואָס ס׳מיידעלע האָט נישט געטאָן, האָט עס נישט געהאָלפן: דאָס פּייער האָט זיך נישט צעברענט און דאָס וואַסער האָט נישט געקענט אויפקאָכן. און ביילקעלע האָט דווקא נישט געוואָלט אָנקומען צו שמוליקן, אַז ער זאָל איר צוהעלפן, ווייל דערנאָך קען ער נאָך זאָגן, אַז ער האָט געמאַכט אויך די מאַטע.

זי האָט נישט געוואָלט און נישט געוואָלט, אָבער קיין ברירה איז נישט געווען. ס׳פּייער האָט זיך געפּוילט און ביילקעלע האָט געמוזט זאָגן דעם ברו־דערל, אַז ער זאָל איר העלפן צעבלאָזן אַ פלעמל.

שמוליק האָט זיך אַ שטעל־געטון ווי אַ גרויסער, „איך וועל שוין... לאָז נאָר מיך״. ער האָט גענומען אַ שטיק בלעך געשאַרט דאָס פאַרדושעטע פּייער. דער־נאָך איז ער געבליבן שטיין און זיך אַזוי אַרומגעקוקט. ער האָט זיין בליק גע־וואָרפן אויף אַן אָרט, אונטער אַ ביימל וווּ ס׳איז געווען אַ ביסל אויסגעהוילט, און אַהין צוגעשאַרט דאָס פּייער.

— ניטע! — האָט ביילקעלע אַ געשריי געטון. — דער בוים קען זיך נאָך אָנכאַפּן!

— בוים־שמוים... — האָט שמוליקל אַ מאַך געטון. — ער איז שוין סיי־ווי־סיי אונטערגעברענט.

שמוליק האָט געטון אַ טראָג צונויף ווו אַ שפּענדל, אַ קויל, אַ שטיק פּאַ־פּיר — וואָס ס׳איז אים נאָר געקומען אין האַנט אַריין, און צעפלאַקערט אַ הע־ליש פייער.

דערנאָך איז ער צוריק צו צו זיין אַרבעט — צום איינפּאַקן די זאַכן אין קיישל אַריין, אין טאָרבע אַריין.

ביילקעלע האָט דערווייל געפּוצט די „באָמביזשע״, אָנגעשאָטן זשערבע און אַרויסגענומען עפּעס צוצובייסן. און אינצווישן האָט זי דערזען אַז טאַטע־מאַמע גייען.

— שמוליק, זאָלסט דיך גאָרנישט אָנרופן! — האָט זי געזאָגט און געבליבן שטיין, גלייך ווי גאָרנישט.

שמוליק האָט אַריינגערוקט די הענט אין די קעשענעס און אַרויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, גלייך ער קען קיין צוויי נישט ציילן.

טאַטע־מאַמע האָבן אַ קוק־געגעבן אויף זייערע „צוויי לייט״, ווי זיי שטייען אַזוי פאַרטאָן, האָבן זיי נישט געוואָלט זיי שטערן.

„זאָלן זיי!״ — האָט געהייסן זייער בליק צו אייננאַנדער.

שמוליק מיט ביילקעלען זיינען געשטאַנען גרייט, נאָר אויסצושיסן — ווען

זיי האָבן דערזען טאַטע־מאַמען קוקן וואָס זיי טוען. אָבער זיי האָבן נישט גע־לאַכט. בלויז די אויגן האָבן געלאַכט, די מינעס האָבן זיך געפרייט. דער טאַטע האָט דערווייל זיך אָנגעשפּאַרט אָנעם ביימל וואָס האָט געהיטן ס׳פייער, אָבער דאָס — אַ שוואַכס — האָט נישט געוווּסט קיין „חכמות״, עס האָט זיך אַ ברעך אונטער געטון און — אומגעפאַלן.

דעמאָלט האָט דער טאַטע שוין נישט געשוויגן:

— וואָס האָט איר געטאָן, חברה?!

און די מאַמע האָט דעם צווייטן געשריי געטון:

— איך האָב אָבער געזאָגט, אַז מ׳טאָר זיי נישט איבערלאָזן אַליין! — אָבער איך וויל וויסן, — האָט זי זיך צעקאָכט, — ווער ס׳האָט דאָס געטאָן, וויל איך וויסן!

קליינוואַרג האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ס׳איז זיי געווען אַ שאָד דער בוים און ס׳איז זיי שוין פאַרשטערט געוואָרן די גאַנצע שפּיל אין מאַכן זיך ווי גרויסע, אַז ס׳זאָל אויך טאַטע־מאַמען געפעלן.

דער טאַטע האָט זיך באַלד אַ כאַפּ געטאָן, אַז עמעץ קען נאָך אָנקומען, דערזען דאָס פייער און דעם בוים אין צרות, — האָט ער גיך זיך אָפּגעבייזערט און אַ צי געטון „זיין עולם״:

— גיכער, פאַרנעמען זיך פון דאַנעט!

אַליין זיך שנעל אָנגעטאָן, די מאַמע אויך אַזוי, און מ׳האָט שטיל, כמורע זיך אַרויסגעשאַרט פון וועלדל. אַזוי שוין ביזן אַהיים קומען זיינען אַלע געווען שטיל.

טאַטע־מאַמע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז שמוליקס שטיקל אַרבעט, אָבער זיי האָבן אים שוין נישט געוואָלט דערמאָנען אין דעם. זיי האָבן איינגע־זען אַז סע קען אים אַליין נישט אַרויס פון קאָפּ.

ג׳עשטאַנען אַ בוים און געוואַקסן, און פּלוצעם האָט ער זיך אונטערגעבראָכן און — געפאַלן. ס׳איז מאָדנע מיט דעם בוים. ביימער זיינען דאָך גרויס, שטאַרק. נישט קאַ׳ מענטש וואָס זאָל נישט מוזן אַרויפקוקן צו אַ בוים!...

אַלע זיינען אַריין אין שטוב, בלויז שמוליק איז אַ ווײַלע איבערגעבליבן אין דרויסן, פאַר דער טיר. ער האָט זיך פאַרקוקט אויפן בוים, וואָס איז דאָרט גע־שטאַנען, אַ שיינער, גלייכער בוים איז עס געווען, דער בוים פאַר דער שטוב, אָבער געזען האָט דאָס ייִנגעלע יענעם בוים, דעם איינגעבראָכענעם, דעם אומ־געפאַלענעם.

ביזן שלאָפגיין האָט שמוליק שוין קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט.

1937.

# טעאַטער

שיינדל איז געשטאַנען ביי דער קאַסע פון טעאַטער, געשלעפּט פּאַפּירן־געלט פונעם בייטל און געוואָרנט דעם קאַסירער:

— געדענקט, אַ גוטן בילעט, נאָענט פון דער בינע!

— מיר גיט אויך נאָענט פון דער בינע, — האָט פייוול זעלצער זיך געבעטן ביים קאַסירער.

שיינדל האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו זעלצערן, געקוקט אויף אים און אים נישט דערקענט.

ער האָט זי אויך נישט דערקענט אין ערשטן אויגנבליק. באַלד אָבער האָט ער זיך אַ גלייך־אויס געטון, אויפגעריסן די אויגן און אַ שטאַמל־געטון:

— שיינדל?...

— יאָ, שיינדל... ווער זענט איר? איך קען אייך נישט...

ביי די לעצטע ווערטער האָט זי אים שוין יאָ דערקענט. אַפּילו געוואָלט זיך אויסדרייען און אַוועקגיין פון אים, אָבער זי האָט עס נישט געטון. פאַרקערט, זי האָט אים נאָך אויסגעשטרעקט די האַנט.

פייוול האָט זיך פאַרנייגט, ווי אַ יונגער פּאַצעט און איר אַ קוש־געטון אין האַנט אַריין.

שיינדלס אויגן זיינען פייכט געוואָרן, אָבער זי האָט זיך באַלד באַהערשט.

— איר גייט אויך אין טעאַטער? — האָט זי אים טרוקן אַ פרעג־געטון.

— יאָ... איר אויך?

נאָך צוויי צענדליק יאָר האָט זי אים אַ זאָג געטון „איר". אים איז שווער געווען אַראָפּצוואַרפן פון זיך אַזוי פיל יאָרן און אַ קוק־טון אויף איר מיט די דעמאָלטדיקע אויגן.

זי האָט אים שווער באַגעגנט, ס'איז די שווערקייט ווי פון לאַנגן ווינטער, וואָס ציט זיך אָן אויפהער.

לאַנגע גאַסן האָט די גרויסע פרעמדע שטאָט. וווּ ער וויל, קען ער גיין, נאָר אַליין. מיט וועמען ער גייט, גייט ער אַליין, פון זינט נאָך שיינדלען. איין מאָמען האָט ער געהאַט און איין שיינדל.

אַז שיינדל ווייסט דאָס נישט, זאָל זי עס נישט וויסן. און אפשר ווייסט

זי עס? זי איז דאָך אויך אַליין. איר גרויער קאָפּ האָר מסרט זי, איר פרי־פאַר־עלטערט פנים.

— אַך, יענע שיינדל, יענע שיינדל... — האָט טיף אין אים אַ וויין־געטון.

די בינע האָט נישט געקוקט אויף זיין האַרץ. די בינע האָט דאָס געטון פאַר אים.

דאָס טעאַטער איז געוועןן היפש באַזעצט. אַ וואַרעמער אָטעם האָט זיך גע־טראָגן איבער שיינענדיקע פנימער. גלאַנציקע אויגן.

אַ סיגנאַל. דאָס ליכט האָט זיך אויסגעלאָשן. אויגן האָבן גענומען בלאָנ־דזשען. מענער צו פרויען האָבן זיך צוגערוקט נעענטער. האַנט אויף האַנט אַ גלעט געטון, פינגער אין פינגער זיך געפלאָכטן. דער אָרקעסטער האָט אַ שפּיל־געטון.

שיינדל מיט פּייוולען האָבן אַרויסגעקוקט אַז דער אָרקעסטער זאָל שוין אַ שפּיל־טון ,עפּעס זאָל זיך שוין אָנהייבן. זיי זיינען געזעסן די גאַנצע צייט ווי אויף שפּילקעס. אַ רעד־געטון אַ וואָרט און נישט גערעדט. געזעסן איינער לעבן אַנדערן און ווי אַ וואַנט וואָלט זיי אָפּגעטיילט.

דער אָרקעסטער האָט געשפּילט, געשפּילט און געענדיקט. אַ בראַוואָ. שיינדל מיט פּייוולען האָבן אַרויסגעקוקט אויף דעם, אַז דאָס שפּילן זאָל זיך שוין ענדיקן. זאָל זיך ענדיקן; זאָל זיך אָנהייבן; זאָל זיך עפּעס טון.

די פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן. אַ היימישע שטוב, ווי אין אַ קליין שטעטל אַמאָל. ווי ביי שיינדלען אין דער היים. אַ גרויסע שטוב מיט צוויי ברייטע צעעפנטע פענצטער צום הויף אַרויס.

פון איין פענצטער לאַכט אַריין אַ לויטערע זון.
דורכן צווייטן פענצטער — גרינע גרעזעלעך.
ס'האָט זיך דערהערט פונעם הויף אַ צונויפּרופן די הינער:
— טשיפּ־טשיפּ, הינדעלעך! טשיפּ־טשיפּ־טשיפּ...

שיינדלס מאַמע איז אַריין אין שטוב אַ צעפלאַמטע, מיט אַ פולן פאַרטעך. שיינדלס טאַטע איז גאָך נאָך דער מאַמען און זיך געטשעפּעט צו איר באַלד אויף אין דער פרי.

— אפשר וואָלטסו דיך שוין אָנגעהויבן צו שעמען אַ ביסל?... — האָט זיך שיינדלס מאַמע אַ צעלאָך געטון מיט אַ פול זאַפטיק מויל.

— וואָס טו איך דען?

— וואָס וואָלסטו נאָך געוואָלט טון ביים אָפענעם טאָג? מיר האָבן דאָך שוין קיין עין־הרע אַ טאָכטער אַ שידוך צו טון.

— חתונה צו מאַכן.

— טשיפּ־טשיפּ... — איז שיינדל אַ שפּרונג־אַריין געטון אין שטוב ווי אַ

ציג און זיך געמאַכט ווי זי וואָלט נישט געהערט וואָס טאַטע־מאַמע האָבן גערעדט וועגן איר.

— מויד, וואָס שפּרינגסטו אַזוי אַרום אין אונטערראָק — האָט די מאַמע זיך אויף איר כלומרשט אַ בייזער־געטון — פּייוול דרייט זיך שוין פאַר דער טיר אַ פאַרפּוצטער.

— פּייוול? — האָט שיינדל זיך אַ פאַרקרום־געטון — וואָס גייט ער מיך אָן?

איר מאַמע האָט אַ שמייכל געטון און זיך געלאָזט אַרויסגיין. דער טאַטע — נאָך איר און אָפן געלאָזט די טיר.

שיינדל האָט פון דער זייט געקוקט אין דרויסן אַרויס, צי פּייוול דרייט זיך טאַקע. טאַקע אים דערזען און זיך געמאַכט נישט־זעענדיק.

זי האָט אַ נעם־געטון דאָס שפּיגעלע, וואָס איז געשטאַנען אויפן קאָמאָד און זיך לענגער אַראָפּגעצויגן דעם לאָק איבערן שטערן — און זיך מענעריש אַ שטעל־געטון. זי האָט אים ליב, נאָר זי וויל אים לערנען רעספּעקט.

— וואָס מאַכסטו עפּעס, שיינדעלע? — האָט פּייוול אַ שטעל־אַריין געטון דעם קאָפּ אין דער טיר.

— וואָס איך מאַך? אַזוי זיך — האָט אים קאַלט געענטפערט — איך קלייב צו די שטוב.

— אפשר דיר צוהעלפן?

— אַ דאַנק...

— וואָס ענטפערסטו מיר עפּעס אַזוי, שיינדעלע?

— אַ נייע מעשה! — האָט זי פאַרריסן די נאָז — כ׳בין אויסגעגאַנגען אַלע שקאָלעס, וועל איך ערשט דאַרפן גיין נאָכאַמאָל, זיך אויסצולערנען וויאַזוי צו ענטפערן!

פּייוול האָט געשוויגן. ער איז צו, פון דער אָפענער טיר — צום פענצטער, פון איינעם צום צווייטן און קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט.

שיינדל האָט זיך כלומרשט ערנסט פאַרנומען מיטן צוראַמען די שטוב און אים רעכט נישט באַמערקט.

אַ לענגערע ווײַלע האָט עס געצויגן אַזוי, ווי ביידע האָבן נישט גערעדט. דערנאָך האָט ער צו איר אַ מאַך־געטון, אַז זי זאָל זיך גוט באַרעכענען וואָס זי טוט. ער וועט אַוועק אין דער וועלט אַריין און צוויי לעבנס וועלן צעבראָכן ווערן.

ער איז אַרויס פון שטוב.

זי האָט אַנידערגעשטעלט דעם בעזעם, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט

און פֿאַרלייגט די הענט, זיך צוגעדריקט די בריסטלעך און פֿאַרביסן די אונטער־שטע ליפּ.

די פּאָרהאַנג איז געפֿאַלן. סוף פֿון ערשטן בילד. דער עולם אין טעאַטער האָט געפּאַטשט בראַוואָ. אָפּגעפּאַטעמט.

ווידער בלענדנדיקע ליכט. פֿנימער — מער צעשטראַלטע.

שיינדל מיט פּייוולען האָבן נישט געפּאַטשט קיין בראַוואָ. זיי האָבן נישט געזען פֿאַלן דעם פּאָרהאַנג.

פּייוול האָט אַרויסגענומען אַ טיכעלע און זיך גענומען ווישן דעם שווייס פֿון שטערן. שיינדל האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און זיך אויפֿגעהויבן פֿון בענקל.

זיי זיינען אַריין אין אַ קאַפֿע־הויז דערלעבן און זיך אַנידערגעזעצט ביי אַ טישל. זיי האָבן אָן ווערטער זיך אָפּגערעדט, נישט צו גיין זען ווייטער די פֿאַר־שטעלונג.

דער קעלנער האָט דערלאַנגט צום טיש עסן, טרינקען און זיי זיינען געווען צופֿרידן, וואָס זיי קענען זיך מיט עפּעס פֿאַרנעמען. זיי מוזן נישט רעדן.

אַלע מאָל האָט עמעצער אויפֿגעמאַכט די טיר און אַ קעלט האָט אַ יאָג־געטון פֿון דער גאַס.

אַרויס פֿון קאַפֿע־הויז, האָט זי אים אַ נעם־אָן געטון. באַלד האָט זי קריק גענומען די האַנט און אַריינגעטון אין קעשענע פֿון איר מאַנטל.

אַ פֿוילע קעלט. אַ קעלט פֿון טיפֿן ווינטער האָט אויף זיי אַ בלאָז־געטון און זיי אַ שטויס־געטון אויפֿן טראָטואַר אַרויף — ווייטער, ווייט, צוזאַמען.

1938.

# האַרבסט־גרינס

די רויטע קריינדל האָט אויפגעעפנט אַן אויג און דערזען אויפן אַנטקעגנ־דיקן לוח אַז ס׳איז שוין דער 5טער מאַרץ און זי האָט זיך אַ הייב געטאָן פונעם געלעגער, ווי אָפּגעבריט.

ס׳איז געווען אַ זונטיק אין דער פרי.

דעם־אָ זונטיק און נאָך אַ זונטיק און — שוין. קריק אין שול אַריין. קריק לערנען מיט די קינדער. קריק אויסריידן זיך דאָס האַרץ, די לונגען. קריק שול־פאַרוואַלטונגען, זיצונגען. קיין טאָג, קיין נאַכט, קיין שבת, קיין זונטיק.

זי האָט געוואָלט מיט די ציין צוהאַלטן די וואַקאַציעס. די וואַקאַציעס, דעם זומער, די פּליאַזשע און, דער עיקר די באַקאַנטשאַפט מיט שוסטערן. אפשר וועט פון דעם באַקאַנטשאַפט עפּעס ווערן. אויף אַ וועג האַלט זי שוין מיט אים.

היינט, ווען זי וועט זיך מיט אים טרעפן אויף דער פליאַזשע, וועט זי אים זאָגן, אַז זי איז נישט קיין זומערפייגעלע — זי וויל זיך בויען אַ נעסט, אַ היים.

זי וועט אים זאָגן, אַז זי האָט געוואַרט, ער זאָל זיין דער זאָגער, נאָר אַזוי ווי זי זעט, אַז אים פעלט די דרייסטקייט דערצו, מוז זי שוין זיין די זאָגערן.

דעם גאַנצן וועג פון דער היים צו דער פליאַזשע האָט זי געטראַכט וועגן דעם, וואָס זי וועט אים זאָגן. זי האָט נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס זי האָט געוואַרט אַזוי לאַנג, ביז סוף זומער.

— וואָס זיינען זיי — שוסטער מיט איר — אַ יינגעלע מיט אַ מיידעלע?

זי איז שוין אַ מיידל ביי די דרייסיק און ער — עלטער פון איר מיט אַכט יאָר.

ער האָט אויסגעזען אַ ביסל פאַרעלטערט און זי איז איבערן זומער יינגער געוואָרן. די זונבעדער, די לופטבעדער, — די פליאַזשע האָט איר פאַרהאַלטן די צוויי־דריי קנייטשעלעך, וואָס ביי די אויגן.

זי איז געווען אַ פליאַזשע־פרעסערן. גאַנצע טעג איז פאַר איר ווינציק גע־ווען דאָרט איבערצוליגן.

די ווייסע הויט פון איר לייב איז איבערן זומער בראָנדז געוואָרן. די רויטע האָר פון קאָפּ זיינען ערטערווייז איר געוואָרן ווי קופּער.

זי האָט זיך אויסגעצויגן אויף אַ שטיין, לעבן דער פליאַזשע, אין דער גאַנ־

צער לענג, מיט די הענט צעשפּרייט, מיטן פּנים אַרויף, קעגן דער זון און גע־וואַרט, אַז שוסטער זאָל קומען און זי טרעפן אַזוי ליגן.

ער וואַרט אַוודאי ערגעץ אויף אַן אָמניבוס, צי אויף אַ קאָלעקטיוואָ — שווער דער פּאַרקער אין בוענאָס־איירעס.

דער זייגער איז שוין געווען עלף און מ׳האָט זעלטן געזען עמיצן קומען צו דער פּליאַזשע. שוין, נאָכן סעזאָן.

איינער, אַ יונגער בחור, מיט אָפּגעפּאַסטע באָד־הייזלעך האָט זיך גענומען דרייען. זיך געבויגן, געמאַכט גימנאַסטישע איבונגען — געוואָלט זיך ווייזן ווי־לעריש פאַר קריינדלען — און אַ שפּרונג אַריין געטאָן אין טייך.

עטלעכע זיינען געזעסן איינגעקוטשקעט, געפּלאָפּלט צווישן זיך, און אין גאַנצן נישט געהאַט קיין חשק זיך צו באָדן. אין אַ ווינקל, ביי די טרעפּ, איז גע־זעסן אַ פּאָרל און זיך געשפּילט אין ליבע.

זי האָט אַ נעם געטאָן איינעם פון זיינע קאָפּ־לאָקן און אים זיך אויפגע־וויקלט אויף אירס אַ פינגער, אויפגעוויקלט און אַ צי געטאָן.

ער האָט איר אַ פּעטשל געטאָן אין דער האַנט, דערנאָך אין אַ באַק, אין דער צווייטער באַק. זי האָט געשמייכלט און אַוועקגעקוקט אין אַ זייט.

אַ שטיק כמאַרע האָט געדיכט באַדעקט די זון און איבערגעצויגן דאָס פּאָרל, ווי מיט אַ טונקעלער זאַך.

דער לאַ־פּלאַטאַ טייך האָט דעמאָלט אויסגעזען ווי פון בלאָטע.

ס׳איז קיל געוואָרן.

דאָס פּאָרל האָט זיך אַ טוליע געטון. זי האָט אַ דראָבנעם ציטער געגעבן און ער האָט איר גענומען מאַסאַזשירן די פּלייצע, די הענט, די פיס.

די זון איז ווידעראַרויס.

קריינדל האָט זיך גענומען שטרעקן קעגן דער זון און ס׳איז איר שווער גע־וואָרן צוצוקוקן, ווי דאָס פּאָרל שפּילט זיך.

ס׳האָט זי אָנגעהויבן פאַרדריסן אויף שוסטערן. שטענדיק קומט אויס, אַז זי זאָל וואַרטן אויף אים. זי אַליין איז שולדיק אין דעם — האָט זי זיך גענומען פאָרוואַרפן, — זי האָט אים שלעכט צוגעוווינט.

אָבער אַזוי לאַנג ווי דעמאָלט האָט ער זי נאָך קיין מאָל נישט געלאָזט וואַרטן.

די זון איז שוין געשטאַנען אין מיטן הימל.

ווי לאַנג איז דער שיעור צו ליגן און באַקן זיך? זי וועט אַריינגיין זיך אָפּ־באָדן, און מיטיק עסן.

דער בחור, וואָס האָט פריער געמאַכט גימנאַסטישע איבונגען איז אַרויס־געקומען פונעם וואַסער, ווי פון אַ געיעג. געסאָפּעט, זיך געצויגן, זיך געבויגן.

פריִער האָט זיך קריינדל אויף אים נישט אומגעקוקט. אַצינד, אַז זי האָט זיך אויפגעזעצט צו גיין זיך באָדן, האָט זי אויף אים אַ קוק געטון און ער איז איר אויסגעקומען עפּעס היימיש.

— ווו האָט זי אים געזען? פון וואַנען קען זי אים?

ער האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט. ער — זי. האָט גלייך דערקענט. ער האָט, ווי פון זיך אַליין, אַ צי־אַרויף געטון אַ ביסל העכער די באָד־הייזלעך, געלאָסן צו איר צוגעגאַנגען און זיך פאַר איר פאַרנייגט.

— אַ גוטמאָרגן, לערערקע... איר דערקענט מיך נישט?

— גוואַלד וועל איך שרייען... אַבראַם?

— דער זעלבער אַבראַם.

— ווי אויסגעוואַקסן, ווי שיין!

— און איר? די זעלבע וואָס אַמאָל.

זי האָט אים אַ נעם־אַרום געטון מיט איין האַנט און אַ ביסל זיך פאַרלוירן.

—שוין נישט די זעלבע... וויפל יאָרן איז עס אין דעם? איך בין דעמאָלט אַ צוואַנציק יאָר אַלט געווען...

— און איך צוועלף, שוין אַ ניין יאָר אין דעם.

— אַ ווויל יינגל געווען.

— נאָר נישט געוואָלט לערנען, אמת, לערערקע?

— אַ שיין יינגל געווען.

— געווען?...

זיי האָבן נישט באַמערקט, ווי דער הימל האָט זיך פאַרכמאַרעט, אָט אָט — גיט אַ גאָס אַ רעגן.

— זע נאָר דעם דרויסן! — האָט זי אויסגערופן.

— ס'וועט נישט רעגענען און אַז יאָ, וועלן מיר אויך נישט צעגיין. דאָ־אָ, נישט ווייט, איז מיין „קאָרפּאַ".

ער האָט נישט דרייסט אַ נעם געטון אירע זאַכן און זי פאַרבעטן צו זיך אין ביידל אַריין.

זי האָט זיך אַ קווענקל געטון — זי קען נישט, זי וואַרט אויף עמיצן. דאָך איז זי געגאַנגען מיט אים און געזאָגט, אַז זי וועט נאָר לאָזן ביי אים די זאַכן אירע.

נאָר אינעווייניק, אין ביידל, איז זי שטיין געבליבן מיט אַ רויש אין קאָפּ און מיט פאַרנעפּלטע בליקן.

זי האָט אים אַ שאַר געטון די צעשויבערטע האָר פון קאָפּ און אַ מאַך גע־

טון, ווי צו זיך, אַז יענער איז שוין ביז אַצינד נישטאָ, וועט ער שוין נישט קו־מען.

— אַוודאי נישט...

— קיינער וועט נישט קומען...

די כמאַרע האָט גענומען שיטערער ווערן און די זון האָט זיך דורכגעשפּאַרט און ווידער אַרויס.

דאָס ביידל איז באַשאָטנט געווען מיט סאַמע ביימער, מיט פּריש גרין גראָז, ווי ס׳וואָלט נישט געגאַנגען צו האַרבסט, נאָר צו פרילינג.

.1944

# אין אַ בלענד

גאָלדע איז אָפּגעגאַנגען ווינציקער פון אַ קוואַרטאַל פון איר האָטעל, האָט זי זיך אַ דריי־אויס געטון, ווי עמיצער וואָלט זי פון הינטן אַ שלעפּ געטון.

קיינער האָט זי נישט קיין שלעפּ געטון. קיינער איז איר נישט נאָכגעגאַנגען, אַ חוץ איר אייגענער שאָטן, וואָס האָט זיך געצויגן נאָך איר, לאַנג און שטיל.

אירע בליקן האָבן געבלאָנדזשעט איבערן שאָטן. שטייט נישט דאָרט בערנאַרדאָ, איר שכן, און קוקט איר נאָך?

פון איבער אַ בערגל, לעבן באַרג „דער טאָראָ", האָט די נאַר־וואָס אויפגעגאַנגענע זון געוואָלט גאָלדען באַרויִקן און איר געשיקט אַ שמייכלענדיקן „גוט־מאָרגן".

די כוואַליעס פון ים האָבן שטיל געכוואַליעט, ווי אַ שטיל, זיס געפּלאַפּל פון קינדער.

דער וואַלד האָט זיך פאַרנייגט פאַר איר, געשעפּטשעט איר אין אויער אַ ליבעס־דערקלערונג.

גרילן, האָבן אָנגעזאָגט אויף היצן, מערעשקעס — אויף רעגן, און פייגל האָבן זאָרגלאָז באַזונגען דעם אויפגייענדיקן טאָג אין פּיריאַפּאָליס, דאָס געבענטשטע אָפּרו־אָרט, מיט זיין דריילינג — בערג, ים און וואַלד.

דער וואַלד האָט אַריינגענומען גאָלדען, געפירט זי פון איין עוקאַליפּטוס־בוים צום צווייטן. זי האָט זיך נאָך יעדן צווייטן, דריטן בוים אַ שטעל־אָפּ געטון, צי מען גייט איר נישט נאָך. צי בערנאַרדאָ שטייט נישט פאַרשטעלט ערגעץ הינטער אַ בוים.

גאָלדע, די פלאַם־פייערדיקע, די טאַנצנדיקע און זינגענדיקע גאָלדע, איז אַזוי אומרויִק און צעשראָקן געווען.

וואָס איז מיט איר אַזוינס געווען? זי אַליין האָט עס נישט קלאָר געוווּסט.

פּונקט ווי זי האָט נישט געוווּסט, פאַרוואָס זי איז פון די מאָנטעווידעער פּלאַזשעס געפאָרן קיין פּיריאַפּאָליס. פּונקט ווי זי האָט נישט געוווּסט וואָס זי איז אין גאַנצן אַרויסגעפאָרן פון בוענאָס איירעס אויף אָפּרו. זי האָט גאָרנישט

אָנגעהויבן צו רעכענען אַרויסצופאָרן. איר איז בוענאָס איירעס נישט ענג. זי האָט ניט ליב זיך צו וואַלגערן אין זאַמד און פּרעגלען זיך אויף דער זון.

אָפּגעשמועסט איז געווען, אַז שמחה, דער מאַן אירער, מיטן קינד, זאָלן פאָרן קיין מאַר־דעל־פּלאַטאַ. אין דער לעצטער מינוט אָבער האָט די דרוקעריי, וווּ שמחה איז דער אָנפירער, צוקריקגעצויגן שמחהס אורלויב.

די דרוקעריי האָט אומגעריכט באַקומען אַ וויכטיקע אַרבעט. שמחהס אור־לויב איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף נאָך זומער.

— אויב אַזוי, — האָט שמחה איר אַ זאָג געטון, — פאָר דו ערגעץ, מיטן קינד צי אָנעם קינד.

— וווּ וועל איך גיין פאָרן?

— אַ דאגה וווּ? קיין מאַר־דעל־פּלאַטאַ, קיין מיראַמאַר.

ניין, סע געפעלט מיר נישט. אַז פאָרן, וואָלט זי גיכער געפאָרן צו די אור־רוגוויַיער פּלאַזשעס. אַ רייזע מיט דער שיף, אַן אַנדער לאַנד — ס׳איז עפּעס אַנדערש, סע לאָקט איר.

בערנאַרדאָ, דער שכן זייערער, איז געווען ביי דעם שמועס און גאָרנישט זיך אָנגערופן. אַז שמחה האָט זיך אַוועקגעדרייט, האָט בערנאַרדאָ אַ זאָג געטון אין דערגיך, אַז ער איז שוין צוגעגרייט צו פאָרן קיין נעקאָטשעאַ, נאָר אַז זי וועט פאָרן קיין מאָנטעווידעאָ, וועט ער זען צו ענדערן זיין פּלאַן.

— וואָס האָט דאָס עפּעס צו טאָן מיט אייך? — האָט זי אים אַ וואָרף געטון די־אָ פאָר ווערטער.

ער האָט איר נישט געענטפערט אויף דעם. שמחה איז בעת־מעשה אָנגעקומען.

שמחה האָט אַ נעם געטון בערנאַרדאָן און מיט אים אַוועק פון שטוב. גאָל־דע האָט זיי אַרויסבאַגלייט ביז דער טיר, נאָכגעקוקט די טריט פון זייערע פיס.

שמחה איז געגאַנגען נאָכגעלאָזן, מאַט. בערנאַרדאָ — געשטרעקט, רירעוו־דיק. שמחה האָט דעמאָלט אויסגעזען נידעריקער ווי אַלע מאָל. און בערנאַרדאָ — העכער מיט אַ קאָפּ.

די זון האָט אַ ברי געטון גאָלדעס באַקן און אַ שטיפעריש ווינטל האָט איר אַריבערגעוואָרפן אַ לאָק צו דער שפּיץ נאָז און איר אַ קיצל געטון, אַ רייץ גע־טון אירע פינף־און־צוואַנציק יאָר.

איר האָט הנאה געטון, וואָס זי האָט בערנאַרדאָן אַזוי אָפּגעענטפערט. וואָס מיינט ער עפּעס? אַז אויב איר מאַן איז סאָלידער פון אים, קען נישט מאַכן אַזאַ

אָנשטעל, איז וואָס? ער איז נישט ווערט צו שטיין לעבן איר מאַן. ער איז אַ גאָרנישט, דער גאַנצער בערנאַרדאָ. גוט וואָס זי האָט אים אַזאַ ענטפער געטון.

— זאָל ער נישט מיינען, דער חכם... זאָל ער זיך פאָרן קיין מאָנטעווידעאָ.

די מאָנטעווידעער פּלאַזשעס זיינען פול געווען מיט מענטשן. אין גרופּעס, אין הויפנס גאַנצע, זיינען פּלאַזשניקעס געלעגן און זיך געשמאָלצן.

גאָלדע איז נישט געווען פון די־אָ, וואָס האָבן ליב זיך צו פּרעגלען אויף דער זין. צו ליגן אויסגעצויגן אויפן זאַמד. זי האָט נישט געקענט איינרוען אויף אַן אָרט. פאָרן, גיין, לויפן, שפּרינגען.

זי האָט זיך אַ לאָז געטון אין אַן אָפּגעפּאַסטן באָד־אַנצוג, מיט אַ ברייטן, שטרויענעם קאַפּעלוש און גענומען אויסשפּאַנען די גאַנצע לענג פון דער פּלאַזשע, הין און קריק, הין און קריק.

אויף דער מאָנטעווידעער אַריסטאָקראַטישער פּלאַזשע קאַראַסקאָ, איז עס געווען. אין מיטן שפּאַנען האָט זי דערזען אַן אויפלויף פון מענטשן. מ׳האָט אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער. מ׳האָט אים קוים דערמינטערט.

דער מענטש וואָס האָט זיך געטרונקען איז אַזוי ענלעך געווען צו בערנאַרדאָן, אַז ווען זי שטייט אַ ביסל ווייטער, וואָלט זי געמיינט אַז ער איז עס.

אָבער בערנאַרדאָ איז העכער פון אים, מער פאַרשוין... אָט דאָרט איז ער! ער האָט אָפּגעשטעלט אַן אָמניבוס און איז אַרויף. יאָ, דאָס איז ער.

זי האָט זיך אַ ריר געטון פון אָרט, צוצולויפן צום אָמניבוס, נאָר דער אָמניבוס איז אַוועק איידער זי איז אַרויסגעקראָכן פונעם זאַמד.

זי האָט געוווּסט, אַז ער וועט קומען. ער וועט איר נאָכפאָרן. ער וועט זי שוין דאָ אָפּזוכן. כלומרשט ברענגען אַ גרוס פון דער היים, פון מאַן, פונעם קינד.

ער האָט זיך נישט וואָס איינצורײדן. זי וועט צונעמען דעם גרוס, דאַנקען, און מער וועט ער איר נישט זען.

...ס׳איז זיכער געווען בערנאַרדאָ?

אַוודאי.

זי קען אים דען נישט? זיין געשטרעקטע פּלייצע, זיין קאָפּ שוואַרצע לאָקן. צווישן מיליאָנען וואָלט זי אים דערקענט.

גאָלדע איז אַוועק אין האָטעל מיטיק עסן און פאַרנאַכט איז זי ווידער געקומען אויף דער פּלאַזשע. ווידער גענומען שפּאַנען ביים ברעג ים הין און קריק, אַלע ווײַלע זיך אַ דריי־אויס געטון, צי בערנאַרדאָ גייט איר נישט נאָך פון הינטן.

— וואָס טראָגט ער זיך אַזוי לאַנג אַרום מיטן גרוס פון דער היים כלומרשט?

יעם אַנדערן טאָג האָט זי אויסגעשפּאַנט די פּלאַזשע מאַלווין, דעם דריטן טאָג — פּאָסיטאָס, דעם פערטן טאָג — ראַמירעז. דערנאָך האָט זי זיך איינגע־פּאַקט און אַוועקגעפאָרן קיין פּיריאַפּאָליס.

פּאַרנאַכט איז זי אַהין אָנגעקומען. דאָנערשטיק, ערב ניי־יאָר ניינצן־דריי־און־פערציק איז עס געווען.

זי איז אַריין אין האָטעל און דאָס ערשטע, אַ פרעג געטון צי מ׳האָט נישט געפרעגט אויף איר.

אַ געניטער האָטעל־דינער האָט אַ פּאַק געטון איר בלאָנדזשענדיקן בליק און איר געענטפערט מיט אַ פּאַרנייג:

— דאַכט זיך יאָ, סעניאָריטאַ, אַ שלאַנקער הער, אַ בלאָנדער.

— נישט קיין בלאָנדער, אַ ברונעט.

— יאָ, יאָ, סעניאָריטאַ, אַ ברונעט.

אין האָטעל האָט מען באַגעגנט דעם ניי־יאָר מיט שאַמפּאַן, מיט טאָרט, מיט טענץ און מוזיק. גאָלדע האָט זיך געדרייט אין דער מיט ווי אַ רעשעלע. דערנאָך איז זי אַריין צו זיך אין צימער און נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. גע־כאַפּט אַ דרימל און זיך איבערגעוועקט, און ווידער דאָס זעלבע.

גלייך מיט זון־אויפגאַנג איז זי שוין געווען אין וואַלד, וואָס איז נאָענט פון האָטעל. זי האָט זיך געשאַרט פון בוים צו בוים. זי האָט געוווּסט אַז בערנאַרדאָ וועט איר נאָכפאָרן אומעטום.

פון בוענאָס איירעס איז ער איר נאָכגעפאָרן קיין מאָנטעווידעאָ. פון מאָנ־טעווידעאָ קיין פּיריפּאָליס. פּונעם האָטעל אין וואַלד אַריין. פאַרשטעלט זיך אַלע מאָל הינטער אַן אַנדער בוים און קוקט איר נאָך.

זי האָט אַ קוק געטון אויפן האַנטזייגערל: ס׳איז שוין באַלד מיטיקצייט. ווער ווייסט, ווי טיף זי איז פאַרקראָכן. זי גיט אַ קוק — אָ, זי שטייט גאָר נישט ווייט פון האָטעל. זי האָט זיך געדרייט אַרום און אַרום אויף איין אָרט, ווי אין אַ בלענד.

אינדעם, איז דער האָטעל־דינער צו איר אַרויס, אַז אַ הער איז געקומען, פרעגט זיך אויף איר.

— אַהאַ! — האָט זיך איר אַ הייב געטון די ברוסט. אירע אויגן האָבן זיך איר אַ צינד־אָן געטון. זי האָט מיט די פינגער אַ צעפיר געטון די לאַנגע רויטע האָר אירע — שטראַלן פון אַ פייערדיקער זון. און זי האָט סתם אַ זאָג געטון:

— אַ הויכער, אַ ברונעט.

— נישט קיין נידעריקער, נישט קיין בלאָנדער, מיט אַ קינד, אַ יינגעלע פון אַ יאָר פינף.

זי האָט מער נישט איבערגעפרעגט.

זי האָט שוין געוווּסט ווער דאָס איז. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אַזוי ווי זי האָט אַהיימגערעדט, דורכן טעלעפאָן, אַז זי פאָרט אַריין קיין פּיריאַפּאָליס, האָט איר שמחה אויסגענוצט וואָס ניי־יאָר קומט־אויס פרייטיק, און געקומען מיטן קינד ביז איבער זונטיק.

זי האָט צונויפגענומען די צעפלאָסענע האָר און אין דער קרום אַ שמייכל געטון, אַז אַצינד וואָלט שוין מער נישט געפעלט, נאָר אויך בערנאַרדאָ זאָל קומען צו פאָרן. מער וואָלט שוין נישט געפעלט.

.1943

# דער פריוז

צוויי געשווירענע חברטעס זיינען זיי געווען: כואַנאַ — אַ הויכע, אַ בלאָנ־דע מיט אַ מאָדנע שמייכלדיק פנים וואָס ס'איז שווער צו דערקענען צי זי איז אַזוי גוט, צי אַזוי נאַריש;

בערטאַ — אַ מיטעלע פיגור, אַ חנוודיקע ברונעטקע מיט שוואַרצע ברע־נענדיקע אויגן וואָס וואַרעמען מער ווי זיי ברענען.

דאָ, אין בוענאָס איירעס, האָבן זיי זיך באַקענט.

פון דער אַלטער היים, פון גאַליציע, זיינען זיי פון שכנותדיקע שטעטלעך, אָבער דאָרט האָבן זיי זיך נישט געקענט.

כואַנאַ איז אַהער געקומען שוין לאַנג־לאַנג, בערטאַ — מיט יאָרן שפּעטער.ביידע שטריקערנס, זיינען זיי זיך אַ מאָל פלוצעם נאָענט געוואָרן.

אין אַ פאַרנאַכט, ביים אַרויסגיין פון פאַבריק, איז עס געווען. אַ שווער אָפּאָטעמען נאָך אַ טאָג האָרעוואַניע, האָט זיי פאַראייניקט. איינע האָט עס דער־זען אויף דער אַנדערער און עס איז זיי אויסטערליש גוט געוואָרן.

זיי האָבן נאָר וואָס געהאַט אויסגעשפּיגן אַ דושנע, הייסן טאָג, וואָס האָט געפּרעסט אויפן האַרצן צוזאַמען מיטן שטויב פון וואָל, וואָס זיי האָבן אויסגע־אַרבעט.

זיי האָבן נאָר וואָס געהאַט אויסגעשפּיגן אַ חזיריש צעשמאָלצן פנים, וואָס האָט ווידער אַראָפּגעפּרעסן פון זייערע פאַרדינסטן צו צוואַנציק סענט פון יעדן שטיק.

— וווּ גייט איר, בערטאַ, אַהיים? — האָט כואַנאַ זי דעמאָלט אַ פרעג גע־טון.

— איך זאָל אַזוי וויסן פונעם באַלעבאָס, ווי איך ווייס וווּ איך גיי!

— קומט אַריין אין באַר אויטאָמאַטיקאָ טרינקען אַ גלאָז מילך!

— ניין, אַהער־אָ — נישט. דאָ געפעלט מיר נישט. קומט, אַז איר ווילט, אין קאָפע־הויז.

זיינען זיי דאָרט אַריין אין אָפּטייל פאַר פאַמיליעס, און מיט אַ קאַלט גלאָז מילך גענומען קילן זיך פון היץ און אַראָפּשווענקען דעם שטויב. דערנאָך האָבן זיי זיך גענומען אַראָפּריידן איינע פאַר דער אַנדערער.

ווי עלנט זיי זיינען.

וױ אַ שטיין.
אַליין,
אַזױ נעכטן,
אַזױ היינט.
און וואָס וועט זיין מאָרגן? —
אוי, אָ באַרג מיט זאָרגן!
דערנאָך האָבן זיי גענומען זאָגן וואָס זיי וואָלטן געוואָלט, וואָס זיי ווינטשן זיך.

כואַנאַ האָט געזאָגט, אַז זי וואָלט שוין געוואָלט האָבן אַ רויִק לעבן. זי איז זיך מודה, אַז זי וואָלט שוין גרייט געווען אַ ביסל צו „פּאַרקוקן", נאָר אויב פּאַרקוקן, זאָל שוין כאָטש זיין אַ... שמאַלצגרוב.

בערטאַ האָט געזאָגט, אַז סע קען זיין, אַז זי וואָלט אויך גרייט געווען עפּעס צו פּאַרקוקן, נאָר...

— שמאַלץ

איז נישט אַלץ, — האָט זי זיך געטרייסט אין איר אומעט.

זי וואָלט געוואָלט, אַז דאָס לעבן זאָל ווערן אינטערעסאַנטער. אַז אין קאַמף, וואָס זי פירט אין לעבן, זאָל איר צוקומען אַ מיטקעמפּער.

זי מיינט נישט דעם קאַמף, וואָס סע פירן אַלע אַרבעטער.

זי מיינט... זי מיינט, אַז סע זאָל איר צוקומען אַ פריינט, אַ — נו, וואָס איז זיך דאָ צו שעמען? — אַ מאַן, אַ מאַן. זי איז שוין נישט קיין מיידעלע.

איין קעלנער האָט אַ ווונק געטון צו אַ צווייטן קעלנער, אָנגעוויזן אויף כואַנאַן און בערטאַן, אַז זיי האָבן זיך צעפּלאַמט ווי אַ פּאַרליבט פּאָרל.

דער צווייטער קעלנער האָט געענטפערט, אַז מע וואָלט באַדאַרפט עמיצן אַריינזעצן צו זיי אין דערמיט.

אַ גאַסט, וואָס האָט אויפגעכאַפּט די קעלנערס איבערווינקען זיך, האָט די מיידלעך פאַרענטפערט:

— זיי זיינען נישט שולדיק, וואָס זיי פלאַמען אַזוי. דער קלימאַט איז שול־דיק. הייס... הייס...

בערטאַ האָט פּלוצים דערפילט אויף זיך אַ האַלב טוץ אויגן, האָט זי גענו־מען כואַנאַן און מיט איר אַוועק צו זיך אַ היים.

פון דעמאָלט אָן זיינען זיי עס ביידע אַזוי צונויפגעקניפּט געוואָרן, גע־שוווירענע חברטעס.

כואַנאַ האָט זיך אַריינגעצויגן צו בערטאַן און שוין געוווינט מיט איר צו־זאַמען, ביז זי איז באַגליקט געוואָרן: ס'האָט זי אויסגעכאַפּט אַ רייכער קוענ־

טעניק, און זי האָט פֿאַרלאָזט די פֿאַבריק און בערטאַס פֿייכטע צימערל מיט די פּיסקעוואַטע שכנים.

אָבער בערטאַן האָט זי נישט פֿאַרלאָזט. בערטאַ האָט כמעט יעדן טאָג גע־מוזט קומען צו איר.

אין אָנהייב איז בערטאַ צו איר געגאַנגען נישט ווייל זי האָט געמוזט, נאָר ווייל זי האָט געוואָלט. פֿאַרוואָס נישט? אַזוי גוט זיך צונויפֿגעלעבט מיט איר, ווי שוועסטער.

שפּעטער איז זי שוין געגאַנגען צו איר ווייל זי האָט ווי געמוזט.

און גאָר שפּעטער? —

און איר מאַן ווייסט נישט ווי זי אויפֿצונעמען! טראָגט איר אַנטקעגן די שטול, זעצט זיך מיט איר אַנידער, שמועסט מיט איר.

וואָסזשע דען האָט זי אָנגעהויבן קומען אַזוי זעלטן? און אַז מע וויל, זעט עס נאָך אויס ווי געצוווּנגען. פֿאַרוואָס איז עס אַזוי?

כּוּאַנאַ פֿילט זיך נישט שולדיק. כּוּאַנאַן טוט עס וויי. זי וואַרט, וואַרט, אָבער זי ווייסט ווען ס׳איז צושטיין צו בערטאַן מיט געוואַלד, אַז זי מוז איר אויסזאָגן פֿאַרוואָס זי קומט צו איר וואָס אַ מאָל זעלטענער.

בערטאַ האָט געוואָלט צוטראַכטן עפּעס צו זאָגן, אָבער ס׳איז נישט גע־גאַנגען.

און דעם אמת נישט געקענט זאָגן. זי האָט נישט געהאַט וואָס איר צו זאָגן...

ווען זי איז אַרויפֿגעקומען, האָט זי כּוּאַנאַ מיטן מאַן זייער שיין אויפֿגענו־מען, דער מאַן נאָך מער.

נאָר איין קלייניקייט:

ער האָט יעדע זאַך אָפּגעשאַצט וויפֿל סע קאָסט. ער האָט יעדע זאַך פֿאַר־ביטן אויף געלט.

כּוּאַנאַ האָט אָנגעקוואָלן, וואָס איר מאַן איז אַזאַ געניטער קוּענטעניק. בער־טאַ האָט אויסגעהערט און געשוויגן. וואָס זאָל זי ריידן? ער האָט שוין גערעדט פֿאַר איר.

איינמאָל, ווען זי איז געקומען, האָט ער איר באַטאַפּט דעם מאַנטל און אַ מאַך געטון:

— זעקס־און־דרייסיק פּעזעס! ביי אונדז אין קאָאָפּעראַטיווע קאָסט ער זעקס־און־דרייסיק פּעזעס.

אַ צווייט מאָל האָט ער גענומען באַטאַפּן ס׳היטעלע אויף איר קאָפּ און אָפּגעשאַצט גענוי:

— דריי מיט נײַנציק! ביי אונדז אין קאָאָפּעראַטיווע קאָסט עס דריי מיט נײַנציק.

— און די הענטשקעלעך? איינס מיט דרייסיק! ביי אונדז אין קאָאָפּעראַטי־
ווע קאָסטן זיי נישט מער ווי אַ פּעזע מיט דרייסיק.

אַז אַנדערש מאָל האָט ער אַ קוק געטון אויף איר בייטל און אים אַראָפּגע־
צויגן פון איר האַנט.

— דאָס־אָ?... צוויי פּופּציק! ביי אונדז אין קאָאָפּעראַטיווע קאָסט עס צוויי
פּעזעס מיט פּופּציק, קיין איין סענט נישט מער! און ס׳קלייד אויף איר?

— עלף מיט ניינציק! און ווידער האָט ער אַ קוק געטון אויף די שיך:

— אַכט פּעזעס! אַכט...

און בערטאַ האָט שוין געהאַט אָפּגעשאַצט און באַרעכנט אויף געלט אַלץ
וואָס אין שטוב, אַלץ וואָס אויף כואַנאַן, זיין ווייב. אַלץ וואָס אויף איר, בערטאַן.

ס׳איז פאַר איר רעכט געווען, אַז מאָרגן זאָל ער איר זאָגן וויפל זי אַליין
קאָסט ביי זיי אין קאָאָפּעראַטיווע...

נאָר אויף מאָרגן איז זי שוין נישט געקומען אַהין. גאַנצע חדשים האָבן גע־
קענט אַוועק, אַז זי זאָל זייער שוועל נישט איבערטרעטן.

כואַנאַ האָט נישט געוווּסט וואָס דאָס זאָל באַטייטן, וואָס איר געשווירענע
חברטע בערטאַ האָט אויפגעהערט קומען צו איר.

אפשר איז זי אויך באַגליקט געוואָרן? אפשר אויך עפּעס אַ שמאַלצגרוב?

.1935

# זון און שאָטן

די פּאַלאַטע „4—בע" איז שוין געווען צוגערוימט. דאָקטוירים, קראַנקנ־וועכטערס האָבן זיך שוין געדרייט אַרום די קראַנקע.

נאָך דער לאַנגער רעגנדיקער נאַכט, האָט אַ שטיק הימל זיך אויסגעליי־טערט און די זון האָט מיט איין אויג געגומען אַריינקוקן אין שפּיטאָל אַריין, אין דער אָפּטיילונג „4—בע".

דער זאַל מיט דריי זייטיקע צימערן, געפּאַרבט אויף ווייס, די ווענט מיט די טיר און פענצטער — ווייס, די בעטן מיט די ליילעכער — אַלץ אין ווייסן, האָט אַ בלאַנק געטון אונטערן אויסגעוואַשענעם בליק פון דער זון.

די ווייסקייט האָט גענומען שווינדלען פאַר די אויגן מיט אַ דינער בלוי־קייט, ווי די ווייסע הויט מיט די דינע אָדערלעך ביים קראַנקן אין זאַל דאָרט, אויפן בעט נומער דרייצן.

דער „דרייצענער" איז געזעסן אונטערגעשפּאַרט מיט אַן אַרויסגעהויבענעם מאַטראַץ צוקאָפּנס, איינגעדעקט ווי אַ טשאָלנט און געפּאָכעט אויף זיך פון דער היץ, וואָס האָט געזעצט פון זיינע אַלע אינעווייניקייטן.

— אַראָן, — האָט דער „דרייצענער" אַ שטעל־אָפּ געטון דעם עלטסטן קראַנקנוועכטער פון דער אָפּטיילונג, — ווי מיינט איר, דער שעף וועט היינט קומען?

— וואָס איז די נפקא־מינה! איר האָט פיס?...

דעם „דרייצענטנס" שכן, דער „פופצענער" — וואָס איז געווען אַ נייער, אַ נאָר־וואָס צוגעקומענער, האָט נאָך נישט געקענט דעם עלטסטן קראַנקנוועכ־טער אַראָנען, מיט זיינע חכמהלעך — האָט אַזש אַ ציטער געטון:

— וואָס הייסט, צי ער האָט פיס?

— איר ווייסט נישט, וואָס סע הייסט? אַז מ'האָט פיס, אַנטלויפט מען, אַנישט טראָגט מען.

— וואָס?...

— לאָזט אים אָפּ, אַראָן, — האָט דער „דרייצענער" זיך אָנגענומען פאַרן „פופצענער", — גיט אים נישט אַזאַ כאַפּ אויף אַ מאָל. לאָזט אים צום ערשטן זיך באַקענען מיט די געזעצן. אָבער... — איז ער צוריק געגאַנגען צו זיינס. — איר ווייסט טאָקע נישט, צי דער שעף וועט היינט קומען?

— ביז צוועלף קען ער נאָך קומען, אַז ער׳ט וועלן, און דערנאָך — אויך.

אַ מיידל, וואָס אַרבעט אין דער אַדמיניסטראַציע, האָט זיך אַריינגעשאַרט און זיך געווענדט צום דאָקטער, וואָס זי האָט באַגעגנט ביי דער טיר. מ׳האָט זי געשיקט נעמען אינפאָרמאַציעס וועגן אַ קראַנקן, וואָס איז דאָרט געלעגן מיט צען יאָר צוריק.

דער דאָקטער האָט גערופן אַראָנען, און אַראָן איז מיט איר צו צום אַרכיוו־שאַפקעלע.

— מיט וויפל יאָר קריק, זאָגט איר?

— מיט אַ צען יאָר קריק.

— און ער לעבט נאָך?

— יאָ... כ׳קען שוין די חכמהלעך. כ׳האָב נישט קיין צייט.

— אַזוי? אויב אַזוי, מוזט איר צוּוואַרטן אַ ביסל. יענער דאָרט, — האָט ער אָנגעוויזן אויפן „עלפער״, — יענער האָט ווינציקער צייט פון אייך. ער דאַרף שטאַרבן.

דער „עלפער״ האָט זיך אַ קאָרטשע געטון, זיך איינגעדרייט ווי אַ בייגל.

— אַראָן, — האָט ער זיך געבעטן, — גיט מיר עפּעס, כ׳האַלט עס נישט אויס!

— וואָס האָט איר קיין צייט נישט? די אייניקלעך האָט איר שוין חתונה געמאַכט? די קינדער אויך נישט! וואָס־זשע איילט איר אייך אַזוי?

דאָקטער בידנער איז צוגעקומען צום „פערצענער״. אַראָן האָט דעם דאָקטער עפּעס אַ זאָג געטון אין דער שטיל און דער דאָקטער האָט אים אַ ווייז־אָן געטון אויף די מעדיצינען, וואָס זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אויפן לאַנגן, ווייסן מאַרמאָר־טיש. אַראָן האָט דעם דאָקטער שטיל איבערגעפרעגט און ער האָט צו־געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— אַז איר ווילט, — האָט דער דאָקטער אַ מאַך געטון צום „עלפער״, — קען מען אייך איבערטראָגן אַהין, אין זייטיקן צימער אַריין.

— ניין, ניין, דאָקטער, נאָר נישט אין אַלקער אַריין.

ער האָט נישט געוואָלט הערן פונעם אַלקער. נעכטן איז דאָרט איינער גע־שטאָרבן. קריק מיט עטלעכע טעג האָט מען פון דאָרט איינעם גענומען צום אָפּעריר־ן. נאָר נישט דער אַלקער. מ׳זאָל עס אים פאַרן מויל נישט ברענגען.

— אַזוי? — האָט דער דאָקטער בידנער אַ שמייכל געטון. — און אַז דאָס יינגל, וואָס ליגט דאָרט גייט היינט שוין אַהיים.

— הע־הע... — האָט דער „דרייצענער״, אין מיטן פּאָכען אויף זיך, קוים אַרויסגערעדט. — דאָס קען זיך טרעפן נאָר ביי אַ יינגל.

אויף דעם איז אָנגעקומען גרין, דער מאָלער, וואָס איז דאָרט אַן אַלטער פּאַציענט — שוין זעכצן יאָר, אַז ער קומט אַהין צוויי־דריי מאָל אין וואָך.

דער דאָקטער גערסטעל, דער געהילף־שעף, איז אויך צוגעקומען — מיט צוויי יונגע דאָקטוירים — און גענומען פאַרפירן אַ שמועס מיט גרינען, וועגן דער נייער רעגירונג אין לאַנד, וועגן דער אינוואַזיע אויף איראָפּע, ווען סע וועט געשען.

אינדעם איז אַ קראַנקנשוועסטער צו צום דאָקטער גערסטעל, געזאָגט אַז מע רופט אים צום טעלעפאָן.

דאָס יינגל פונעם צימער דערלעבן, איז שוין געשטאַנען גרייט אויף אַהיים צו גיין. ער האָט אַ פרעג געטון אַראָנען, צי ער דאַרף נאָך צוזוואַרטן.

דאָס יינגל איז פון ראָזאַריע, האָט אים אַראָן אַ זאָג געטון, אַז ער דאַרף זיך נאָר פאַרשרייבן, אַז דער שפּיטאָל געפינט זיך אין בוענאָס איירעס.

— נאָך וואָס דאַרף איך עס?

— אַז מען גייט אַרויס אַ לעבעדיקער, דאַרף מען נאָך אַ מאָל צוריק קומען.

די חכמה האָט אָפּגעשלאָגן מיט אַן אומעט.

דער דרויסן האָט זיך אַזש אַ כמורע געטון און אַריינגעשיקט אַזאַ גרויקייט אויף די קראַנקע,אויף די דאָקטוירים, אויף די ווייסע ליילעכער. נאָר איין אַראָן האָט זיך געחכמעט ווי פריער.

— דער שעף וועט שוין, ווייזט אויס, נישט קומען, — האָט דער „דרייצע־נער" זיך געפּאָכעט און צו זיך אַליין גערעדט.

דער „עלפער" האָט זיך נישט אויפגעהערט צו קאָרטשען און ווידער אַ רוף געטון:

— אַראָן, גיט מיר עפּעס!

— וואָס? געלט? כ'האָב דאָך אייך ערשט געגעבן!

— כ'האַלט עס נישט אויס, אַראָן!

דאָקטער בידנער האָט אַ ווונק געטאָן צו אַראָנען, מען זאָל דעם „עלפער" אַריבערפירן אין לינקן צימער דערלעבן.

אַראָן האָט געהאַט זיין „לשון" פאַר די קראַנקע, וועמען ער דאַרף נאָך מאַכן אַן איינשטיך האָט עס געהייסן — ווער סע וויל נאָך געלט. זיין בליק איז געפאַלן אויפן „עלפער". האָט ער זיך מער נישט געחכמהט.

די גראָקייט פון דרויסן, די גראָקייט פון אינעווייניק, האָט פּלוצים אַ לעש געטאָן דעם גלאַנץ פון זיינע אויגן.

פריער מיט אַ מינוט וואָלט ער נאָך געוועזן געקענט אָפּנאַרן, אַז ער איז אַ יונגערמאַן. אַצינד האָבן זיך שוין אויסגעציילט אַלע זיינע יאָרן — איבער די פופציק.

אַ קראַנקנשוועסטער פון אַ צווייטער אָפּטיילונג, פון קינפּעטאָרנס, איז אַריין עפּעס בעטן אַראָגען. דערזען דעם דאָקטער גערסטעל, איז זי זיכערער געוואָרן ביי זיך און ס׳האָט זיך אַ שפּיל געטון אויף אירע ליפּן אַ טרויעריקער שמייכל פון אַ חלום, וואָס זי דערמאָנט זיך אים קוים.

— ווי אַלט זענט איר? — האָט דאָקטער גערסטעל זי אַ פרעג געטאָן — פּופּציק?

— פופציק זענט איר אפשר אַלט, איך בין נאָך קיין פערציק נישט אַלט.

— מיר זיינען דעמאָלט, דאַכט זיך, אין די זעלבע יאָרן געווען...

— וואָס פאַלט אייך איין? איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ פּלאָטיצקעלע...

אַראָן איז געשטאַנען הינטערן דאָקטער גערסטעל און זיך גענומען איבערווינקען מיט גרינען, דעם מאָלער. דער דאָקטער בידנער האָט זיך אַ מיש אַריין געטאָן און געפרעגט די קראַנקנשוועסטער, וואָס איר יינגערע שוועסטער מאַכט.

— דאָס קינד לעבט און זי איז געשטאָרבן.

— אַזוי?

דאָקטער גערסטעל האָט אַ נעם־געטאָן דעם מאָלער גרין אונטערן אָרעם:

— קומט!...

ווי איינער רעדט, ער וויל זיך דערמאָנען אין לעבן און יענער דערמאָנט אים אין טויט.

אַראָן האָט אַ הייב־געטאָן מיט די אַקסלען. ער האָט אַזש קריקגעקריגן דאָס לשון און אַ פרעג געטאָן די קראַנקע, ווער סע דאַרף נאָך געלט...

.1943

# פון דער היים

דער פרילינגדיקער טאָג האָט געעפנט די אויגן ווי אַ קינד, וואָס די מאַמע וועקט עס אויף מיט אַ לידעלע, מיט אַ קוש — דער בליק אַ ווייכער, אַ פייכטער, אַ מילדער.

אין אַוויר האָט נאָך געהאָנגען דאָס פאָכען פונעם האָנס פליגלען, דאָס שטרענגע וועקן זיינס, דער „קוקעריקו".

דעם טאָגס מילדע בליקן האָבן צונישט געמאַכט די שטרענגקייט.

אַ ווייכקייט, אַ פייכטקייט, אַ מילדקייט אין גאַנצן אַוויר. אַ כאָפּטע פייגעלעך האָבן צוגעהאָלפן דערצו מיט זייער „פּי־פּי", מיט זייער פרימאָרגן־געזאַנג. די זון האָט זיך אויפגעהויבן פון פלאַטאַ־טייך, אַן אויסגעבאָדענע און דעם טאָג איר ערשטן שמייכל געשיקט.

דער טאָג האָט זיך גענומען ציִען פון פעלד, פון לאָנקע, פון טייך — פון הינטער דער שטאָט, און זיך אויסגעשפּרייט ווייט און ברייט, איבער בוענאָס־איירעס און ווייטער.

אָבער באַלד ביי דער שטאָט האָט דעם טאָג באַגעגנט אַ קלאַפּן און טומלען. האָט זיך דער טאָג געטיילט אין צווייען. הינטער דער שטאָט — אַ ווייכער, אַ מילדער, און אין דער שטאָט — אַ קלאַפּנדיקער, אַ טומלדיקער.

זלמן וויינריב האָט זיך געגרייט צו אַנטלויפן פון שטאָטישן טאָג צום הינטערשטאָטישן.

ער איז געווען אַ נישט שלעכט באַצאָלטער אַרבעטער אין אַ פאַבריק פון בראָנדזענע בעטן. ער איז געווען אַ גוטער מעכאַניק. מ'האָט אים באַדאַרפט האָבן ווי די אייגענע האַנט.

אין יענער פאַבריק האָבן זיך אָנגעהויבן די יערלעכע וואַקאַציעס און אויף זלמענען איז אויסגעפאַלן דער גורל צו זיין פון דער ערשטער גרופּע.

זלמן האָט געוואָלט אַרויסלאָזן זיך אין דער ריכטונג צו טיגרע און אויסקלייבן ערגעץ צו פאַרברענגען די וואַקאַציעס. גערעכנט אַרויסצופאָרן באַלד אין דער פרי, נאָר אויסגעקומען איז עס אים העט־העט נאָך האַלבן טאָג.

ער איז אַרויס פון דער שטאָט, ווי פון אַ קאָכעדיקן קעסל און אַריין אין אַ שטילן, לויטערן טאָג, אויסער דער שטאָט.

אָפן און פריי, בלאָ די לופט און ווייך און מילד. מיט סימנים נאָך פון דער

ווייכקייט און פייכטקייט פון אין דער פרי, ווי אַ קינד מיט דער מאַמעס מילך נאָך אויף די ליפּן.

זלמן איז אַראָפּ פון אָמניבוס ביי „פּוענטע" ריוואַדאַוויאַ. הינטער דער בריק, אין איין זייט, איז באַשאָטנט געווען און קיל. זלמן איז צו און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין דער קילער וואַנט. צענומען די הענט ווי אַ קרייץ, און חשק געהאַט אַזוי־אָ, ווי ער שטייט און גייט, זיך אויסצוציִען אויפן קילן צעמענט.

אַ ייִנגל מיט אַ מיידל זענען אָנגעקומען, שטאַרק פאַרטאָן אין זיך, און זלמענען נישט באַמערקט.

זיי זיינען געגאַן און זיך געקוקט אין די אויגן אַריין ווי די גאַנצע וועלט וואָלט באַשאַפן געוואָרן פאַר זייערט וועגן. זיי האָבןביידע געלעקט אייזקרעם פון איין טאָוול־טעפּעלע און ביי יעדן לעק זיך צעקושט. אַ לעק אייזקרעם און אַ קוש.

פּלוצעם האָבן זיי דערזען עמיצן שטיין ביי דער וואַנט, ווי געקרייציקט, האָבן זיי זיך דערשראָקן, פאַרשעמט. דאָס מיידל האָט אַרויסגעלאָזט דאָס טע־פּעלע אייזקרעם פון דער האַנט און דאָס ייִנגל האָט זיך צום סוף צעלאַכט, גע־קייכט פאַר געלעכטער.

זלמענען האָט דאָס אָנגעגאָסן מיט בלוט. ער האָט דערפילט, אַז אַלע כוחות, וואָס זיינען אין אים געלעגן איינגעשלאָפן, האָבן זיך אַצינד אויפגעכאַפּט. ווילן אַ וועלט איבערקערן. נישט קיין פערציק יאָר איז ער אַלט, נאָר דרייסיק, צוואַנ־ציק... ס'האָט אים אַ שפּאַר געטאָן ווי די ערד שפּאַרט זיך, דורך די שפּאַרעס צווישן די שטיינער, מיט אירע שפּראָצונגען.

ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און גענומען שפּאַנען, ווי אַ געדונגענער.

אַ קוואַרטאַל, צוויי, דריי, — זיי זיינען איינגעשלונגען געוואָרן, די קוואַר־טאַלן, אונטער זיינע טריט.

די זון האָט אים געוואָרעמט פון דער לינקער זייט... אין דער באַק, אין אויג, אין אויער.

אַן אויסגעלאָדנקייט האָט אים אַ וואַרג געטאָן אין האַלדז. ער מוז עפּעס טאָן. אַ סלופּ איבערברעכן, אַ בוים אויסרייסן, אויפן קאָפּ זיך שטעלן.

ער האָט אַראָפּגעצויגן פון זיך דאָס רעקל, דעם קראַוואַט, דעם קאָלנער צע־בראָסטעט, די אַרבל פאַרקאַטשעט.

למאי ער האָט איבערגעלאָזט ווייב און קינדער אין שטוב — איז אים אַ שאָד געווען. ער וואָלט אַצינד אַ הייב געטאָן די קליינע עטעלע זיינע אַזוי־אָ אין דער הייך, איבערן קאָפּ. און מיט זיין ווועלוועלען וואָלט ער זיך פאַרוועט אין לויפן, גלייך אויף גלייך, ווי אין זיינע יאָרן. וועלוועלע צוועלף, ער צוועלף.

דריי מאָל צוועלף איז נאָך שטאַרקער! — האָט ער צופרידן אַ קיי געטאָן

מיט די ציין. און אין דער־אָ מינוט האָט ער אַ הנאה געהאַט, וואָס ער האָט זיי איבער־געלאָזט אין דער היים.

אויב זיי וואָלטן געווען דאָ מיט אים, וואָלטן זיי אים דערגאַן די יאָרן. איי־נער וואָלט געשלעפּט אַהין, איינער — אַהער. אַזוי איז ער פריי.

ער האָט זיך אַ דריי־אויס געטאָן לעבן דעם גאָרטן „דאָן ענריקע“, נענטער צום טייך־צו.

ער האָט, אין גאַנג, אַראָפּגענומען פון זיך דאָס העמד און גענומען הייבן די מוסקולירטע הענט, די אַקסלען, די פּלייצע. אָטעמען מיט דער נאָז, אַרויס דורכן מויל. אַרויסאָטעמען דעם שטויב און דאָס מעטאַל, וואָס ער האָט איינגעאָטעמט אַ גאַנץ יאָר אין פאַבריק.

דאָס רעקל אין האַנט, דאָס העמד, די הויזן אויף זיך, די שיך — אַלץ איז אים איבעריק געוואָרן. אַראָפּוואַרפן אַלץ פון זיך, האָט ער געוואָלט, און אַ הייב טאָן די צוויי הענט, ווי פליגלען און פליִען. אָדער אַ וואָרף טאָן זיך אין וואַסער אַריין און זיך אויסמישן מיט די פיש. און נעמען מיט די הענט רודערן, רודערן.

אָט לאָזט זיך טאַקע אַוועק אַ שיפל פון ברעג, ווייטער, טיפער, טיפער.

— ווער איז עס דאָרט? ווער לאָזט זיך עס דאָרטן אין וועג אַריין? — האָט ער אַ פרעג געטאָן אַ צונויפגענומען זאַפּטיק מיידל, וואָס ער האָט דערזען לעבן אַ „ראַנטשאָ“.

— מיינער, מיין מאַן איז עס. אַוועק פיש כאַפּן.

— ער לאָזט איבער אַ וואַלפיש און גייט כאַפּן אַ פעכערעי.

— איך בין אַ פעכערעי... — איז איר געפעלן בעסער צו פאַרגלייכן זיך צו אַ קליין פישל. און זי האָט אַ שטעל אַרויס געטאָן צוויי שורות ווייסע ציין און אַ פּאָר הונגעריקע אויגן, ווי איינער וואָס הייבט־אָן עסן און מען נעמט אים אַוועק דאָס עסן פון אונטער דער האַנט.

— און ער האָט נישט קיין מורא אייך איבערצולאָזן?

— מע וועט מיך נישט אויפעסן.

— אַזוי געפעלט איר מיר... ווו קען מען זיך דאָ איבערבייטן.

— דרייסיק סענט.

זי האָט אין איר צעטומלעניש געמיינט, אַז ער פרעגט וויפל סע קאָסט אי־בערבייטן זיך.

— און אַז איר האָט נאָר צוואַנציק סענט, וועל איך אייך אויך אַריינלאָזן.

— פאַרוואָס אַזוי?

— ווייל איר געפעלט מיר.

— איר מיר אויך.

— איר זענט אַזאַ פעסטער און אַזאַ פריילעכער.

— אַן אָנגעהיצט שטיק מעטאַל זענט איר.

אַ ריח פון צעאַקערטער ערד האָט זיך אַ מיש געטאָן מיט ריחות פון שטרוי און מיט ריחות פון מענטשנס צעפּאַרעטן אָטעם.

ער האָט איר דערציילט, אַז ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט מיט דער דעה, אויס־צומעסטן די גאַנצע לענג ביז טיגרע, ערגעץ צו פאַרברענגען די וואַקאַציעס זייבע. אַצינד וועט ער שוין ווייטער נישט גיין זוכן.

אין אַ באַשאָטנט ווינקל, אויף אַ נידעריק בענקעלע, האָט זי אים דערלאַנגט אַ מאַטע און אים געזאָגט, אַז „אירער" קען זיך אַזוי אָפּזאָמען עטלעכע טעג. ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט ביז קאָלאָניע. דאָס דאַרף געדויערן.

די זון האָט נאָך גוט געוואַרעמט און באַשטראַלט ווייט אַרום, נאָר יענע „ראַנטשאָ" איז שוין אין גאַנצן געשטאַנען אין שאָטן.

די פייגל האָבן נאָך נישט געהאַלטן ביי שלאָפן גיין. די הינער האָבן זיך נאָך געשלאָגן איבער אַ קערנדל.

זלמן האָט אַנידערגעשטעלט די מאַטע, זיך אויפגעהויבן פונעם בענקעלע און זיך גענומען דרייען, ווי מיט אָפּגעהאַקטע פליגל.

די „ראַנטשאָ" איז גרויס געווען, ווי די צוויי צימערן זיינע מיטן קיכל. פון איין צימער איז אַרויסגעקומען די קליינע עטעלע זיינע, ער זאָל זי אַ הייב־טאָן איבערן קאָפּ. וועלוועלע איז צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל זיך פאַרמעסטן מיט אים, צו לייגן די האַנט.

רייזל, דאָס חנעוודיקע ווייבל זיינס, האָט זיך אַ דריי געטאָן אויפגעפּוצט און אויפגעלייגט. זי וועט היינט האָבן דעם מאַן אירן, נישט קיין פאַרמאַטערטן פון פאַבריק, נאָר אַן אויסגערוטן, פון שפּאַציר, אָנגענומען מיט זון און לופט.

זלמן האָט אַ זאָג געטאָן צווישן די ציין, אַז ער האָט אַ סך צו באַזאָרגן. ער מוז באַלד זיין אין שטאָט.

ער האָט זיך פאַרנומען גלייך צום אָמניבוס־צו. ער איז געווען אין דער היים, נאָך איידער ער איז אַרויס פון דער „ראַנטשאָ".

# פרילינג

סוסי האָט דערפילט, ווי מען מונטערט זי, מע טאָרעט זי, מ׳רייסט פון איר שטיקער:

— שטיי אויף, סוסי! שטיי שוין אויף, גרויסע מויד, ווערסטו זען, וואָס סע טוט זיך. גיב נאָר אַ קוק אַרויס אין דרויסן...

זי האָט געעפנט די אויגן. נאָך מיטן שלאָף אויף זיי און אַ זוך געטאָן אין אַלע זייטן. ווער עס האָט זי אַזוי געוועקט? דער טאַטע? די מאַמע? אסתר, איר עלטערע שוועסטער?

ניין, קיינער נישט פון זיי. די זון האָט איר אַ שיט געטאָן אַ בינטל שטראַלן אין פּנים אַריין, אַ כוואַליע געטאָן מיט אַ געלעכטערל:

— כאַכאַכאַ... אַצינד ווייסטו שוין, ווער ס׳האָט דיך אויפגעוועקט, גרויסע מויד?

וויאָלעט און בלאָ, ראָזעווע און ווייס, און געל און גרוי האָבן זיך אַ מיניע געטאָן, אַ מיש געטאָן פאַר אירע אויגן.

— אַך, ווי שיין!

און ס׳האָט אַ בלאָז געטון מיט ריחות פון גראָז און בלום, וואַלד און פעלד און טייך.

— ווי שיין! — האָבן אירע ליפּעלעך זיך צעעפנט, ווי די בלעטער ביי אַ בלום.

אירע אייגעלעך, פריש, פייכט, שפּיגלענדיק — טוי און פרילינג־פרימאָרגן. זי איז אַראָפּ פון בעט און זיך דערזען אין שפּיגל.

— זע נאָר אַ מויד!

זי האָט אירע אייגענע אויגן נישט געגלייבט.

פון נעכטן ביז היינט עלטער מיט אַ טאָג, עלטער מיט אַ יאָר. נעכטן — זעכצן יאָר, היינט — אין זיבעצנטן. ווי די בלום, דאָס פעלד — אין אויפבלי פון פרילינג.

— וווּ גייט מען? וואָס טוט מען?

זי וועט צוגיין צו גלאָריאַן, איר חברטע, מיט איר צוזאַמען אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם.

— אפשר נישט צו גלאָריאַן?

לעצטנס האָט זי באַמערקט, ווי גלאָריאַ קוקט אויף איר מיט קינאה, וואָס זי איז אַזוי שיין צעוואַקסן. ווען זי גייט מיט גלאָריאַן אין גאַס, שיטן די יינגלעך זי אָפּ מיט קאָמפּלימענטן און אין גלאָריאַן דערמאָנען זיי זיך אַ מאָל פּאַר רחמנות.

זעסטו, זאָל זי זי מקנה זיין. וואָס גייט עס איר אָן. זי וועט צוגייז צו גלאָריאַן, אָן איר וועט זי קיין פּראָגראַם נישט מאַכן. און גלאָריאַס ברודער, און זיין חבר.

— ווו לויפסטו אַזוי באַלד אין דער פרי? — האָט אסתר, די עלטערע שוועסטער אירע, זי פאַרהאַלטן פאַר דער טיר.

— צו גלאָריאַן... וואָס איז דיין עסק? זע נאָר...

— קומסט באַלד צוריק?

— יאָ.

זי איז אַוועק אַ צופרידענע. די שוועסטער קוועלט־אָן פון איר. זי — די שוועסטער, האָט נאָך מער ליב.

בוענאָס איירעס איז שוין געשטאַנען אויף ביידע פיס. אַ געקאָך, אַ געטומל. טראַמווייען, אָמניבוסן, אויטאָמאָבילן, די אונטערערד־באַן. אַרבעט, האַנדל, וווּלטיק, נויט — אַלץ אינאיינעם שוין אין דער פרי.

אונטן, נאָכן טויער, איז סוסי געבליבן שטיין אַ ווײַלע. ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז בערנאַרדאָ, איר שוועסטערס חתן פאָרט און קומט אָן מיטן אויטאָ.

— יאָ, ס'איז ער!

ער איז צוגעפאָרן, זיך אָפּגעשטעלט.

— גוטמאָרגן, סוסי.

— גוטמאָרגן, בערנאַרדאָ.

— אסתר איז שוין אויפגעשטאַנען?

— אסתר?... האָ־האָ! אסתר איז שוין אַוועק צו פרידאַן. זי... זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט דאָרט אויף דיר וואַרטן.

— אַזוי גאָר?

ער האָט אַ דריי געטון דאָס רעדל, צוצופאָרן צו פרידאַן.

— וואַרט, איך פאָר אויך מיט.

זי איז אַריין פאָרנט, לעבן אים און זיך צעלאַכט אויף אַ קול. איסאַק, בערנאַרדאָס יינגערער ברודער, איז געלעגן אין אויטאָ, מע זאָל אים נישט אַרויסזען.

— וואָס האָסטו דיך אַזוי באַהאַלטן? — האָט סוסי נישט אויפגעהערט צו לאַכן.

— כ'האָב געוואָלט זען, צי דו וועסט מיך געפינען.

— אַזאַ אוצר?

זי איז געווען צופֿרידן, וואָס ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט מיט איסאַקן, זי זאָל האָבן פון וואָס צו לאַכן. אַ נישט, וואָלט בערנאַרדאָ אפשר געווען דערקענט אין איר, אַז זי נאַרט אים אָפּ. זי פירט אים אַרום ביי דער נאָז.

בערנאַרדאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי פרידאָס שטוב.

— קום, סוסי.

— איך בין נישט אַזוי אָנגעטאָן, איכ'ל צוואַרטן דאָ.

ער איז אַריין אין טויער, זיך געלאָזט לויפן אויף די טרעפּ· אָנגעקלונגען און אַריין אינעווייניק.

סוסי האָט אַ קוק געטון אויף איסאַקן:

— נו, וואָס הערט זיך, אוצר?

— מיר וואָלטן זיי געדאַרפט איבערלאָזן.

— שוין געמאַכט.

איידער בערנאַרדאָ האָט זיך רעכט געכאַפּט, אַז סוסי האָט אים אָפּגעטון אַ שפּיצל, איז סוסי שוין געווען העט־ווייט, אין דער זעקסטער גאַס.

איסאַק האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן פאַר געלעכטער. געדרייט דעם קאָפּ הינטער זיך, און רעכטס און לינקס, צי בערנאַרדאָ יאָגט נישט ערגעץ נאָך.

סוסי האָט געהאַלטן דאָס רעדל אין ביידע הענט, טויט ערנסט, זי זאָל נישט אַריין ערגעץ אין אַ סלופּ. דערצו האָט זי אין זינען געהאַט, אַז בערנאַרדאָ זאָל זי נישט פאַקן, איז זי געפאָרן אַ גאַס רעכטס, אַ גאַס לינקס. אַריין אין אַ שמאָל, שטיל הינטערגעסל און שטיין געבליבן, אָפּצוכאַפּן.

— איך מעג מיך שוין אויסריכטן אַ טאָג היינט! — האָט איסאַק אַ מאַך געטון.

— וואָס עפּעס דו? דו קענסט דאָך נישט פאָרן!

— מאָל דיר, אַזוי גוט ווי דו קען איך צו יעדער צייט, — האָט איסאַק זיך דערפילט באַליידיקט.

ער האָט אַן עפן געטון דאָס טירל און אַריבערגעגאַנגען צו איר, צום רעדל.

— וואָס אַרט דיך, סוסי, ער וועט שוין וויסן, וועמעס שטיקל אַרבעט דאָס איז.

סוסי האָט זיך צעלאַכט, וואָס ער וויל גאָר ווערן דער העלד. זי האָט ווי־דער אַ דריי געטון דאָס רעדל, אַ לאָז געטון דעם אויטאָ.

— וווּ פאָרן מיר אַצינד, גרויסער העלד?

— פון מיינטוועגן, אַפילו ביז טיגרע.

— כ׳האָב מורא, איסאַק, אַז דו זאָגסט נאָר אַזוי און געוואָלט וואָלסטו, אַז מיר זאָלן שוין אַהיים פאָרן.

— ע, סוסי, דו טשעפּעסט דיך דאָך טאַקע אויף אַ רעכטן אמת!

ער האָט פאַררויכערט אַ ציגאַרעטל און געבליבן זיצן ברוגזלעך.

זי האָט געדרייט דאָס רעדל און געיאָגט, ווי עמיצער וואָלט איר טאַקע נאָכגעיאָגט. זי האָט געשניטן דורכן פּאַלערמאָ־וואַלד צום לאַ־פּלאַטאַ טייך און קריק.

אין מיטן וועג איז זי פּלוצים געבליבן שטיין. זי האָט אַ קוק געטון אויף אים. ער — אויף איר, און זיי האָבן זיך צעלאַכט. דערנאָך האָט זי אויסגעדרייט דעם קאָפּ פון אים, זיך חנוודיק געבלאָזן:

— כ׳בין שוין גאָרנישט מקנא מיין שוועסטער, אויב בערנאַרדאָ איז גע־ראָטן אין דיר.

ער האָט זיך נישט געכאַפּט אויף איר אָנצוהערעניש. ער האָט געצויגן מיט די אַקסלען. אַ צונטער־רויטע האָט זי אים אַ וואָרף־צו־געטון:

— האָסט מיר נאָך אַפילו קיין איין קוש נישט געטון.

— דו דרייסט זיך דאָך פון מיר אַוועק? — האָט ער זיך געקרעקט.

— ווילסט מיר טאַקע אויף אַן אמת באַליידיקן, סוסי?

— ניין, ניין...

ס׳האָט געהילכט בלויער הימל און גילדענע זון, דאָס געזאַנג פון די טריט פון אָנקומענדיקן פרילינג אין צעשטראַלטן באַגינען.

סוסי און איסאַק האָבן זיך געלאָזט אַהיים פאָרן מיטן פרילינג איז די אָדער; נאָר געמאַכט האָבן זיי זיך, אַז זיי זיינען אַ ביסל ברוגז צווישן זיך.

.1941

# חוזק אין דער ברייט

חוזק איז געווען אַ גרויסער חכם.
(פֿאַר אַ נאַר פלעגט מען נאָר האַלטן יעדן, וואָס איז געגאַנגען אין זיינע דרכים).
חוזק פלעגט זאָגן, אַז ווער סע גייט אויפן טראָטואַר, איז אַ נאַר.
ווייל פונעם טראָטואַר קען מען אַראָפּפאַלן און פון לעבן טראָטואַר — נישט.
פלעגט ער אַלע מאָל גיין ל ע ב ן טראָטואַר,
נישט א ו י פ ן טראָטואַר.

***

חוזק איז אַוועק,
ווו די וועלט האָט אַן עק
און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ זאַק מיט רייד
און דאָס ווערטל: „חוזק אין דער ברייט".
ווי אַזוי דאָס ווערטל איז געקומען אויף דער וועלט ?
יעדער דערציילט די מעשה, ווי אים געפעלט.
איינער הויבט זי אָן פון אַ סנאָפּ שטרוי,
און אַ צווייטער דערציילט זי אַזוי :
איין מאָל האָט זיך געמאַכט,
אַ יינגעלע האָט זיך געלייגט שלאָפן.
און אין מיטן דער נאַכט
צי פאַרטאָג —
געוואַלדן, געשרייען — אַ צרה, אַ קלאָג.
וואָסי ?
וואָס איז דאָס געווין ?
באשר בכן,
טע שטאַרן אים אַרויס די פיס ביז די קני —
סטייטש, ווי אַזוי האָט זיך דאָס געמאַכט :
דאָס בעט איז אים געוואָרן קליין.
מיר־נישט דיר־נישט איבער נאַכט ? —

קוקט מען אַהין, קוקט מען אַהער, ביז מע דערזעט,
אַז דאָס ייִנגעלע ליגט אין דער ברייט.
— אַזוי ? —
איז געוואָרן אַ געלעכטער —
ביסטו דאָך אַ לעקיש אַ רעכטער !
אַ לעקיש, אַ גולם, אַ חוזק און — שוין !

***

האָט חוזק דאָס דערהערט, האָט ער געטענהט, אַז ניין —
אַז אויב שוין חוזק, דאַרף דאָס ייִנגעלע הייסן: „חוזק אין דער ברייט״.
איז מען געזעסן און געקלערט זיבן טעג און זיבן נעכט;
ביז מ׳האָט געפסקנט, אַז חוזק איז גערעכט.
און פון דעמאָלט אָן, איז ווו מע גייט און ווו מע שטייט,
פאַרבליבן דאָס ווערטל: „חוזק אין דער ברייט״.

.1938

# דאָס אײביקע ליד

יצחק האָט אָפּן געהאַלטן די אויגן אין דער פינצטער, אין דער סאַמע נאַכט, און דערזען אַ פייער, אַ פלאַם־פייער.

ער האָט אויפגעריסן די אויגן און טיף אַריינגעקוקט אין דעם פייער, האָט ער דערזען דאָרט אַן אָפן מויל פון אַ ווילדער חיה, אַ צוק־חיה.

און זיינע אויערן האָבן פאַרנומען אַ געיאָמער פון טאַטעס, פון מאַמעס, פון קינדער, וואָס ווערן פאַרברענט פון דעם פייער, ווערן פאַרצוקט פון דער ווילדער חיה.

יצחק איז אַראָפּגעשפרונגען פון געלעגער און איז צוגעגאַנגען צום טאַטנס געלעגער און אים גענומען וועקן:

— טאַטע, קום!

האָט דער טאַטע מיט אַ דערשרעק זיך אויפגעכאַפּט און אין דער־שרעק אים געפרעגט:

— ווּהין, מיין זון?

— זעסט דען נישט דאָס פייער? זעסט נישט דאָס אָפענע פּיסק פון דער חיה?

— האַ?... יאָ, מיין זון. איך זע!

און ווידער געוואָלט אַריין אין דער טונקל פון לאַנגדיקן שלאָף, דער פאַר־שלאָפענער טאַטע. אָבער יצחק איז נישט אָפּגעטראָטן:

— הערסט דען נישט דאָס געיאָמער פון טאַטעס, פון מאַמעס, קינדער? איך קען נישט שלאָפן! און דו הערסט נישט, טאַטע?

— האַ?... יאָ, מיין זון. איך הער שוין!

— שטיי זשע נישט. קום!

האָט דער טאַטע אַ ציטער געטון:

— ווינד איז מיר און וויי!
וואָס זיינען מיר צוויי
אַנטקעגן זיי...?

— אַברהם, אַב־ר־הם! — האָט די מוטער אַ געשריי געטון פון שלאָף צום פאָטער און זיך רעכט אויפגעוועקט. — וואָס איז עס פאַר אַ גערודער?

און ס׳האָט זיך אויפגעכאַפּט אויך יצחקס ברודער. און ס׳האָט זיך אויפגע־כאַפּט די גאַנצע שטוב.

און יצחק האָט מיט זיין שטים אַ דונער געטון:

— הילף! הילף! גיכער, הילף!

און ס׳האָט אַ כאַפּ געטון יעדער, וואָס ס׳איז אים געקומען אונטער דער האַנט.
װער אַ וואַט און ווער אַ באַנד.
װער שפּייז און ווער אַ קלייד.
און מע גייט
און מע לויפט
און מע יאָגט,
ווי אין אַ שלאַכט,
אין מיטן דער נאַכט.

בלויז דער טאַטע טוט באַהאַרצט אַ זיפץ און די מאַמע פאַרגייט זיך שיעור־נישט אין אַ געוויין:

— צי זיינען מיר כאָטש נישט אַליין?...

און ווי זיי קומען אין מיטן דער שטאָט, דערהערן זיי, אַז אַרבעטערס האָבן פאַרלאָזט די פאַבריקן און זיינען אַוועק.

— הילף! הילף! — צעליאַרעמט זיך יצחק ווידער, אין דער נאַכט אַריין — הילף! הילף!

און ער איילט צום פייער, צו קומען אַהין גיכער.
אָנגעקומען אין עק פון שטאָט, דערהערן זיי אַז פּויערים האָבן פאַרלאָזט דאָס פעלד און זיינען אַוועק.

— הילף! הילף! — הערט יצחק נישט אויף צו ליאַרעמען, אין מיטן דער נאַכט — הילף! הילף!

און ער איילט צום פייער, צו קומען אַהין וואָס גיכער.
און זיינען זיי געקומען הינטער דער שטאָט, טרעפן זיך אַלע צונויף און גיבן זיך אַ לאָז אין איין געלויף —

פון ווו נאָר אַ מענטש איז פאַראַן —
איז געוואָרן אַ געגיי,
איז געוואָרן אַ געשפּאַן,
אַ געלויף און אַ געפּאָר,
אַ געשווים און אַ געפלי, —

פון אומעטום,
פון ווו־נאָר־ווו,
אהינצוצו,
אַ־הין־צו־צו,

צום פייער, צו ראַטעווען, צו היילן און צו באַשיצן.
און יצחק האָט זיך אַ וואָרף געטון אין פייער, און די הענט זיינע — אַ צע־
פיר און אַ צעמאַך.
און ער האָט דערזען צווישן אַ סך, אַ סך,
וואָס וואַרפן זיך אין פייער צו באַשיצן די מענטשן פון מאַדריד.
און פונעם פייער איז אויפגעגאַנגען אַ שטים, אַ קול אַזאַ —
דאָס אייביקע ליד.

.1937

# דער ווינט אויף אַ שפּאַציר

— קוקע ריקע רו־ר־ו! — צעשרייט זיך דער האָן אויפצוּוועקן פון שלאָף.
לויפט פאַרביי אַ ווינט און וואַרפט אים שיעור נישט פון פּלויט אַראָפּ.
צעבייזערט זיך דער האָן:
— קוקע ריקע רו־ר־ו!
הער נאָר, דו,
שטיי נאָך אַ ווייל!
וואָס איז דאָס געאייל?...
נאָר דעם ווינט גייט נישט אָן, וואָס עמיצער שרייט דאָרט.
און ער איז שוין אויף יענער זייט.

***

ביילקעלעס טאַטע לויפט פאַרהאַוועט. ער איילט צו דער אַרבעט.
דער קוימען פון פאַבריק פייפט שוין. ס'פעלט נאָר איין פערטל שעה.
איין טראַמוויי פאַרשפּעטיקט, אַ צווייטער קומט אָן.
ד'ער טראַמוויי איז פול, מען הענגט אויף די זייטן.
ביילקעלעס טאַטע כאַפּט זיך אַרויף מיט איין פוס און דעם צווייטן אין
דער לופטן — ווי צום רייטן.
לויפט פאַרביי דער ווינט און רייסט אים אַראָפּ דאָס היטל פון קאָפּ.
שפּרינגט ביילקעלעס טאַטע אַראָפּ פון טראַמוויי.
ער יאָגט זיך נאָכן היטל און האָט טענהס צום ווינט:
— איי, איי, איי, וואָס טוט מען אַצינד?...
נאָר דעם ווינט גייט נישט אָן וואָס עמיצער רעדט דאָרט.
און ער איז שוין ערגעץ העט־העט.

***

ביילקעלע שטייט ביים פענצטער און האַלט אַ פּאַפּיר אין האַנט. זי לערנט
זיך אויף אויסנווייניק אַ ליד. אין דעם דערזעט זי, ווי אַ היטל פליט.
זי לויפט אַרויס און גיט אַ פּאַטש מיט די הענט:
— אוי, דעם טאַטנס היטל! — זי האָט עס דערקענט.

לויפט פאַרביי דער ווינט און גיט איר אַ בלאָז אַוועק איר ליד, דאָס פּאַפּיר.

לויפן שוין אַלע פיר.
ביילקעלע — נאָכן פּאַפּיר.
ביילקעלעס טאַטע — נאָכן היטל.
דער האָן מיטן רויטן מיצל.
און דער ווינט — אָפּצוטאָן אַ פריש שפּיצל.
שרייט ביילקעלע: מיין ליד, געוואַלד!
ביילקעלעס טאַטע: דאָס היטל פאַרהאַלט!
און דער האָן שרייט נאָך דעם ווינט:
— קוקע ריקו־ו־ו! דאָס ביסטו!?...
נאָר דעם ווינט גייט נישט אָן וואָס עמיצער שרייט.
און פון לאַנג איז ער שוין אויף יענער זייט.

.1941

# בערל תם און עליע דראַנג

בערלען האָט מען גערופן:

בערל תם.

און עליען האָט מען גערופן:

עליע דראַנג.

בערלס מאַמע האָט געשיקט בערלען אין געוועלב אַריין עפּעס קויפן, האָט זי אים אָנגעזאָגט:

— גיי און ווער נישט אַנטשלאָפן דאָרט, קום באַלד צוריק, — עליע דראַנג זאָל דיך באַגעגענען!

עליעס מאַמע האָט געשיקט עליען אין געוועלב אַריין עפּעס קויפן, האָט זי אים אָנגעזאָגט:

— גיי און ווער נישט פאַרלוירן דאָרט, קום שוין צוריק, — אוי, אַ תם האָט מיך באַגעגנט!

בערל איז געגאַנגען און געקויפט צוקער.

עליע איז געגאַנגען און געקויפט זאַלץ.

פאַר דער שטוב איז בערל שטיין געבליבן, גלייך סע וואָלט זיך אים גע־שטעלט אַ ביין אין האַלדז.

עליע איז פאַרבייגעגאַנגען און דאָס דערזען.

— בערל, וואָס איז געשען?

— גאָרנישט, אין געוועלב בין איך געוועז.

— איך אויך.

— און אַצינד וועט מיך די מאַמע נישט אַרויסלאָזן פון שטוב.

— מיך אויך...

— ווייסטו וואָס? — האָט זיך עליע אַ כאַפּ געטון — טראָג דו אָפּ מיין מאַמען און איכ׳ל אָפּטראָגן צו דיין מאַמען, וועט מען אונדז ביידן אַרויסלאָזן פון שטוב.

— גוט! — האָט זיך בערל אָנגעכאַפּט אין דעם.

און אַזוי איז עס געשען.

בערלס מאַמע האָט גענומען ביי עליען דאָס פּעקעלע. זיך אָנגעגאָסן טיי און אַריינגעשיט צוויי לעפעלעך אין דער טיי.

זי האָט צוגענומען צום מויל און זיך אַ פֿאַרקרים געטון:

— געזאַלצן גאָר! נאַ, עליע דראָנג האָט מיך באַגעגנט!

עליעס מאַמע האָט גענומען ביי בערלען דאָס פּעקעלע. זיך אויפגעגעבן אַ שיסעלע קאַרטאָפל און אָנגענומען פון פּעקעלע אויפן שפּיץ מעסער און אַרויפגעשיט אויף די קאַרטאָפל.

זי האָט צוגענומען צום מויל און זיך אַ פֿאַרקרים געטון:

— זיס גאָר! נאַ, בערל תם האָט מיך באַגעגנט!

און בערל תם און עליע דראָנג האָבן גאָר אַליין נישט געוווּסט פון דעם שפּאַס.

זיי זיינען נאָר אומגעלאָפן און געשפּילט זיך מיטן ווינט אין גאַס.

.1944

# אַרויס פֿון די ברעגעס

דער לאַ־פּלאַטאַ טייך איז זיך אַ גאַנצן טאָג רויִק געלעגן איבער אַ שטיק לענג און ברייט פון בוענאָס איירעס ביז נאָך טיגרע. אַלע מאָל האָט אַ ווינט אים אַ גלעט געטון, אַ קיצל געטון, ווי מען גיט אַ מאָל אַ מענטש אַ ריר מיט אַ שטרוי אין אויער, אין האַלדז.

אָבער דער לאַ־פּלאַטאַ טייך איז געווען געדולדיק און זיך נישט ווילנדיק געמאַכט.

פון זינט דער טאָג האָט זיך געשטעלט זיינען מענטשן אַריין אין אים און ער איז זיך אַלץ געלעגן רויִק.

יוער ס׳איז אין אים אַריינגעגאַנגען, ווער — געלאָפן, ווער — געשפּרונגען און ער, דער טייך, ווי נישט אים מיינט מען עס.

קינדער האָבן זיך גענומען אָפּשפּריצן, שווימערס — קלאַפּן מיט די פיס, פּאַטשן מיט די הענט און ער, דער לאַ־פּלאַטאַ טייך:

— געזונטערהייט! ווי אייער האַרץ גלוסט!

זעלטן, מען זאָל געדענקען דעם לאַ־פּלאַטאַ טייך אַזאַ געדולדיקן. ווינטעלעך האָבן זיך געטראָגן איבער אים און אים קוים־קוים אַ קנייטש געטון דאָס פּנים.

די זון האָט אים דורכגעוואַרעמט, ביז אין דער טיף, ביזן אָפּגרונט.

צו פאַרנאַכט־צו האָט די ווינטעלעך אָנגעהויבן צו פאַרדריסן, וואָס דער לאַ־פּלאַטאַ טייך מאַכט זיך די גאַנצע צייט אַזוי נישט ווילנדיק. גלייך ער וואָלט זיי נישט געזען, נישט געהערט, נישט געפילט. און די ווינטעלעך האָבן זיך גענומען צעבייזערן, זיינען געוואָרן בייזע ווינטן.

זיי האָבן זיך גענומען טשעפּען צו אַלץ און אַלעמען.

אויף דעם הימל האָבן זיי אָנגעטראָגן שטיקער כמאַרע.

פון די ביימער, פון די פלאַנצן האָבן זיי גאַנצע אברים געריסן.

די ערד האָבן זיי גענומען אונטערגראָבן.

און דעם טייך אַליין האָבן זיי גענומען די קישקעס איבערקערן.

דִי מענטשן — פון טייך אַרויסגעטריבן.
דער לאַ־פּלאַטאַ טייך האָט געקעמפּט מיט אַלע זיינע כּוחות.
נאָך שעהען קאַמף, וואָס ער איז אַזוי געלעגן, האָט ער געמוזט אַרויס פון זיינע ברעגעס.
ער איז אַרויס מיט אַ געשריי, מיט אַ יללה.
און די מענטשן זיינען זיך צעלאָפן אין אַ גרויסער בהלה.

.1944

# מלכה לערנט ייִדיש

מלכה לערנט ייִדיש,
הערט זי און זי קוועלט,
וואָס די ייִדן וווינען
אויף דער גאַנצער וועלט.

הערט זי, הערט זי ווייטער,
לויפט איר דורך אַ ציטער:
„ווי די ייִדן לעבן —
ווי שווער און ווי ביטער".

רייסט דער לערער איבער —
קינדער ווערן מיד —
— נו, אַצינדערט, קינדער,
זינגען מיר אַ ליד!

זינגט מען, ווערט מען מונטער
פון די שיינע לידער,
נאָך דעם קומט אַ מעשה —
יוסף מיט די ברידער.

יוספס ברידער זיינען אין פעלד ביי די שאָף און דער טאַטע יעקב, מיט יוספן — ביי זיך אין געצעלט.

דער לערער דערציילט ווייטער און אין קלאַס צערוקן זיך די ווענט.

צערוקן זיך, צערוקן זיך, ביז מען זעט שוין אָן דאָס געצעלט דאָרט, מיטן פעלד אַרום, מיטן היי, מיטן שטרוי.

און מלכה הערט, ווי דער טאַטע יעקב רופט־צו יוספן און זאָגט צו אים אַזוי:

— גיי נאָר זע,
אויב פריד איז צו דיינע ברידער,
און אויב פריד איז צו די שאָף.

יוסף ווייסט נישט, וואָס סע וואַרט אויף אים.
ער ווייסט אויך נישט, צי עמיצער גייט מיט אים מיט.
כאָטש מלכה גייט אים נאָך טריט ביי טריט.
זי גייט אים נאָך און טראַכט, אַז שלעכטס וועט מיט אים טרעפן, זייער שלעכטס!

און ווי יוסף איז געקומען צו די ברידער, האָבן זיי אים אַ נעם געטון און אים אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב. דערנאָך האָבן זיי אים אָרויסגעצויגן פונעם גרוב און אים פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט.

מלכהן האָט דאָס פאַרקלעמטביים האַרץ און זי האָט זיך צעוויינט. מיט נאָך אַ קינד איז דאָס זעלבע געשען.

האָט דער לערער איבערגעריסן אין דער מיט און אַ מאַך געטון, אַז דער סוף איז אַ גוטער געווען:

יוסף איז געוואָרן אויס קנעכט. ער איז גאָר געוואָרן אַן עלטסטער איבערן לאַנד.

און מלכה האָט זיך שוין אַליין דעם סוף דערמאָנט.

די מעשה מיטן חלום:

פון זיבן מאָגערע קי,
וואָס האָבן אויפגעגעסן
די זיבן פעטע קי —

די זיבן זאַטע יאָר.
און זיבן הונגער־יאָר.

דערנאָך האָט דער לערער צוגערופן מלכהן צום טאָוול, זי זאָל אויפשרייבן אַ זאַץ וועגן די ייִדן איבער דער וועלט.

מלכה האָט אין יענער רגע געקראָגן פליגל, אַ פלי צו טון פון לאַנד צו לאַנד, צו פירן גרוסן און ברענגען גרוסן. און זי האָט אַ נעם געטון דאָס קרייטל און אויפגעשריבן,

אַז איר געפעלט,
וואָס די ייִדן וווינען
אויף דער גאַנצער וועלט.

1938.

# די וועלט איז ענג!

פון סענדערלען איז אַ תל געוואָרן.

סענדערל איז געווּוינט געווען צו לעבן אין אַן אָפענער וועלט, נישט אין קיין פאַרמאַכטער וועלט.

פלעגט קומען דער פרילינג, פלעגט זיך סענדערל אָנהויבן געזעגענען מיט דער כאַטע און זיך קלייבן אין דער „ראַנטשאָ" אַריין.

נענטער צום זומער־צו פלעגט שוין דאָס גרינע פעלד, די הויכע גראָזן, ווערן סענדערלס בעטל.

און — קיין ווענט האָט שוין זיין „שטיבעלע" אין גאַנצן נישט געהאַט...

דער הימל — די סטעליע.

וואָס זשע איז פון דעם סענדערל געוואָרן?

איבערגעלאָזט די אָפענע וועלט און אַוועק אין דער פאַרמאַכטער וועלט אַריין.

אין דער גרויסער שטאָט אַריין.

צווישן מויערן און ווענט, מויערן און ווענט — פון אַלע זייטן מויערן און ווענט!

איז פון אים אַ תל געוואָרן, ער האָט פאַרלוירן דעם גלאַנץ פון די אויגן, די פאַרב פון די באַקן, די פרייד פונעם האַרצן — אַ תל געוואָרן.

---

אין סאַמע שיינעם פרילינג איז עס געווען.

ווען עס איז, האָט ער געשריבן אַ היים, אַז דאָ איז אים ענג...

ער בענקט...

ער וואָלט —

ער שעמט זיך צו שרייבן, וואָס ער וואָלט געוואָלט.

טאַטע־מאַמעס רייד זיינען געווען גאָלד...

נישט נאָר טאַטע־מאַמע האָבן אים געבעטן און געוואָרנט, אַז ער זאָל נישט אַוועק פון קאַמפּ, נאָר אַלע מענטשן דאָרט, אַפילו די שטומע באַשעפענישן, האָבן אים געבעטן און געוואָרנט, אַז ער זאָל נישט אַוועק.

נאָר אים האָט אָנגערעדט עפּעס אַ בייזע שלאַנג...

אוי, ווי סע טוט אים באַנג!
נאָך ווען האָט ער זיי דאָס געשריבן און ער האָט אויף דעם קיין שום ענט־פער נישט באַקומען...
ערשט נישט לאַנג האָט ער ווידער געשריבן און ס׳האָט נאָך נעכטן, אייער־נעכטן געקענט זיין אַן ענטפער —
ווי ער קוקט אויף דעם אַרויס!
אין סאַמע שיינעם פרילינג איז עס געווען.
אין דער פרי נאָך זון־אויפגאַנג.
ער האָט נישט געוווסט, צי סע האָלט שוין נאָך זון־אויפגאַנג, ער איז גע־שלאָפן.
און ווען ער זאָל נישט געווען שלאָפן, וואָלט ער אויך נישט געווען גע־וווסט, וואָרן פון אַלע זייטן איז פאַרמאַכט און פאַרשטעלט געווען.
דאָס צימערל איז געווען אָן אַ פענצטער.
אַ טיר האָט עס יאָ געהאַט, האָט עס געפירט ערגעץ אין דער פינצטער.
איבערן קאָפּ — די סטעליע.
און פון אַלע זייטן ווענט —
ווענט, ווענט, ווענט!
נישט אויסצושטרעקן די הענט...

---

ליגט ער אַזוי און שלאָפט אַזוי שווער. כראָפּעט, כראָפּעט, גלייך סע וואָלט אים געלעגן אַ שטיין אויפן האַרצן.
די אויגן זיינען פאַרשלאָסן, אָבער זיי זעען. בילדער גאַנצע זעען זיי.
די אויערן זיינען אין שלאָף ווי פאַרשטאָפּט, אָבער זיי הערן. נאָך ווי אַזוי זיי הערן! — — — — — — — — — — — — — — — —
רחלע, די איינציקע שוועסטער זיינע, שטייט מיטן מינדסטן פינגער אין מויל, און זי קוקט אויף טאַטע־מאַמען מיט צוויי גרויסע צעשראָקענע אויגן, און זי שווייגט.
די מאַמע פאַרברעכט די הענט און רעדט, און זי, רחלע, שווייגט.
— אוי, סענדערל, סענדערל, איך הייס נישט אַוועקפאָרן, באַרעכן דיך וואָס דו טוסט!
דער טאַטע גיט אַ זאָג אָפּגעהאַקט:
— סענדערל, פאָר נישט!
רחלע שווייגט. סע שטיקט זי טרערן אין האַלדז, זי קען נישט רעדן.
די מאַמע פרוווט זיך נאָך אַלץ בעטן ביי אים, אַז ער זאָל נישט אַוועקפאָרן.

דער טאַטע גיט ווידער אַ זאָג אָפּגעהאַקט:
— סענדערל פאַר נישט!
און רחלע ברעכט אויס מיט אַ געוויין:
— בלייב, סענדערל, בלייב!
זי כאַפּט אים אַרום, געזעגנט זיך מיט אים, קושט אים און שווייגט.
אַלע שווייגן, אַלע.
בלויז די שטומע באַשעפענישן נעמען רעדן...

— מיאַו... מיאַו...
צעוויינט זיך אַ קאַץ —
וואָסי, נישטאָ שוין
פאַר דיר דאָ קיין פּלאַץ?
אַ הונט און אַ הינטל
צעוואָיען זיך: — האַוו... האַוו...
געווען אונדזער סענדערל
אַלע מאָל בראַוו, בראַוו.
קוקוריקו! — צעלאָזן זיך
הינער און הענער —
ער לאָזט אונדז גאָר איבער
וואָס זאָגסטו נישט, זע נאָר!
און פייגעלעך בעטן זיך,
זינגען: — פּיפּי!
יינגעלע טייערס,
נישט איַל זיך, נישט פלי!...
— הירזשע און הערזשע —
צעהירזשען זיך פערד —
וועסט קומען צוריק נאָך
און קושן די ערד!...
— אַנטלאָפן מיין קעלבל,
אַנטלאָפן, מומו!
זוכט עס אַרום שוין
די שטאַל מיט דער קו!... —
נאָר אַלץ האָט קיין ווערט נישט
סע העלפט נישט קיין האָר נישט,
זיי בלייבן ביים בעטן זיך:
— סענדערל פאַר נישט!

— סענדערל!
— סענדערל!
— אוועק.
אין יענעם עק...

— ווער ווייסט ווו ער געפינט זיך אצינד?
עלנט קינד!
— ער ליגט ווי מיט געבונדענע הענט
צווישן מויערן און ווענט...

---

— מאַמע. טאַטע. רחלע... — האָט ער זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ דער־שרעק און אָפּגעאָטעמט, גלייך ווי סע וואָלט אים אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרצן.

ער האָט זיך געוואָלט צעשרייען, אַז ער וועט נישט פאָרן, ער וויל נישט פאָרן, ער וויל בלייבן מיט זיי דאָרט אויפן קאַמפּ.

האָט ער אָבער זיך אַרומגעקוקט און געזוכט אין אַלע ווינקעלעך פון דעם קליינעם צימערל און קיינעם נישט געפונען.

נישט די טאַטע־מאַמע.

נישט רחלען.

קיין שום זאַך נישט, וואָס זאָל דערמאָנען פון זיין היים.

קיין קאַץ,

קיין הונט,

קיין האָז,

קיין פויגעלע,

קיין פערד,

קיין קו —

ווו איז ער, ווו?

דאָס קליינע פינצטערע צימערל האָט אים שוין דערמאָנט ווו ער איז...

אין דעם גערודער און געטומל, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער גאַס, האָט ער פאַרשטאַנען ווי שפּעט עס איז —

פרי איז שוין נישט.

האָט ער זיך די אויגן אויסגעווישט.

אויפגעשטאַנען.

אַרויס אין גאַס אַריין זוכן אַרבעט.

אויסמעסטן די רוישיקע לאַנגע פרעמדע גאַסן —

גענומען שפּאַנען.

---

אַ שויפענצטער האָט אים פאַרבעטן, ער זאָל צוגיין און זיך אָפּשטעלן און באַקוקן וואָס דאָרט איז אַלץ אויסגעשטעלט.
איז ער צוגעגאַנגען און זיך אָפּגעשטעלט און גענומען באַקוקן.
דאָס שויפענצטער האָט אויסגעזען פריש און אויסגעפּוצט.
ערשט נישט לאַנג עס געשמירט און געווישט און געגלאַנצט, מיט אַ שמאַטע צי מיט פּאַפּיר —
אַ חילוק מיר...
האָט ער געשטאָלצירט און זיך באַרימט:
— איך זע דאָך אויס ווי אַ שפּיגל!

היינט, וואָס ביי מיר געפינט זיך,
פון אַלעם גוטן קענסטו קריגן:
איינגעמאַכטס,
שוין איין מאָל איינגעמאַכטס!
פון וויינטרויבן,
פון פלוימען,
עפּל,
באַרן —
וואָס דו ועסט נאָר קויפן,
וועסטו זיך נישט נאַרן!
האָט סענדערל אויסגעדרייט דאָס קעפּל:
— באַרן, עפּל,
בין איך געוווינט געווען פון בוים צו רייסן,
מיט די ציין פון צווייגל בייסן...
און דאָס איז פלוימען, וויינטרויבן,
נישט צום גלויבן!
איינגעמאַכטס
און אויסגעמאַכטס... —
ער איז אַוועק און זיך צעלאַכט.
זיינע אויגן האָבן זיך גראָד אָפּגעשטעלט אויף אַ פּאָסטקעסטל, האָט ער אַזוי געקוקט און זיך פאַרטראַכט:
— ס'האָט נאָך נעכטן, אייערנעכטן געקענט זיין אַן ענטפער.
אַך, ווען איך זע מיך שוין צוריק דאָרט — אויפן קאַמפּ, אויפן פרייען פעלד:
וואָס וואָלט מיר געפעלט!
איך וואָלט דאָך שוין געווען צוריק אויף דער פריי... —

ווו ער איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פּאָסטקעסטל, האָט אים דאָס האַרץ אַ קלאַפּ געטון:

— אפשר היינט שוין, אפשר וועל איך שוין היינט באַקומען אַן ענטפער. טאַטע־מאַמע זאָלן מיר שרייבן, איך זאָל צוריק אַהיימקומען?

און אפשר וועלן זיי ניִשט שרייבן איך זאָל אַהיימקומען?

אפשר זאָגן זיי:

„ביסט אַנטלאָפן, סענדערל, האָסט נישט געוואָלט פאָלגן טאַטע־מאַמע, האָסט פאַרלאָזן דעם קאַמף, דעם אַקעראייזן מיטן שנייד־מעסער, די וואָרעמקייט פון דער זון מיט דער פרוכט פון דער ערד — ביסטו בעסער נישט ווערט!״

אוי,

אפשר זאָגן זיי אַזוי?

אָבער ניין,

זיי וועלן מיך נישט לאָזן דאָ אויסגיין!

זיי הערן ווי זייער קינד רופט און רופט:

— מיך שטיקט דאָ, מיך שטיקט, מיר פעלט לופט, לו־ו־ו־ופט...

---

פאַרנאַכט איז ער אַהיים געקומען, איז ער דאָס ערשטע אַריינגעלאָפן צו דער „ענקאַרגאַדעכע״, צי ס'איז נישטאָ עפּעס קיין בריוו צון אים.

זי האָט זיך אויף אים געבייזערט, וואָס ער האַלט זי אין איין פרעגן. זי האָט נישט ליב, אַז מע פרעגט זי. האָט זי עפּעס פאַר עמיצנס וועגן, טראָגט זי עס אַליין צו. זי באַהאַלט עס נישט פאַר זיך.

— אַזאַ יונגער שנעק און געטרויעט שוין נישט קיינעם!

— אָבער ניין, וואָס רעדט איר, סעניאָראַ...

זי האָט אים נישט געלאָזט פאַרענדיקן. זי ווייסט, אַז ער איז אַ פיין יינגל, זי האָט נישט א י ם געמיינט. זי האָט געמיינט עמיצן אַנדערש. זי ווייסט אַליין נישט וועמען זי האָט געמיינט...

ס'איז איר געוואָרן ביטער אויפן האַרצן, האָט זי גערעדט.

— נאַ דיר גאָר אַזאַ באַגעגעניש! — האָט סענדערל צו זיך אַליין אַ מאַך געטון, ווען ער האָט זיך אויסגעדרייט פון איר.

ער איז אַרויף צו זיך אין קליינעם, פינצטערן צימערל, און קוים אַראָפּגע־צויגן פון זיך די ענגע שיך.

אין דער היים זיינען זיי גאָרנישט ענג געווען. אמת, דאָרט פלעגט ער זיי אָנטאָן אַ מאָל, אַ מאָל אויף אַ האַלבע שעה צי אויף אַ שעה, און דאָ לאָזט ער זיי פון פוס נישט אַראָפּ.

נאָר מילא, אין דער היים, וואָס איז דאָ דאָס ריידן פון דער היים, אַז מען זעט גאָרנישט קיין בריוו פון דאָרט.

די „ענקאַרגאַדעכע" קען שוין אַזש נישט ליידן וואָס ער פרעגט זיך אַזוי פיל אויף פּאָסט.

און אפשר, — האָט ער שוין אַליין נישט געוווּסט וואָס צו טראַכטן, — ווער קען זיי פאַרשטיין, די שטאָטישע? אַז זי קען זיך אָן אַ פאַרוואָס אַזוי בייזערן, אפשר קען זי אָן אַ פאַרוואָס באַהאַלטן אַ בריוו, אָדער גאָר אַוועקוואַרפן?

ס'איז אים באַפאַלן אַן אומרויִקייט, אַז ער האָט זיך נישט געקענט קיין אָרט געפינען.

ביינאַכט האָט ער זיך עטלעכע מאָל איבערגעוועקט פון שלאָף מיט אַ ווייטיק אין האַרצן:

ווער קען וויסן און וואָס קען מען טאָן דערצו?

---

אין דער פרי האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס אַריין און שוין נישט צוגעגאַנגען צו דער „ענקאַרגאַדעכע" זי צו פרעגן.

נאָר דווקא אומגעריכט, האָט זי אים אַ רוף געטון. זי האָט פאַר אים אַ בריוו.

ער האָט דעם בריוו אַרויסגענומען פון אירע הענט, נאָך איידער זי האָט אים געגעבן.

ער האָט אַן עפן געטון און געלאָפן מיט די אויגן איבער די שורות!...

„טייערער קינד,

ביסט אַ גרויסן פעלער באַגאַנגען, נאָר טאַטע־מאַמע זיינען טאַטע־מאַמע...

דער פעטער יאַנקל פון דער 11טער גרופע וועט היינטיקע וואָך דאַרפן זיין אין בוענאָס איירעס, וועט ער זיין ביי דיר, וועסטו שוין מיט אים — — —

— אַהיים פאָרן! אַהיים פאָרן! — האָט ער גענומען אַזש טאַנצן פאַר פרייד. ער האָט פאַרגעסן צי ער געפינט זיך אין אַ שטאָט, אויף אַ הויף צווישן מענטשן.

ער האָט אַזש נישט געקענט לייענען, וואָס עס שרייבט זיך ווייטער, נאָר נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט די ערשטע עטלעכע ווערטער פון בריוו.

און ער איז שוין צוריק אַרויף צו זיך אין צימערל.

ס'איז אויף אים נאָך קיין מאָל אין זיין לעבן אַזאַ גדולה נישט געווען.

ער פאָרט דאָך שוין צוריק אויפן קאַמפּ, צוריק אויף דער פריי!

— אַך, וואָס קען דען בעסער זיין?

די גאַנצע וועלט איז מיין!

.1936

# איין מאָל אין אַ נאַכט

הינטער יענער שטוב,
הינטער יענער שטוב,
זיבן איילן מיט אַ שפּאַן
אויף אַ שמאָל, געדרייטן וועג,
איז אַ בערגעלע פאַראַן.

אויפן בערגעלע,
אויפן בערגעלע,
וואַקסט אַ בלום, אַ בלום אַ ווייסע,
ווער סע שטעלט זיך דאָרטן אָפּ,
הערט אַ טרויעריקע מעשה.

***

„כליאַפּ... כליאַפּ... כליאַפּ...״
האָט אַ רעגן געקלאַפּט
אין אַ פינצטערער נאַכט.
האָט זיך משהלע איבערגעוועקט און צוריק אַנטשלאָפן געוואָרן.
„ווו... ווו... ווו...״
האָט האַרבסט־ווינט געבלאָזן
און אויסגעפּליקט די גראָזן.
האָט זיך משהלע ווידער איבערגעוועקט און צוריק אַנטשלאָפן געוואָרן.
„האַוו... האַוו... האַוו...״
האָט אַן עלנטער הונט זיך צעוויינט —
ווי אַ קינד האָט ער געוויינט!
האָט זיך משהלע אויפגעכאַפּט און מער שוין נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן.
„וואָס, וואָס, וואָס?... —
האָט זיך משהלע געטראַכט —
וואָס טוט זיך עס אין דער דאָזיקער נאַכט?״
אומזיסט, ער קען נישט שלאָפן.

נישט ווייל סע גיסט אַ שטאַרקן רעגן, — ס'איז די צייט, ער זאָל גיסן, גיסט ער.
נישט ווייל סע בלאָזט אַ שטאַרקער ווינט, — ס'איז די צייט, ער זאָל בלאָזן, בלאָזט ער.
נאָר וואָס איז עס מיטן הונט, וואָס ער וויינט אַזוי?
און משהלע איז אַזוי געלעגן און זיך איינגעהאָרכט און געקלערט:
— איז דער הונט פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן און קען זיין היים נישט געפינען?
אָדער דער באַלעבאָס זיינער איז אַריין אין צאָרן און אים גאָר אַרויסגעטריבן? —
אָבער ליגן אין אַזאַ נאַכט אויף דער גאַס,
איז דאָך נישט קיין שפּאַס!
ער וואָלט אים אַריינגענומען און אויפן הויף אים אַ געלעגער געמאַכט,
נאָר ווי גייט מען עס אַרויס אין אַזאַ נאַכט?
ער וואָלט אויפגעוועקט טאַטע־מאַמע, האָבן זיי אָבער אַזוי שווער זיך אָנגעאַרבעט, שלאָפן איצט אַזוי געשמאַק, איז אים אַ שאָד זיי אויפצוּוועקן.
ער וואָלט, ער וואָלט, אָבער... — גיט עס אים ווי אַ ברי — אַ מינוט איז אַ יאָר אַצינד!

„האַוו... האַוו... האַוו..."
אַ געוויין ווי פון אַ קינד!
סע וויינט מיט אים מיט, דער ווינט...

איז משהלע אַראָפּ פון בעט און זיך איינגעוויקלט אין דער קאָלדרע און זיך געשאַרט אין דער פינצטער ביז צו דער טיר.
פּלוצים האָט אַ לאַנגער בליץ אַ שנייד־איבער געטון די פינצטערניש און משהלען אַ בלענד געטון אין די אויגן.
משהלע האָט אַ ציטער געטון און שטיין געבליבן אויפן אָרט.
נאָכן בליץ האָט אַ שטאַרקער דונער זיך גענומען קייקלען, קנאַקן און קראַכן, ווי ער וואָלט ערגעץ אומגעבראַכט אַ שטאָט אַ גאַנצע.
משהלען איז ענג געוואָרן אין האַלדז, דער אָטעם האָט זיך אים איינגעהאַלטן. אַזוינע דונערן האָט ער נאָך דאַכט זיך, קיין מאָל נישט געהערט.
נאָר אַזאַ געוויין פון אַ הונט האָט ער נאָך זיכער קיין מאָל נישט געהערט!
האָט ער זיך געשטאַרקט און אויפגעעפנט די טיר און אַרויס אויפן הויף, און אויפגעקייטלט דאָס טירל אין גאַס אַרויס, און אַ פייף געטון.
אַ פייף נאָך אַ פייף, גלייך ווי ער וואָלט אַ רוף געטון:
קום, עלנטער הונט, קום אַהער!

דער הונט האָט די דאָזיקע שפּראַך פאַרשטאַנען און ער איז צו צו אים און זיך גענומען דרייען ביי זיינע פיס און שמעקן און לעקן, זיך לאַשטשען צו אים.

„האַוו־האַוו...״ — האָט ער שטיל ווי אַרויסגעקרעכצט.

דאָס האָט געהייסן: אַך, מוזטו עס זיין אַ ווויל ייִנגעלע!

משהלע האָט אָפּירגענומען די הענטלעך פון הינטער דער וואַרעמער קאָלדרע און אים געגעבן אַ צוויי גלעט איבער די דורכגענעצטע האָר.

דערנאָך האָט ער אים אָנגענומען ביי די פאָדערשטע פיס, אים אויפגעהויבן און צוגענומען צו זיך.

„האַוו־האַוו...״ — האָט דער הונט גישט געוווּסט ווי אַזוי ער זאָל אים דאַנ־קען.

„נו־נו...״ — האָט אים משהלע געענטפערט מיט אַ גלעט, ווי איינער רעדט: מע דאַרף נישט דאַנקען.

„האַוו־האַוו...״ — האָט דער הונט אַ זיפץ געטון, גלייך ווי ער וואָלט גע־זאָגט: אַך, ייִנגעלע, טייער ייִנגעלע, ווען דו זאָלסט וויסן, וואָס איך האָב זיך אין דער דאָזיקער נאַכט אָנגעליטן, ווי איך בין דורכגעווייקט, ווי מיר איז קאַלט!

„כ׳פאַרשטיי, כ׳פאַרשטיי...״ — האָט אים משהלע געענטפערט מיט אַ גלעט, ווי איינער רעדט: מיר וועלן שוין שפּעטער שמועסן... דערווייל, קום. וועל איך דיר מאַכן אַ געלעגער.

און ער האָט אים אַריינגענומען און אַרונטערגעפירט אונטער אַ דעכל, אויף אַ טרוקן אָרט. דערנאָך האָט ער אויסגעשפּרייט אַ זאַק אין צווייען אין באַטאַפּט מיט די הענטלעך, צי ס׳איז נישט נאַס, און האָט אים אַרויפגעפירט און צוגע־דעקט און איינגעדעקט מיט אַ שטיק פלאַכטע און אים צוגעפּעטשלט:

— וואַרעם דיך איין און שלאָף!

— האַוו־האַוו... אָ, אַ מחיה...

— געטוג זיך אָנגעפּרירט!

— האַוו־האַוו... גענוג...

— אָבער וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט? אַזאַ גרויסער הונט זאָל פאַרבלאָנ־דזשעט ווערן?

— האַוו־האַוו... ניין, ניין...

— אַוודאי ניין... וואָס דען? מ׳האָט דיך אַרויסגעיאָגט און פאַרטריבן?

— האַוו־האַוו...

— אַזוינע שלעכטע! נו־נו, דיר וועט שוין גאָרנישט פּע־ע־ע־עלן!...

ס׳האָט אים אָנגעכאַפּט אַזאַ ציטערניש, אַז ס׳האָט אים גענומען קלאַפּן אַ צאָן אין אַ צאָן.

דער רעגן האָט זיך דורך ערגעץ פאַרגנבעט אויפן הויף אַרויף און אים גע־

נומען פּאַטשן אין פּנים אַריין, אַז ער זאָל זיך דערמאָנען אַריינצוגיין אין שטוב אַריין.

דער ווינט האָט אים געגומען רייסן ביי דער קאָלדרע, אַז ער זאָל זיך דער־מאָנען אַריינצוגיין אין שטוב אַריין.

„האַוו־האַוו... האַוו־האַוו...״ — האָט דער הונט זיך גענומען בעטן, אַז ער זאָל זיך שוין גיין לייגן, ער קען זיך נאָך פאַרקילן.

ווי בלוי ער איז, ווי ער ציטערט, אַ שרעק!

האָט ער געפאָלגט און איז שוין קוים אַריין אין שטוב און זיך אַריינגעכאַפּט אין בעט אַריין, זיך גוט צוגעדעקט און אַנטשלאָפן געוואָרן מיט אַ שווער כראָפּען.

די נאַכט האָט גענומען פאַרשווינדן אַ ברוגזע און מיט משהלען זיך שלעכט געזעגנט...

„כראָ... כראָ... כראָפּ...״ — האָט זיך זיין שווער כראָפּען צעטראָגן איבער דער גאַנצער שטוב און אויפגעוועקט די מאַמע זיינע.

— ווער כראָפּעט עס אַזוי? ווער שלאָפט עס אַזוי שווער?

און זי איז געבליבן ליגן און זיך איינגעהערט אַ ווײַלע, און כ׳האָט זי ווי אַרויסגעוואָרפן פונעם בעט.

זי איז צו צו איר משהלען, איר איין אויג אין קאָפּ... און זי האָט דערזען ווי ער פלאַמט, אָנגעצונדן ווי אַ פייער. דאָס הערצל הויבט זיך אים פון אונטער דער קאָלדרע און דער אָטעם איז אים שווער, זייער שווער.

האָט זי מיט אַ שרעק אין האַרצן אויפגעוועקט דעם טאַטן זיינעם:

— שטיי נאָר אויף, גיכער, ווײַ איז דער מאַמען!

— וואָסי? — האָט ער נישט געוווּסט וואָס ס׳איז אויף אים געפאַלן אַזוי פּלוצים.

האָט זי אים דערציילט, אַז זי ווייסט נישט וואָס מיטן קינד האָט פּאַסירט — ס׳האָט זיך געלייגט געזונט און פריש און איצט, און איצט...

זי האָט זיך צעכליפּעט אין דער שטיל, אַז משהלע זאָל זיך נישט אויפכאַפּן, — דער שלאָף היילט, זאָגט מען.

— ששש, ששש! — האָט דער טאַטע גענומען איינשטילן די מאַמען, גע־וואָלט זי שטאַרקן — ששש, ס׳וועט אים גאָרנישט זיין, ער וועט זיך איבער־שלאָפן וועט ער אויפשטיין געזונט, דער שלאָף היילט!

און טאַטע־מאַמע האָבן זיך אַנידערגעשטעלט לעבן קינד האָרכן ווי סע שלאָפט, ווי סע סאָפּעט.

דער האַרבסטיקער פאַרטאָג האָט אַריינגעקיקט צו זיי מיט פאַרטרערטע אויגן.

די קו זייערע האָט פון דער שטאַל אַרויסגעלאָזט הערן אַ טרויעריקן „מו־ו־ו!״ אַנדערש פון נעכטן און אייערנעכטן.

און אַ בילן פון אַ הונט האָבן זיי פלוצים דערהערט פונעם הויף, פון הינ־טער דער טיר.

„ווער איז דער הונט?״ — האָבן זיי זיך אָנגעקוקט און נישט געוווּסט פון וואָס צו זאָגן.

און דאָס בילן איז נישט געווען קיין בילן, נאָר אַ וויינען, אַ קלאָגן...

1935.

# דער הונט וויל נישט אָפּטרעטן

פון אויבן גיסט אַ רעגן,
פון צפון בלאָזט אַ ווינט,
ער לאָזט זיך אין די וועגן —
„אוי, געוואַלד, מיין קינד!"

אַ פערד פון שטאַל אַרויס,
אַ פּוס אַרויף, געשווינד,
די שרעק איז זייער גרויס —
„אוי, ס'איז קראַנק מיין קינד!"

יאָג זיך, פערד, ס'איז ווייט,
יאָג זיך ווי אַ ווינט,
דער דאָקטער זאָל אין צייט
קומען צו מיין קינד!"

פון אויבן גיסט אַ רעגן,
פון צפון בלאָזט אַ ווינט,
אַ טאַטע טאָר נישט פרעגן —
„אוי, געוואַלד, מיין קינד!"

גיט דאָס פערד אַ הירזשע און אַ טרויעריקן דריי־אויס דעם קאָפּ:
„נאַ דיר גאָר, משהלע קראַנק!
ערשט נעכטן מיר האָבער דערלאַנגט..."
און סע טוט אַ דריי מיטן עק און אַ הויב אים אין דער הויך,
ווי סע וואָלט זיך אָנגענומען מיט כוח.
און נאָך אַ מאָל אַ הירזשע און אַ שטרעק־אויס דעם קאָפּ,
און זיך אַ לאָז געטון מיט משהלעס טאַטע, אין גאַלאָפּ.
ווייט, ווייט, ווייט,
צו ברענגען דעם דאָקטער אין דער צייט!
און די מאַמע, ביי דער זייט

פון בעט, שטייט מיט פאַרבראָכענע הענט און קוקט מיט אירע פאַרווײנטע אויגן דורך דער פאַרטרערטער שויב אין דרויסן אַרויס.

זי קוקט נאָך, איר משהלעס טאַטן דעם רייטער,
ווי ער פאַרשווינדט אַלץ ווייטער און ווייטער.
זי קוקט אים נאָך און שיקט אים נאָך אַ טרער און אַ כליפּע:
„אוי, מיין קינד, מיין זון שיינער, —
דער מאַמען פאַר זיינע ביינער!"

זי האָט די ווערטער נישט אַרויסגערעדט, נאָר שטיל אין זיך אַריינגעכליפּעט, משהלען נישט אויפצוּוועקן, נישט צו דערשרעקן אים.

ער איז נאָך אַלץ געשלאָפן.

נישט געשלאָפן שוין, נאָר געלעגן פאַרטראָגן אין אַ שטאַרקן פיבער.

דאָס גאַנצע פּנים — איין פלאַם פייער, ביי די אויערן — בלויע פּאַסן, און דער דופק — קוים וואָס ער קלאַפּט.

איז געשטאַנען די מאַמע אין געהאַקטע ווונדן —
וואָס זאָל זי טון? געוואַלד, זי וואָלט פון זיך פּאַסן געשונדן!

און דער האַרבסט־פרימאָרגן האָט מיט פאַרטרערטע אויגן שטיל אַריינגעקוקט.

און די קו פון דער שטאַל אַרויס האָט שטיל געצויגן איר טרויעריקן „מו־ו־ו־ו..."

און דער הונט אין הויף פאַר דער טיר האָט שטיל, ווי גערופן און געוויינט: „האַוו... ווו ביסטו, טייער יינגעלע דו!"

נאָר דער ווינט אין דרויסן האָט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער זיך צעוואָיעט: „ווו־ו־ו!... ווו האָסטו זיך אַזוי פאַרקילט, טייערער יינגעלע דו!?"

האָט משהלע אויפגעעפנט צוויי רויטע אויגן, צוויי אָנגעצונדענע אויגן, און אויף זיינע פאַרברענטע ליפּן האָט זיך אויסגעשפּרייט דאָס וואָרט „מ־אַ־מ־ע..."

— קינד לעבן, וואָס איז דיר, ט'האָסטו די מאַמען!

— מ־אַ־מ־ע...

— און באַלד וועט קומען דער טאַטע!

— ט־אַ־ט־ע...

און פּלוצים האָט דער הונט גענומען קראַצן אין דער טיר, קראַצן און רייסן און קלאַפּן און וואָיען — אַ יאָמערלעך געוויין!

משהלע האָט גענומען עפּעס רירן מיט די ליפּן: „הו...הו...הו..." נאָר די מאַמע האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט.

די מאַמע האָט נאָר דורך אַ צווייטער טיר אַריינגערעדט צו אַ שכן, מ'זאָל אַזוי גוט זיין אַוועקטרייבן דעם הונט פון דער טיר.

זי ווייסט נישט ווי ס׳האָט זיך פּלוצים געיאָוועט צו איר אַ הונט.

זי קען נישט אַרויסגיין פון שטוב, זי איז איינע אַליין מיטן קינד.

דער שכן האָט שוין געוווסט, אַז משהלע איז קראַנק, און ווי אַזוי ז׳ער הונט איז דאָרט אויסגעוואַקסן איבער נאַכט, איז אים נישט אָנגעגאַנגען, אָבער ער איז געגאַנגען אים אַוועקיאָגן — ווער דאַרף אים!

ער גייט צו אים צו און גיט אַ וויַיז, ער זאָל זיך אָפּטראָגן — ער גייט נישט.

ער באַפעלט אים שטרענגער — ער גייט נישט.

ער הייבט צו אים אַ שטיין — דרייט ער זיך, דער הונט, און בעט זיך און הייבט זיך נישט אויף פון אָרט.

הערט שוין דער שכן אין כעס און גייט צו אים צו און גיט אים אַ פעסטן שטורקע מיטן פוס, אָבער אומזיסט — ער גייט נישט.

זוכט שוין דער שכן אַ שטעקן, אַ דראָנג, עפּעס וואָס אין האַנט אַריין.

און די שכנטע לויפט אַרויס מיט אַ געבייזער: „נאַ דיר גאָר אַזאַ אָנשיקעניש!“

און מע נעמט טרייבן און שלאָגן דעם הונט פון אַלע זייטן, און דער הונט דרייט זיך און קנוילט זיך, כאַטש הרגע אים — ער גייט נישט אַוועק.

— ער וועט שוין ביי מיר יאָ גיין! — צעכעסט זיך נאָך מער דער שכן.

— אַזאַ אָנשיקעניש! — גיט צו פייער די שכנטע.

אין דעם קומט אָן יאַנקעלע, זייער עלטערער יינגעלע, משהלעס בעסטער חבר, און דערזעט די מלחמה מיטן הונט.

— וואָס טוט זיך דאָ? — נעמט ער פרעגן.

— זאָל ער זיך אָפּטראָגן! — ענטפערט מען אים.

— לאָזט מיך! — שרייט ער אויס און ער גיט זיך אַ כאַפּ־אָן דעם הונטס עק.

— לאָז נאָך, יאַנקעלע!

— לאָז נאָך, ער וועט דיר אַ ביס טון! — שרייען צו אים טאַטע־מאַמע.

— כ׳האָב נישט קיין מורא! — שרייט צוריק יאַנקעלע און גיט דעם הונט אַ צי ביים עק.

אָבער דאָ איז געשען אַ מאָדנע זאַך:

דער הונט האָט אַזאַ ביטערן וואָיע געטון און אויף יאַנקעלען אַזאַ טרויעריקן קוק געטון, אַז ער האָט אַרויסגעלאָזט דעם עק פון דער האַנט און האָט אים נאָך גענומען גלעטן און טוליען צו זיך.

טאַטע־מאַמע זיינע האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען.

דער טאַטע איז אַוועק אַ בייזער צו זיין אַרבעט.

די מאַמע — צו איר אַרבעט.

און יאַנקעלע איז שוין אַזוי גיך נישט אָפּגעטראָטן פונעם הונט.

דערנאָך האָט ער דעם הונט דערלאַנגט אַ ביין צו גריזשען, אָבער דער הונט האָט נישט צוגעשמעקט דערצו, נאָר געהאַלטן אין איין קראַצן אין דער טיר און וואָיען; אַזאַ בעטן אַז מע זאָל אים אַריינלאָזן.

— אָבער וועד איז ער, דער הונט? — האָט זיך יאַנקעלע געוווּנדערט — פון וואַנען האָט ער זיך גענומען? צו וועמען וויל ער אַזוי אַריין? אפשר צו משהלען? אפשר? אָבער ווען, ווען האָט ער אים געפּאַקט? ער איז דאָך געגאַן שלאָפן גלייך מיט מיר?

ער וואָלט אַריינגעגאַן פרעגן משהלען, נאָר טאַטע־מאַמע האָבן אים פאַר־זאָגט אַהין נישט אַריינצוגיין. ווער ווייסט וואָס פאַראַ קראַנקייט, זאָגן זיי.

און דער הונט טוט זיך זיינס, לאָזט נישט צורו, נאָר מע זאָל אים אַריינ־לאָזן.

און משהלעס מאַמע ווייסט זיך נישט קיין עצה צו געבן — משהלע האָט נישט אויפגעהערט צו מאַכן מיט די ליפּן: „הו... הו... הו...״ זי רעכנט, אַז דאָס מיינט ער אפשר, אַז מע זאָל אַוועקטרייבן דעם הונט, ער זאָל נישט קלאַפּן אין דער טיר, זי רעכנט... זי ווייסט אַליין נישט וואָס — זי איז איין מענטש אין שטוב.

— און אפשר? — איז איר איינגעפאַלן — אפשר וויל ער גאָר, אַז מע זאָל דעם הונט אַריינלאָזן? ער האָט דאָך אַזוי ליב זיך צו שפּילן מיט הינט! אַי, ער איז קראַנק? אוי, דער מאַמען פאַרן קינד!

— הו... הו... הו... —האָט משהלע אַלץ געפּלאַפּלט אומפאַרשטענדלעך.

— זאָל איך דיר אפשר אַריינלאָזן דעם הונט, קינד לעבן?

— הו... הו... הו...

איז די מאַמע שטיל צוגעגאַנגען צו דער טיר, זי אויפגעמאַכט און אַריינ־גענומען דעם הונט ביי אַ פוס און אים צוגעהאַלטן אַ ווײַלע, ער זאָל נישט אָנמאַכן קיין אַליאַרם. נאָך דעם, ווי זי האָט אים נאָכגעלאָזט, איז דער הונט צו צו משהלעס בעט, זיך גענומען דרייען אַרום־און־אַרום און צום סוף זיך אַנידערגעשטעלט האַרט לעבן משהלען און נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון אים.

— הו... הו... הו... — האָט משהלע עטוואָס אויסגעדרייט דאָס קעפּל צום הונט.

— האַוו... האַוו... האַוו... — האָט דער הונט זיך אַזוי צעוויינט, אַז משהלעס מאַמע האָט גענומען קוקן דערויף אַזוי מאָדנע. זי האָט נאָך פון אַ הונט קיין מאָל נישט געהערט אַזוינס.

און מיטאַמאָל איז דער הונט אַנטשוויגן געוואָרן — משהלעס ליפּן האָבן זיך פאַרשלאָסן און די אויגן האָבן האַלב זיך פאַרמאַכט.

איז די מאַמע געבליבן שטיין ווי פריִער מיט פאַרבראָכענע הענט און גע־קוקט מיט אירע פאַרוויינטע אויגן דורך דער פאַרטרעטער שויב אין דרויסן אַרויס.

אירע בליקן האָבן זיך געריסן צו איר משהלעס טאַטן, ווייט, ווייט, ווייט, אַז ער זאָל קומען מיטן דאָקטער גיכער, גיכער.

.1935

# דער זומער פֿאַרבענקט זיך נאָך די קינדער

שׂיעלע איז אַריין אין שטוב מיט אַ גדולה!

— מאַמע, קום אַרויס, ווּעסטו עפּעס זען!

קוקט אויף אים די מאַמע פֿאַרוווּנדערט:

— וואָס אַזוינס, קינד לעבן, איז געשען?

— קום אַרויס, ווּעסטו זען!

איז די מאַמע אַרויס מיט אים, געקוקט אין אַלע זייטן און גאָרנישט געזען.

האָט זיך שׂיעלע צעלאַכט:

— זעסטו, ביסט אַ מאַמע און דו ווייסט נישט!

האָט די מאַמע זיך פֿאַרטראַכט:

— ווי הייסט טאַקע, זי ווייסט נישט?

האָט שׂיעלע אַ שפּרונג געטון און אַ זונג געטון:

אין אַ גוטער שעה,
אין אַ גוטער שעה,
דער זומער איז געקומען,
דער זומער איז שוין דאָ!

און ער האָט זיך געוואָלט אויסטאָן די שיכעלעך מיט די זעקעלעך און זיך שטעלן טאַנצן באָרוועס.

האָט די מאַמע אים אַריינגענומען אין שטוב, נישט געלאָזט אים זיך אויסטאָן באָרוועס, ער זאָל זיך נישט פֿאַרקילן.

— דערווייל איז נאָך נישט זומער, דערווייל גייט ערשט צו ווינטער.

האָט שׂיעלע געענטפֿערט, אַז ער ווייסט: דעם 21טן יוני הויבט זיך אָן דער ווינטער. ער האָט שוין דאָס געלערנט.

האָט די מאַמע זיך אָנגערופֿן:

— אַז דו האָסט שוין דאָס געלערנט, איז דאָך גוט!

מאַכט שׂיעלע, אַז יאָ, אָבער דער זומער איז דאָך פֿאָרט געקומען.

מאַכט די מאַמע, אַז ער איז נאָר געקומען אַ בליק טון, דער זומער.

קוקט שׂיעלע און פֿאַרשטייט נישט.

מאַכט די מאַמע, אַז ער האָט זיך פאַרבענקט נאָך די קינדער, דער זומער.
קוקט שיִעלע און פאַרשטייט ווידער נישט, גלייך ווי פריִער.
נעמט די מאַמע און דערציילט אים אַזוי:
סי געווען אין 20טן מאַרץ.
דער זומער האָט זיך געשפּילט מיט די קינדער פון אין דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט.
ער האָט זיך גאָרנישט געוואָלט אויפהערן צו שפּילן מיט זיי. איז אָנגעקו־מען דער האַרבסט און האָט דעם זומער אַ שפּריץ געטון אין די אויגן אַריין, אַז ער זאָל זיך תיכף פאַרנעמען אין וועג אַריין.
האָט דער זומער געמוזט אַ כאַפּ טון האַק און פּאַק, און ער איז אַוועק.
ער האָט אָבער זייער געבענקט נאָך די קינדער, ער האָט זיך זייער געוואָלט שפּילן מיט זיי! איז ער געגאַנגען און געקלערט: וואָס טוט מען?
איז ער געגאַנגען און געגאַנגען דער זומער, ביז ער איז צוגעקומען צו אַ באַרג.
האָט ער אַ מאַך געטון, אַז ווייטער גייט ער נישט, ער וועט זיך באַהאַלטן הינטערן באַרג.
האָט דער זומער אַזוי געטון און ער זיצט דאָרט און בענקט נאָך די קינ־דער.

און ווען ער פאַרבענקט זיך שטאַרק,
טוט ער אַ לויף־אַפּיר פון הינטערן באַרג.
ער מאַכט אַ שפּאַן אַ ברייטן, אַ שפּאַן אַ גרויסן,
און רופט אַרויס די קינדער אין דרויסן.

און שפּילט זיך מיט זיי אַזוי שיין און אַזוי ווויל, ביז דער האַרבסט דער־זעט אים און פאַריאָגט אים.
אָבער דער זומער אַנטלויפט נישט ווייט. ער באַהאַלט זיך ווידער הינטערן באַרג. און ווען ער פאַרבענקט זיך שטאַרק, לויפט ער ווידער אַפּיר, ווי פריִער.
שיִעלע האָט אַ מאַך געטון, אַז ער וויל לויפן צום באַרג.
האָט די מאַמע געלאַכט, אַז וואָס דאַרף ער לויפן אַהין, אַז דער זומער איז דאָ.
האָט שיִעלע זיך אַ ריס געטון אויף דער גאַס אַרויס און האָט אַ שפּרונג געטון מיט אַ זונג:

אין אַ גוטער שעה,
אין אַ גוטער שעה!
דער זומער איז געקומען,
דער זומער איז שוין דאָ!

.1937

# דער אַטלאַנטיק גייט צופוס

אַ שיינער פרימאָרגן געווען, אַן אַויסגעשלאָפענער, אַ רויִקער.

די פּאַסאַזשירן האָבן צופרידענע גענומען די פּעקלעך זייערע אַראָפּצוגיין פון דער שיף.

— אַ פרישקייט דאָ! — האָט מען אויסגערופן.

— אַ מילדקייט!

— אַ רויִקייט!

— דער אַטלאַנטיק ליגט זיך אַזוי אויסגעצויגן....

— גלאַט ווי אַ טיש.

מלכהלע האָט אויפגעהויבן די אייגעלעך און געפרעגט די מאַמען, ווער ס'איז דער אַטלאַנטיק, וואָס מע זאָגט אויף אים, אַז ער ליגט זיך אַזוי גלאַט ווי אַ טיש.

— אַ פעטער, אַ גוטער פעטער, געקומען פון אייראָפּע... — האָט אַ היימי־שער מענטש דאָרט גענומען זיך וויצלען.

אַ צווייטער האָט צוגעגעבן:

— ער איז זיך געקומען באָדן אין ים.

— ווער?

— דער אַטלאַנטיק.

דער טאַטע אירער האָט געזאָגט, אַז די־אָ מענטשן שפּילן זיך אַזוי מיט איר:

— דער אַטלאַנטיק איז נישט קיין פעטער. אַטלאַנטיק איז דער נאָמען פון דעם ים, פאַרשטייסט? דער־אָ ים הייסט אַטלאַנטיק.

מלכהלע האָט געקוקט און ס'איז איר נאָך נישט קלאָר געווען, וואָס דער טאַטע זאָגט.

— פאַרשטייסטו, קינד לעבן, דער טייך אין בוענאָס איירעס הייסט „לאַ פּלאַטאַ" און דער־אָ ים הייסט אַטלאַנטיק.

— אַהאַ! — האָט זי אויסגערופן, נאָר זי האָט זיך נאָך געפּלאָנטערט.

— טייך, ים, לאַ פּלאַטאַ, אַטלאַנטיק.

אַז בייטאָג אַפילו, ווען זי האָט זיך שוין געבאָדן אין ים, האָט זי נאָך אַלץ געפרעגט:

— ווער איז עס דער אַטלאַנטיק?

— אַ געזאַלצענער פּעטער, — האָט די מאַמע געשפּאַסט.

— אַהאַ! — האָט זיך מלכהלע געכאַפּט און שוין אויך גענומען שפּאַסן — ער איז זיך אויך געקומען באָדן?...

— אַוודאי...

— מיט וואָס איז ער געקומען צו פאָרן, מיט אַ „קאָלעקטיוואָ" צי מיט אַ שיף?

— דער אַטלאַנטיק גייט צופוס.

מלכהלען איז דאָס געפעלן געוואָרן.

— אָט דערגייט ער טאַקע צו מיינע פיס.

און זי האָט זיך אַ לאָז געטון שווימען, אַ שטיף טון מיט דעם געזאַלצענעם פּעטער.

— אַך, איז דאָס אַ שטיפער, וואַרפט ער זיך און שפּרינגט און טאַנצט.

אַך און אַך!

זי וועט שוין האָבן וואָס צו דערציילן פון איר ערשטער גרויסער רייזע.

.1934

# ?וווהין גייט די זון

## א מיידעלע און אַ יינגעלע

די זון האָט זיך געבאָדן אין טייך.

מיד געוועזן פון אַ גאַנצן טאָג אויפהאַלטן די אויגן, געוואָלט שוין רוען... האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אין וואַסער אַריין, זיך אָפּוואַשן, אויסבאָדן, — גיין רוען אַ ריינע...

אין טייך זיך געבאָדן און פונעם הימל נישט פאַרשווונדן.

זיינען אפשר געווען צוויי זונען: איינע אויפן הימל און איינע אין טייך?

ניין. נישטאָ קיין צוויי זונען. איין זון איז פאַראַן.

איז די זעלבע זון וואָס געווען אויפן הימל, איז געווען אין וואַסער.

דער הימל איז לויטער געווען. קיין חידוש נישט: אַ גאַנצן טאָג דורכגעליי־טערט געוואָרן פון דער זון.

אין אייניקע ערטער אַפילו אָפּגעברענט געוואָרן, רויט געווען.

---

אַ פולער טייך מיט מענטשן געווען.

מיד פון אַ גאַנצן טאָג האָרעוואַניע, האָבן זיי זיך אַריינגעוואָרפן אין וואַ־סער אַריין, זיך אויפפרישן, אָפּבאָדן, — מיטנעמען מיט זיך אַ ביסל קילקייט אין דער הייסער נאַכט אַריין.

איינציקווייז און גרופעסווייז זיינען זיי אַריין אין טייך אַריין. זיך געבאָדן — געפּליעסקעט זיך, אָפּגעשפּריצט זיך, געשפּילט אין באַל, געלאָפן, געשפּרונ־גען, געוואָרפן זיך, געשווומען — אַ חיהס!

איינציקווייז און גרופעסווייז זיינען זיי אַרויס פונעם טייך אויפגעפרישט, אויפגעלעבט, נייע מענטשן.

אייניקע האָבן זיך געאיילט אָנטאָן, אַהיים צו גיין. אַנדערע, ווידער, האָבן זיך אונטער אַ בוימל געזעצט, פייער געמאַכט, אַ מאַטע געגרייט.

---

אַ פּאָר פּאַלק מיט אַ קינד זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ סך מענטשן. די מענטשן האָבן געקוקט און זיך געוווּנדערט. זייער צאָל איז געוואַקסן.

דאָס קינד, אַ מיידעלע אין פערטן יאָר, האָט גאָרניִשט געוואָלט אַרויסגיין פון טייך.

די מאַמע און דער טאַטע האָבן דערצו גערעדט, געגעבן צו פאַרשטיין, אַז באָדן זיך איז טאַקע זייער גוט, זייער געזונט, אָבער צופיל טויג נישט. גענוג שוין, גענוג.

און דאָס קינד האָט זיך גאָרנישט געקענט אָפּרייסן פון טייך. עס האָט זיך געהאַלטן אין איין בעטן:

„נאָך אַ ביסעלע,

אַ קליין ביסעלע —

אַזוי גוט,

אַזוי גוט!

עס האָט געטאַנצט אַנטקעגן די כוואַליעלעך, געפּאַטשט זיי, געקוויטשעט, געשפּרונגען אויף זיי. געוואָרפן מיט די הענטלעך און מיט די פיסלעך. געשווּמען ווי אַ פישעלע... די מענטשן האָבן גאָרנישט געקענט זיך אָפּוווּנדערן.

---

אין אַ צווייטער זייט, ביים ברעג טייך, איז זיך געזעסן אַ יִינגעלע, איינער אַליין.

מיט די פינגערלעך זאַמד אָנגעגראָבן, צונויפגעשאַרט, אָנגעלייגט אַ גאַנצן באַרג. צוגעפּלעטשט און צוגעגלעט.

גענומען אונטן שטופּן אַ הענטל, מאַכן אַ לאָך פון אויבן מיטן אַנדערן הענטל צוגעהאַלטן, עס זאָל זיך נישט צעפאַלן.

אונטן דאָס הענטל געשטופּט טיפער, טיפער, עס זאָל ווערן אַזאַ אויוון.

געשטופּט און געשטופּט — ביז דאָס זאַמד איז זיך צעפאַלן.

האָט דאָס יִינגעלע נאָך אַ מאָל אָנגעהויבן זיין אַרבעט פון אָנהייב און זי דערפירט צום זעלבן סוף.

האָט ער אויפגעהערט צו שטופּן אונטן אַ הענטל, נאָר אויבן אַ קליין לעכעלע געמאַכט מיט אַ פינגער, אַריינגעשטעקט אַ בלעטעלע — פלאַנצן אַ בוימעלע.

---

און די זון האָט זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט אָפּגעבאָדן.

געטוקט זיך אין טייך. געשפּאַצירט אין די וואַסערן. געוואַשן זיך, גערייביקט, — גיין רוען אַ ריינע... —

האָט דאָס ייִנגעלע אַזוי נאָכקעגוקט דער זון און זיך פאַרטראַכט.
לעבן דער זון... אין טייך, איז אַ קליין פישעלע צוגעשווומען און געשווינד אוועקגעשווומען.
האָט דאָס ייִנגעלע ווי אויפגעכאַפּט זיך פון דער פאַרטראַכטקייט, נאָכגע־וואָרפן אַ בליק דעם פאַרשווּנדענעם פישעלע. די אייגעלעך זיינע האָבן ווי אַ בליץ געטון און — ווידער פאַרטראַכט:

אַך, אַזאַ קליין פישעלע און סע קען אַזוי גוט שווימען!
און די זון, וואָס איז עס מיט דער זון?
וואָס באָדט זי זיך אַזוי לאַנג?
זי איז דאָך אַזוי אויך זייער אַ ריינע!
הייסט עס גאָר, אַז ריינע באָדן זיך...
זע נאָר, ווי זי גייט אַזוי אין וואַסער!
זי גייט שוין אפשר אַרויס?
שוין שלאָפן!
ווּהין גייט זי?
ווּהין?... ווּהין...״

---

איז אַזוי דאָס ייִנגעלע געזעסן און געקוקט און געטראַכט.

1933.

# די קאַץ און די מויז

.1

די קאַץ איז באַלעבאָסטע
דאָ ביי זיך אין הויז ,
צעגענעצט זיך און ציט זיך —
האַלט זיך זייער גרויס.

זי מאַכט זיך וויכטיק — מיאַוקעט,
שמיאַוקעט, פּלאַפּלט שמאָנצעס
באַלד גאָר נעמט זי און
פאַרלאָזט זיך אַ פּאָר וואָנצעס.

באַלד גאָר פאַלט איר איין:
— אַ דינסט וואָלט נישט געשאַדט.
איז, נעמט זי, שטעלט אַריין
אַן אַנאָנס אַזאַ אין בלאַט:

— איך זוך אַ ווילע דינסט —
„דער פּאָסטן איז אַ גוטער!
יעדן אין דער פרי
אַ טעלער קעז און פּוטער".

2

די מויז האָט נישט באַצאָלט
אין צייט קיין דירה־געלט,
האָט יענער זי גענומען
און אַרויסגעשטעלט.

איז, האָט זי זיך פאַרקליבן
ערגעץ אין אַ לאָך

און ליגט שוין דאָרט אַזוי
די דריטע, פערטע וואָך.

און האָט שוין נישט פון לאַנג
קיין ביס אין מויל געהאַט,
איז ליגט זי און זי לייענט,
קוקט אַריין אין בלאַט.

דערזעט זי, מ'זוכט אַ דינסט —
„דער פּאָסטן איז אַ גוטער!
יעדן אין דער פרי
אַ טעלער קעז און פּוטער".

3

פּאַרפּוצט זיך שיין די מויז —
זי זאָל נאָר כאָטש געפעלן —
און זי גייט אַהין
און שטעלט זיך אויף דער שוועל.

דערהערט זי אָבער מיאַוקען,
שמיאַוקען, פּלאַפּלען שמאָנצעס....
איז האַלט! — זי קען זי שוין —
די באַלעבאָסטע מיט די וואָנצעס.

1937.

# רייזעלע איז מיטנעפאָרן

רייזעלעס טאַטע איז שוין געשטאַנען ווייט פון דער היים און רייזעלע האָט נאָך אַלץ נאָכגעשריגן: „פאָר געזונט, טאַטע, פאָר געזונט!"

רייזעלעס מאַמע איז געשטאַנען ביים אָפענעם פענצטער, דעם קאָפּ אַרויסגעבויגן. זי האָט נאָכגעקוקט, ווי דער מאַן גייט מיט די רענצלעך ביז צום ראָג, זיצט איין אויף אַ קאָלעקטיוואָ און פאָרט אַוועק.

אַ פּאַס לבנה־שיין האָט זיך אויסגעלייגט אויף רייזעלעס מאַמעס פּנים און עס איבערגעטיילט אויף צווייען. ס'האָט אויסגעזען ווי איין העלפט פּנים פרייט זיך און די אַנדערע העלפט איז טרויעריק.

אַ ביסל איז טאַקע אַזוי געווען. אַ ביסל האָט זיך רייזעלעס מאַמע געפרייט מיטן טאַטנס אַוועקפאָרן און אַ ביסל איז זי געווען טרויעריק.

געפרייט האָט זי זיך, וואָס ער פאָרט אויף אָפּרו, נאָך אַ גאַנץ יאָר שווערער אַרבעט, און אַ ביסל טרויעריק איז זי געווען, וואָס זי מיט איר רייזעלען מוזן בלייבן אויף צוויי וואָכן אַליין. זיי וועלן בענקען.

רייזעלע האָט אַפילו געהאַלטן אין איין זאָגן, אַז זי וועט נישט בענקען, נאָר ווען זי האָט אויפגעהערט נאָכצושרייען „פאָר געזונט", האָבן זיך איר אין די אויגן געשטעלט צוויי טרערן ווי אַרבעסן.

די מאַמע האָט זיך אויסגעדרייט צו איר און אַ זאָג געטון:

— שלאָף שוין, רייזעלע, שלאָף שוין!

רייזעלע האָט זיך פאַרשעמט וואָס זי וויינט. זי האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און געענטפערט דער מאַמען, אַז זי שלאָפט שוין. אַזוי־אָ איז זי טאַקע איינגעשלאָפן.

רייזעלע אַליין אָבער האָט נישט געוווּסט צי זי שלאָפט.

איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי שטייט מיטן טאַטן און וואַרט אויף אַ קאָלעקטיוואָ. דער טאַטע האַלט איין רענצל און זי האַלט איין רענצל. באַלד קומט אָן דער אָמניבוס, נעמט דער טאַטע אַרויס דאָס רענצל פון איר האַנט און טראָגט אַרויף אויפן קאָלעקטיוואָ ביידע רענצלעך. דערנאָך וויל ער אַראָפּגיין, אַרויפנעמען זי, כאַפּט דער קאָלעקטיוואָ און לויפט אַוועק מיט די רענצלעך און מיטן טאַטן און זי לאָזט ער איבער.

האָט זי זיך צעוויינט, שטאַרק זיך צעוויינט.

און ווי זי ווײנט אַזוי, לויפט אָן אַ צווייטער קאָלעקטיוואָ און שטעלט זיך אָפּ.

— מיידעלע, וואָס ווייִנסטו? — פרעגט זי דער שאָפער.

— אַ קאָלעקטיוואָ האָט צוגענומען מיין טאַטן און מיך איבערגעלאָזט, — ענטפערט רייזעלע מיט אַ ביטער געוויין.

— ווי אַזוי איז עס געשען? — פרעגט דער שאָפער.

דערציילט רייזעלע ווי אַזוי ס׳איז געשען.

— אַזוי? — מאַכט דער שאָפער. — נו, זיך־אויף, מיידעלע, איך פאָר דעם זעלבן וועג, וואָס יענער קאָלעקטיוואָ. איך וועל אים זען צו דעריאָגן.

גייט רייזעלע אַרויף און דער שאָפער נעמט לויפן, לויפן, יאָגן, נאָר אַלע מאָל שטעלט מען אים אָפּ. דאָ גייט אַ פאַסאַזשיר אַרויף, באַלד גייט איינער אַראָפּ, און דער שאָפער גיט אַ קוק אויפן זייגערל און זעט, אַז ער וועט שוין יענעם נישט דעריאָגן.

— זאָג נאָר, מיידעלע, — גיט ער רייזעלען אַ פרעג. — ווּהין האָט זיך דיין טאַטע געלאָזט פאָרן מיט דיר און מיט די צוויי רענצלעך?...

— קיין מאָנטעווידעאָ, — ענטפערט רייזעלע.

— אַזוי? — פרעגט דער שאָפער. — נו, ווייס איך שוין, וואָס איך האָב צו טאָן. איכל דיך צופירן ביז אַן אָרט, ווו ס׳גייט אַ טראַמוויי צום פּאָרט. וועל איך דיך אַרויפזעצן אויפן טראַמוויי און — ס׳וועט שוין זיין גוט.

פרייט זיך רייזעלע און זי שרעקט זיך: ווער ווייסט? ווער ווייסט?

און אָט בלייבט שטיין דער קאָלעקטיוואָ, דער שאָפער שטעלט־אָפּ אַ טראַמ־וויי און נעמט זי אָן ביי דער האַנט און פירט זי אַרויף און זאָגט עפּעס דעם קאָנדוקטאָר.

זיצט רייזעלע אויף דער ערשטער באַנק און דער קאָנדוקטאָר זאָגט איר אַלע מאָל: באַלד, באַלד וועט מען זיין ביים פּאָרט.

אמת טאַקע, זי זעט שוין אַליין דאָס וואַסער, מיט די שיפן. זי דערקענט יעדע זאַך. זי איז דאָך ערשט פאַראַיאָרן דאָ געווען. דעמאָלט איז זי געפאָרן צוזאַמען מיטן טאַטן, אָבער היינט, היינט...

זי האָט זיך צעוויינט.

אין דעם האָט דער קאָנדוקטאָר צו איר אַ מאַך געטון:

— קום, מיידעלע, שוין. דאָ־דאָ איז עס! אָט דאָס איז די שיף!

רייזעלע האָט געטון אַ לויף אַראָפּ פון טראַמוויי און דערזען איר טאַטן שטיין אויף דער דעק פון שיף.

זי האָט גענומען שרייען און לויפן, לויפן און שרייען. נאָר אין געלויף האָט זי דערזען, ווי מע רירט דאָס בריקל, וואָס פירט אַרויף אויף דער שיף.

— טאַטע! — האָט זי אַ געשריי געטון און גיך צוגעלאָפן.

נאָר ווען זי איז צוגעקומען, האָט מען איר פאַרשטעלט דעם וועג, ווייל דאָס בריקל האָט מען שוין געהאַט אָוועקגענומען. די שיף האָט שוין גערירט פון אָרט.

— טאַטע! טאַטע! — האָט רייזעלע העכער געשריגן און מיט די הענטלעך זיך צו אים אַרויפגעריסן — טאַטע! טאַטע!

האָט דער טאַטע זי דערזען און זיך גענומען רייסן צו איר מיט די הענט, זי אַרויפצונעמען, אָבער די שיף האָט זיך אַלץ מער דערווייטערט.

רייזעלע האָט זיך שטאַרק צעכליפּעט און — לאַנג, לאַנג אַזוי געשטאַנען. דערנאָך האָט זי זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז זי שטייט איינע אַליין.

די שיף זעט מען שוין נישט אָן.
און קיינער איז נישטאָ.
איינע אַליין אין טיפער נאַכט.
נאָר עפּעס אַ פויגל פליט דאָרט אויבן
און שמייכלט צו איר און לאַכט:
— מיידעלע, קליין,
מיידעלע, שיין,
וואָס טוט דאָ איצט
אַ מיידעלע איינע אַליין?

דערציילט רייזעלע ווי אַזוי ס'איז געשען.
דערהערט דאָס דער פויגל, גיט ער אַ מאַך,
אַז אַזאַ מיידעלע קען דערגרייכן יעדע זאַך.
אַז זי האָט געקענט קומען אַזוי־אָ ביז אַהער,
איז שוין פאַר איר גאָרנישט שווער.

קוקט אַזוי רייזעלע צום פויגל, רייסט אַרויף צו אים די אויגן און זאָגט, אַז טאַקע אמת, ס'איז פאַר איר קיין זאַך נישט שווער. זי וואָלט אַפילו גע־פלויגן, ס'פעלן איר נאָר פליגל...

ענטפערט איר דער פויגל, אַז אירע הענטלעך זיינען ווי פליגל. זאָל זי נאָר אַ פאָכע טון מיט זיי, וועט זי זיך דערפילן גרינג אַזוי ווי ער און פליען ווי ער. האָט זיך דער פויגל אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט צו איר, און זי האָט זיך אַ ביסל אַ הייב געטון צו אים.

אין אַזאַ קרייז,
אין אַ געדריי —

זיי פליען שוין ביידע,
ווי פייגעלעך צוויי.

דער פויגל פאַרויס און זי נאָך אים — גלייך, גלייך נאָך דער שיף נאָך.
די שיף ווייט פאַרויס און זיי נאָך איר.
די שיף גיך און זיי — נאָך גיכער.
דער פויגל פלאַטערט מיט די פליגל און רייזעלע מיט די הענטלעך פלאַטערט, פלאַטערט...
און אין דער מיט — „טאַטע! טאַטע!"
זי האָט דעריאָגט די שיף און דערזען דעם טאַטן.
ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף דער דעק, און זיך געריסן צו איר מיט די הענט.
זי האָט זיך צו אים דערנענטערט, דערנענטערט, און ער האָט זי אַ כאַפּ געטון, ווי אַ פייגעלע און — זי איז שוין מיט אים מיטגעפאָרן.
אַן אויסגעשטערנטער הימל האָט זיי באַגלייט דעם גאַנצן וועג, די גאַנצע נאַכט...
די־אָ נאַכט האָט זיך פאַר רייזעלען לאַנג געצויגן, זייער לאַנג.
ווען דער טאָג איז שוין געווען אין שטוב, זון־שטראַלן האָבן שוין אַרומגעשפאַצירט, איז רייזעלע נאָך אַלץ געלעגן און געשלאָפן. שפּעטער, אַז זי האָט זיך געטון אַ כאַפּ־אויף, האָט זי גענומען זוכן אין אַלע זייטן.
דערנאָך האָט זי זיך צוריק אַנידערגעלייגט און געבליבן ליגן מיט אויסגעוואַשענע אייגעלעך און מיט אַ שמייכל איבערן פּנימל.
רייזעלעס מאַמע האָט זיך צוגעקוקט צו דעם אַלעמען און זיך אויך צעשמייכלט:
— וואָס עפּעס, רייזעלע, האָסטו דיך צעלאַכט?
און רייזעלע האָט אָנגעהויבן דערציילן און דערציילן...
בייטאָג, אַז רייזעלעס מאַמע האָט געשריבן אַ בריוו צום טאַטן, האָט זי אים געשריבן, אַז ער זאָל וויסן, אַז... רייזעלע איז מיט אים מיטגעפאָרן.
רייזעלע האָט געהערט, ווי די מאַמע האָט דאָס איבערגעלייענט, האָט זי צוגעשאָקלט מיטן קעפּל, אַז יאָ, טאַקע יאָ.

1937.

# ער איז אַוועק – וווהין איז ער אַוועק?

ער האָט דערפֿילט אַ צי,
ווען ס'איז נאָך געווען נאַכט.
איז אַראָפּ פֿון בעט גאַנץ פֿרי
ווי נאָר די אויגן אויפֿגעמאַכט.

ער האָט געזען, אַז דער־אָ צי
איז נישט קיין שפּיל:
מע הייסט אים פֿאַרנעמען זיך און גיין.
וואָס זשע וועט ער שטיין?

ער האָט זיך נאָך אַפֿילו געפּרוּווט.

ער האָט געטענהט אַז ער קען נישט אַוועק אַזוי־אָ כאַפּ־לאַפּ. ער מוז זיך איינפּאַקן די זאַכן און — דער עיקר — ער קען נישט אַוועק ווי אַ גנבֿ; ער מוז זיך געזעגענען.

ער איז דאָ אָפּגעווען אַ צייט פֿון נײַנציק טעג און געשלאָסן אַזוי פֿיל באַ־קאַנטשאַפֿטן, וועט ער זיך פּלוצים אויפֿהייבן און אַנטלויפֿן אָן אַ זײַ־געזונט?

וואָס וועלן זאָגן די פֿייגעלעך, וואָס האָבן פֿאַר אים אַזוי שיין געזונגען און אים פֿריילעך געמאַכט?

וואָס וועלן זאָגן די קינדער, וואָס האָבן זיך מיט אים אַזוי שיין געשפּילט?

און וואָס וועלן טענהן די אַלע בלימעלעך וואָס זײַנען אַרויס פֿון דער ערד, פֿון די ביימער צו באַהאַלטן אים מיט זייער פֿרישקייט, צו קילן אים מיט זייער שאָטן?

וואָס וועלן זאָגן אַלע, אַלע, מיט וועלכע ער האָט אַזאַ־אָ צייט געלעבט און פֿאַרבראַכט?

ניין, ער קען נישט אַוועק אַזוי־אָ כאַפּ־לאַפּ. ער מוז זיך מיט זיי געזעגענען!

אָבער נאָך איידער ער האָט באַלייגט זײַנע טענות, האָט מען זיך צו אים אַ גענום געטון: דאָ אַ שטופּ, דאָ אַ וואָרף, אָט אין דער פּלייצע, אָט אין פּנים. מע

שרייט צו אים און מע שטופּט אים אַוועק אז ער זאָל זיך אָפּטראָגן, ווייל אַ צווייטער דאַרף פאַרנעמען דאָס אָרט.

---

האָט ער געזען אַז סע וועלן נישט העלפן קיין טענות, וואָס זשע וועט ער נאָך זיין אַ נאַר און זיך בייזערן?

האָט ער זיך צעשטראַלט מיט אַ פריילעך פּנים און גענומען שיקן לופט־קושן צו אַלץ און אַלעמען; געזעגנט זיך אין געאייל און זיך פאַרנומען אין וועג אַריין.

האָבן בלעטער זיך צעציטערט, זיך געשראָקן און פון שרעק אַזש געל גע־וואָרן און צו דער ערד געפאַלן.

פייגעלעך האָבן זיך צעזונגען מיט אַ בענקשאַפט און גענומען אים נאָכ־פליען, באַגלייטן.

קינדער זיינען אַרויס פון די בעטן.
טייל האָבן זיך אַ ביסל געפּוילט און זיך גענומען דרייען אַהין־און־אַהער.
און די אַנדערע, די שטיפערס, זיינען אַרויס אויף דער גאַס, ווי צום גרייטן...
און זיי האָבן זיך אַ לאָז געטון נאָך אים, אים צו באַגלייטן.

---

לויפן לויפט ער גיך און געשווינד,
ווייל סע יאָגט אים אַ שטאַרקער ווינט.
נאָר לויפן לויפט ער מיט אַ פריילעכן בליק,
ווייל באַלד, באַלד קומט ער צוריק.
צעזינגען זיך די פייגעלעך מיט אַ פריילעך געזאַנג.
נאָר זיי, די קינדער, זיי צום מערסטן טוט ער באַנג!

די פייגעלעך קענען מיט אים מיטפליען, און זיי, די קינדער, מוזן דאָ בלייבן אָן אים.

און צוזען, ווי געלע בלעטער בלאָנקען אַרום...

האָט ער אַ שמייכל געטון און צוגעזאָגט, אַז ווען ער וועט צוריקקומען אין אונדזער מדינה,

וועלן שוין ווידער זיין בלעטער גרינע.

און צו די־אָ קינדער וועט ער נישט איין מאָל קומען פאַר דער צייט. ווייל זיי האָבן זיך נישט געפּוילט און זיינען אַרויס אויף דער גאַס און געלאָפן אים באַגלייטן.

און אַצינד זאָלן זיי אַהיים גיין עסן און טרינקען, און אין שול אַריין זיך גרייטן.

---

זיינען זיי אַהיים מיט אַ געזאַנג איבערן גאַנצן גאַנג:
— ער איז אַוועק —
ווו איז ער אַוועק?...

1935.

# פרילינג און פרילינג

בערעלעס טאַטע האָט זיך אָנגעטאָן אין דער שטיל, בערעלען נישט אויפ־צוּוועקן.

בערעלעס מאַמע האָט זיך איבערגעוועקט און אַ מאַך־געטון:

— שמעון, אָט גיי איך שוין אַראָפּ, כ׳על דיר מאַכן אַ וואַרעמען טרונק.

— ליג נאָך אַ ביסל — האָט ער איר אַ זאָג־געטון — ס׳איז נאָך צו פרי, איך קען מיר אַליין מאַכן אַ ביסל וואַרעמס.

ער האָט זיך אָפּגעפּאָרעט אין דער גיך און איז מיטן טאָג גלייך אַרויס אויף דער גאַס.

דער הימל איז געווען פאַרכמאַרעט. די שטיינער אויפן טראָטואַר — פייכט, און אַ ווינטל האָט אַרומגעבלאָנדזשעט, נישט געוווּסט זיך ווּ אַהינצוטון.

דאָס ווינטל האָט אַרומגעבלאָנדזשעט.

בערעלעס טאַטע איז אַרומגעגאַנגען.

גאַס־אויס, גאַס־איין, אַזוי.

שעה נאָך שעה אַזוי.

למאי דאָס ווינטל האָט אַרומגעבלאָנדזשעט, האָט קיינער נישט געוווּסט.

ווּ בערעלעס טאַטע איז געגאַנגען, האָט מען יאָ געוווּסט. בערעלעס טאַטע איז געגאַנגען זוכן אַרבעט. ווייב און קינד אין דער היים האָבן געוואַרט אויף ברויט.

שוין נישט דעם ערשטן טאָג אַזוי.

בערעלעס טאַטע איז אַזוי אַזוי אָפּגעגאַנגען ביזן האַלבן טאָג און קיין אַרבעט נישט געפונען.

דערפילט אַ מידקייט אין די פיס, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אַ ביסל אָפּ־רוען אויף אַ באַנק, לעבן אַ בוים ערגעץ.

ער האָט פאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט און צו זיי אַ מאַך־געטון:

— פעסטע הענט מיינע, וואָס נוצט איר, אַז איר פאַרדינט מיר נישט אויף קיין ברויט!

האָבן זיינע הענט אים אָפּגעענטפערט:

— אַזוי?... פעסטער מאַן אונדזערער, וואָס קומט אַרויס אַז דו דרייסט דיך אַרום ליידיק! אַז דו געפינסט נישט פאַר אונדז קיין אַרבעט?

בערעלעס טאַטע האָט מער נישט געענטפערט. ער איז געזעסן אַזוי און געהערט, ווי סע פייפט דער ווינט.

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און אַ קוק געטון אויפן בוים מיט די נאַקעטע צווייגן.

דערנאָך האָט ער געהערט, ווי דער בוים זאָגט צו זיינע צווייגן:

— נאַקעטע הענט מיינע, וואָס נוצט איר, אַז איר האָט אויף זיך נישט קיין בלעטל!

האָבן די צווייגן אים אָפּגעענטפערט:

— אַזוי?... אָרעמער בוים אונדזערער, וואָס נוצסטו, אַז דו גיסט אונדז נישט קיין בליטן! אַז דו מאַכסט אונדז נישט וואַקסן!

דערויף האָט די זון זיך גענומען שטופּן פון הינטער די כמאַרעס און איז אַפּירגעקומען.

זי האָט אַ קוק געטון אויפן בוים מיט די נאַקעטע צווייגן און זיך צעשמייכלט מיט שטראַלן:

— נאַרישער בוים און איר נאַרישע צווייגן! אומזיסט האָט איר טענות איינער צום צווייטן! אָט גייט שוין אַוועק דער האַרבסט, סע קומט דער ווינטער און נאָכן ווינטער קומט דער פרילינג. דעמאָלט וועט איר בלִיען און וואַקסן — ווי אום פרילינג!

דער בוים מיט די צווייגן האָבן ערנסט זיך צוגעהערט און מער שוין נישט געהאַט קיין טענות צו איינאַנדער.

די זון האָט ווייטער געקוקט מיט שטראַלן אויף דעם בוים און אַף דער באַנק, וווּ בערעלעס טאַטע איז געזעסן.

בערעלעס טאַטע האָט זיך אַ שטעל־אויף געטון און געזאָגט צו דער זון:

— נו, און מיר האָסטו גאָרנישט וואָס צו זאָגן!

— ד י ר ? — האָט די זון איבערגעפרעגט מיט חידוש — נ יי ן ! דיר האָב איך נישט וואָס צו זאָגן. ד יי ן פרילינג וועט אַליין נישט קומען. דו, מענטש, ביסט דאָס קלוגסטע באַשעפעניש אויף דער וועלט. אַ ל יי ן מוזסטו דיר ברענגען דיין פרילינג!

בערעלעס טאַטע האָט אַ שטראַלנדיקער זיך אַ לאָז געטון אַהיים. ער וועט דאָס אַלץ דערציילן זיין בערעלען — זאָל זיין קליינער זון וויסן, אַז דער טאַטע זיינער וועט ברענגען דעם פרילינג. אָט גייט ער נאָך אים.

בערעלע האָט דערזען זיין טאַטן האָט ער אויפגעלעבט, ווי אַ צעקנייטשטע בלום לעבט אויף אַקעגן דער זון.

ס'האָט אַ שמעק געטון מיט פרילינג.

1938.

# זשאַראָן

— האַו! האַו! האַו! — האָט זיך צעטראָגן אַ ביטער געוויין פון אַ הונט.
— האַו! האַו! האַו! ווו ביסטו, קאָקאָ? ווי אַזוי האָסטו צו דעם דערלאָזט!?...

קאָקאָ האָט זיך געפונען ווייט פונעם הונט. אָבער קאָקאָ האָט שוין גוט פאַרשטאַנען וואָס מיט זיין טייערן חבר איז געשען.

די מאַמע האָט זיך ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל מאַכן די אויפגאַבעס. דער לערער וועט זיך בייזערן. דער טאַטע קומט באַלד פון דער אַרבעט און וועט זען, אַז קאָקאָ האָט נישט געמאַכט די אויפגאַבעס, וועט ער שרייען.

און קאָקאָ האָט אַפילו נישט געטראַכט צו גיין אין שול אַריין. ער איז געזעסן מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויפן טיש און געוויינט.

די העפט איז געלעגן פאַרמאַכט.

ד'אָס פלעשעלע טינט איז געשטאַנען פאַרשטאָפּט.

די פעדער — פאַרטריקנט.

— האַו! האַו! ווו ביסטו, קאָקאָ? — האָט זיך געריסן דער הונט, אַן אָנגעבונדענער צו אַ בוים. — האַו־ האַו! קאָקאָ, זע וואָס מע האָט מיט מיר געטון!

קאָקאָ האָט זיך געפונען ווייט פון אים. נאָר אַן אַנדער יינגל איז גראָד פאַרבייגעלאָפן. איז ער צו צום בוים און אים אָפּגעבונדן.

דאָס יינגל האָט זיך עפּעס זייער געאיילט. איז ער זיך ווייטער געלאָפן זיין וועג.

אין תחילת איז דער הונט געבליבן שטיין פאַרגולמט, נישט געוווסט וואָס צו טון. דערנאָך האָט ער זיך גענומען דרייען אַרום בוים — אַרום און אַרום, גיך־גיך ווי ער וואָלט ווילד געוואָרן. דערנאָך האָט ער זיך אַ לאָז געטון לויפן, יאָגן זיך אַ שטיק וועג פאָרויס און — צוריק, שפּעטער אַן אַ זייט געלאָפן, דערנאָך אין אַן אַנדער זייט, אַזוי אין פאַרשיידענע זייטן. אומעטום האָט ער געשמעקט מיט דער מאָרדע, געניוכעט מיט דער נאָז, געזוכט און לסוף זיך אוועקשטעלט וויינען ווי אַ קינד. אַ ביסל שפּעטער איז ער ווידער געלאָפן אַן אַ וווהין, פלוצים זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ הייזקע און געקלאָגט, געקלאָגט אויף זיין דאָליע פון אַ פאַרלוירענעם.

---

אַ ווייסער הונט איז דאָס געווען. כמעט אין גאַנצן ווייס.. בלויז דער קאָפּ איז אים געווען באַשפּרינקלט מיט דראָבנע שוואַרצע פלעקלעך, פּינטעלעך.

ער איז געשטאַנען אַ טרויעריקער נעבן דער כאַטקע. אויסגעדרייט דעם מידן קאָפּ און הינטיש געזיפצט.

די כאַטקע איז איבערן ווינטער געווען פאַרלאָזן, אַ ביסל צענומען געוואָרן. דריי יונגען האָבן זיך ביי איר געפּאָרעט, זי פאַרריכט. זיי זיינען געווען פאַרנומען און נישט געהערט אַז אַ הונט זיפצט.

חוץ זיי איז דאָרט קיינער נישט געווען.

אַ שיטער וועלדעלע האָט זיך געצויגן פון דער „ראַנטשאָ" ביז צו אַ גרויסן טייך.

דיביימער אין וועלדעלע זיינען שוין געווען אָנגעטאָן אין גרינעם. ס'האָט אויסגעזען זיי ווילן זיך ווייזן פאַר לייטן מיט אַ נייעם מלבוש.

דער טייך איז געלעגן אויסגעצויגן. גלייך ווי אַ טיש. געלעגן גרייט מע זאָל אין אים אַריינשפּרינגען אַ שטיף טון, אַ שווים טון.

אָבער קיינער האָט זיך נישט געוויזן אין וועלדעלע, קיינער איז נישט געקומען צום טייך. האָט קיינער נישט געהערט ווי דער הונט זיפצט.

אַ שיינע, לויטערע זון האָט אַראָפּגעקוקט צווישן די ביימער, צום טייך.

מיט אַ מאָל האָט אַ פאַבריקס־קוימען געפייפט עלף. דעמאָלט האָבן די דריי יונגען אין דער „ראַנטשאָ" געלייגט זייער אַרבעט. זיך גענומען עסן.

איינער האָט געמאַכט פייער.

אַ צווייטער האָט אויפגעבונדן אַ פּעקל עסן. אויסגעלייגט אויף אַ באַנק — ברויט, וורשט, באַנאַנעס און אַ מעסער מיט זאַלץ. דער דריטער האָט זיך גענומען אָפּזייפן די הענט און צוגעפייפט זיך אַ פריילעכס.

דער הונט האָט אויסגעבויגן דעם קאָפּ. זיך איינגעהאָרכט אין דעם פייפן און נאָך שטאַרקער געקרעכצט — ס'איז נישט קאָקאָס פייפן!

יענער האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעוואַשן די הענט, שוין געביסן אַ שטיק ברויט מיט וורשט און דער הונט האָט אַלץ שטאַרקער געקרעכצט — אַ ביטער געוויין!

יענער האָט אים אַ רוף געטון מיט אַ פייף.

האָט ער זיך נישט גערירט, דער הונט. מען מיינט אים? ווער וועט אים רופן, אַז זיין קאָקאָ איז נישטאָ!

— „זשאַראָן"! — האָט יענער אַ רוף געטון. — וויינער. קום אַהער!

די אַנדערע צוויי יונגען איז געפעלן געוואָרן דער נאָמען „זשאַראָן", האָט יעדער פון זיי אים איבערגעזאָגט:

— „זשאַראָן"!

# זשאַראָן

— האַו! האַו! האַו! — האָט זיך צעטראָגן אַ ביטער געוויין פון אַ הונט.
— האַו! האַו! האַו! ווו ביסטו, קאָקאָ? ווי אַזוי האָסטו צו דעם דערלאָזט!?...

קאָקאָ האָט זיך געפונען ווייט פונעם הונט. אָבער קאָקאָ האָט שוין גוט פאַרשטאַנען וואָס מיט זיין טייערן חבר איז געשען.

די מאַמע האָט זיך ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל מאַכן די אויפגאַבעס. דער לערער וועט זיך בייזערן. דער טאַטע קומט באַלד פון דער אַרבעט און וועט זען, אַז קאָקאָ האָט נישט געמאַכט די אויפגאַבעס, וועט ער שרייען.

און קאָקאָ האָט אַפילו נישט געטראַכט צו גיין אין שול אַריין. ער איז געזעסן מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויפן טיש און געוויינט.

די העפט איז געלעגן פאַרמאַכט.

דאָס פלעשעלע טינט איז געשטאַנען פאַרשטאָפּט.

די פעדער — פאַרטריקנט.

— האַו! האַו! ווו ביסטו, קאָקאָ? — האָט זיך געריסן דער הונט, אָן אָנגעבונדענער צו אַ בוים. — האַו־ האַו! קאָקאָ. זע וואָס מע האָט מיט מיר געטון!

קאָקאָ האָט זיך געפונען ווייט פון אים. נאָר אַן אַנדער יינגל איז גראָד פאַרבייגעלאָפן. איז ער צו צום בוים און אים אָפּגעבונדן.

דאָס יינגל האָט זיך עפּעס זייער געאיילט. איז ער זיך ווייטער געלאָפן זיין וועג.

אין תחילת איז דער הונט געבליבן שטיין פאַרגולמט, נישט געוווּסט וואָס צו טון. דערנאָך האָט ער זיך גענומען דרייען אַרום בוים — אַרום און אַרום, גיך־גיך ווי ער וואָלט ווילד געוואָרן. דערנאָך האָט ער זיך אַ לאָז געטון לויפן, יאָגן זיך אַ שטיק וועג פאָרויס און — צוריק, שפּעטער אָן אַ זייט געלאָפן, דערנאָך אין אַן אַנדער זייט, אַזוי אין פאַרשיידענע זייטן. אומעטום האָט ער געשמעקט מיט דער מאָרדע, געניוכעט מיט דער נאָז, געזוכט און לסוף זיך אוועקשטעלט וויינען ווי אַ קינד. אַ ביסל שפּעטער איז ער ווידער געלאָפן אָן אַ וווהין, פּלוצים זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ הייזקע און געקלאָגט, געקלאָגט אויף זיין דאָליע פון אַ פאַרלוירענעם.

---

אַ ווייסער הונט איז דאָס געווען. כמעט אין גאַנצן ווייס.. בלויז דער קאָפּ איז אים געווען באַשפּרינקלט מיט דראָבנע שוואַרצע פּלעקלעך, פּינטעלעך.

ער איז געשטאַנען אַ טרויעריקער נעבן דער כאַטקע. אויסגעדרייט דעם מידן קאָפּ און הינטיש געזיפצט.

די כאַטקע איז איבערן ווינטער געווען פאַרלאָזן, אַ ביסל צענומען געוואָרן. דריי יונגען האָבן זיך ביי איר געפּאָרעט, זי פאַרריכט. זיי זיינען געווען פאַרנומען און נישט געהערט אַז אַ הונט זיפצט.

חוץ זיי איז דאָרט קיינער נישט געווען.

אַ שיטער וועלדעלע האָט זיך געצויגן פון דער „ראַנטשאָ" ביז צו אַ גרויסן טייך.

די ביימער אין וועלדעלע זיינען שוין געווען אָנגעטאָן אין גרינעם. ס'האָט אויסגעזען זיי ווילן זיך ווייזן פאַר לייטן מיט אַ נייעם מלבוש.

דער טייך איז געלעגן אויסגעצויגן. גלייך ווי אַ טיש. געלעגן גרייט מע זאָל אין אים אַריינשפּרינגען אַ שטיף טון, אַ שווים טון.

אָבער קיינער האָט זיך נישט געוויזן אין וועלדעלע, קיינער איז נישט געקומען צום טייך. האָט קיינער נישט געהערט ווי דער הונט זיפצט.

אַ שיינע, לויטערע זון האָט אַראָפּגעקוקט צווישן די ביימער, צום טייך.

מיט אַ מאָל האָט אַ פאַבריקס־קוימען געפייפט עלף. דעמאָלט האָבן די דריי יונגען אין דער „ראַנטשאָ" געלייגט זייער אַרבעט. זיך גענומען עסן.

איינער האָט געמאַכט פייער.

אַ צווייטער האָט אויפגעבונדן אַ פּעקל עסן. אויסגעלייגט אויף אַ באַנק — ברויט, וווּרשט, באַנאַנעס און אַ מעסער מיט זאַלץ. דער דריטער האָט זיך גענומען אָפּזייפן די הענט און צוגעפייפט זיך אַ פריילעכס.

דער הונט האָט אויסגעבויגן דעם קאָפּ. זיך איינגעהאָרכט אין דעם פייפן און נאָך שטאַרקער געקרעכצט — ס'איז נישט קאָקאָס פייפן!

יענער האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעוואַשן די הענט, שוין געביסן אַ שטיק ברויט מיט וווּרשט און דער הונט האָט אַלץ שטאַרקער געקרעכצט — אַ ביטער געוויין!

יענער האָט אים אַ רוף געטון מיט אַ פייף.

האָט ער זיך נישט גערירט, דער הונט. מען מיינט אים? ווער וועט אים רופן, אַז זיין קאָקאָ איז נישטאָ!

— „זשאַראָן"! — האָט יענער אַ רוף געטון. — ווייַנער. קום אַהער!

די אַנדערע צוויי יונגען איז געפעלן געוואָרן דער נאָמען „זשאַראָן", האָט יעדער פון זיי אים איבערגעזאָגט:

— „זשאַראָן"!

# די וועלט איז קיין וועלט נישט

פון אַלע זייטן איז מען געקומען מיט טענות צו דער וועלט:

— ס׳טייטש אַזוי!

— און ס׳טייטש אַזוי!

אַט ווינט חיימל נעבן אַ בעקער און די מאַמע קאַרגט אים אַ שטיקל ברויט.

פייוועלעס טאַטע איז אַ שוסטער און פייוועלע גייט אַרום באָרוועס.

פאַרביי עטעלעס שטוב גייט עטלעכע מאָל אין טאָג אַדורך אַ דאָקטער און ער קלערט אַפילו נישט קיין מאָל צו געבן אַ קוק וואָס זי טוט. זי איז דאָך אַזוי קראַנק!

סימעלעס מאַמע גייט אַוועק אין אַזוי פיל שטיבער וואַשן גרעט, נאָר ביי זיך אין שטוב מוז די קליינע, דאַרע סימעלע זיך נעמען צום געוועש.

און דאָרט, אויף יענער גאַס ווינט נישט קיין בעקער, נישט קיין שוסטער, נישט קיין שניידער, נישט קיין שום אָרעמאַן וואָס טוט אַ מלאכה; די מענטשן פון יענער גאַס דרייען זיך אַרום ליידיק, שטייען מיט פאַרלייגטע הענט, קוקן אַראָפּ פון די באַלקאָנען און... נאַשן.

איז מען געקומען מיט טענות צו דער וועלט: ס׳טייטש אַזוי? און ס׳טייטש אַזוי? נישט גערעכט פירט עס זיך ביי דיר. נישט שיין אַזוי.

איז די וועלט געוואָרן אויסער זיך און אויסגערופן:

— גייט שוין, גייט! אַזוי איז עס נישט מעגלעך. ס׳קאָן אַזוי נישט זיין. האָבן אַנדערע קולות זיך געהערט:

— ס׳טייטש? ס׳איז דאָך פאָרט אַזוי! אַנו, זיי דיך מטריח, גיב אַ קוק וואָס עס טוט זיך ביי דיר, וועסטו שוין זען.

האָט די וועלט זיך אַרומגעקוקט, זיך פאַרטראַכט און געענטפערט:

— אַז אַזוי־אָ גיין, טויג נישט. מ׳קען איר פאַרפאַטשן דאָס פנים: „וואָסי, די וועלט וועט זיך מיר אַריינמישן אין מיינע געשעפטן? די וועלט וועט קומען מיר זאָגן דעות?״.

— וואָס־זשע דען, טייערע וועלט, רעכנסטו דאָך צו טאָן?

— כ׳ווייס... מ׳דאַרף עפּעס אַ טראַכט טאָן.

איז געבליבן ביי דעם אַז די וועלט זאָל אַ טראַכט טאָן.

האָט זי געטראַכט און געטראַכט.

אַ טאָג מיט אַ נאַכט.
און אויסגעטראַכט.

***

די וועלט האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ בעטלער: זיך צעשויבערט די האָר פון קאָפּ, אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ שמאַטע אויף אַ טראַנטע און מיט אַ שטריק זיך אַרומגעבונדן די לענדן; די פיס האָט זי אויך מיט שמאַטעס אַרומגעוויקלט. באַקעטע שטיקער לייב האָבן פון איר אַרויסגעקוקט און די וועלט האָט טאַקע אויסגעזען ווי אַ בעטלער.

מיט אַ טאָרבע אויף די אַקסלען,
מיט אַ שטעקן אין דער האַנט,
און אַזוי־אָ האָט זיך די וועלט
געלאָזט איבער דער וועלט.

גייט זיך די וועלט ווי אַ מדינה־גייערן. זי גייט און הערט און זעט און קלערט און טראַכט פון די אַלע טענות וואָס מען האָט צו איר און זי ווייסט שוין אַז אַזוי איז עס טאַקע: די טענות זיינען גערעכטיקע. בלייבט ביי איר צו ווערן אויס בעטלער — צוריק וועלט. און זי פאַרנעמט זיך אויף איר צוריק־וועג. אין מיטן גאַנג באַגעגנט זי דעם ווינט:

— ווינט, ווינט,
וואָס טוסטו אַצינד?

— אָט אַזוי. איך יאָג אַרום
דאָ און דאָרט און אומעטום...

— נו, און איך —
פרעגסטו גאָרנישט וואָס איך טו?
— וואָס איז דען
פאַראַן צו פרעגן אַ בעטלער ווי דו?

— זיי נישט קיין נאַר.
דאָס האָב איך זיך נאָר אַזוי פאַרשטעלט,
אין אמתן בין איך גאָר נישט קיין בעטלער —
איך בין די וועלט.

— וו־וו... וו־וואָ... וו־אָ־וואָאָס?...
האָט דער ווינט זיך פאַרווונדערט
און זיך אין ווייט־ווייטן אַוועקגעלאָזט.

און פון דער ווייטנס האָט ער נאָכגעשריגן, דער ווינט, אַז אויב דאָס איז די וועלט, איז די וועלט גאָר קיין וועלט.

דעמאָלט האָט די וועלט געוואָלט פון זיך אַראָפּרייסן די בעטלער־קליידער, אָבער דאָס האָט זי שוין נישט געקענט. אַ פּאַרטראַגענע אין זאָרגן האָט די וועלט זיך געלאָזן ווייטער אין וועג אַריין. געגאַנגען, געגאַנגען און זי האָט באַגעגנט דעם רעגן.

— רעגן, רעגן,
איך וויל דיך עפּעס פרעגן.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן,
אַ בעטלער קען אויך עפּעס פרעגן...

— זיי נישט קיין נאַר,
דאָס האָב איך זיך נאָר אַזוי פאַרשטעלט
אָבער אין אמתן בין איך נישט קיין בעטלער,
איך בין די וועלט.

דער רעגן האָט זי אַזש פאַרגאָסן מיט טרערן פאַר געלעכטער און אויסגעשלעפּט זיך זיין צייט.

דער הימל האָט זיך גענומען אויסלייטערן און די זון איז אַרויסגעקומען מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

איז זיך די וועלט ווייטער געגאַנגען און שוין נישט געוווסט וואָס צו טון.

און ווי זי גייט אַזוי דערזעט זי אַ טייך, לאָזט זי זיך צו גיין צום טייך, גיט אַ קוק אין וואַסער־שפּיגל און דערשרעקט זיך פאַר זיך אַליין:

— וועלט, וועלט, אַ שיין פּנים האָסטו!

און זי לויפט אַוועק, לויפט און לויפט, ביז זי פאַלט אַנידער טויט מיד ערגעץ אויף אַ פּוסט פעלד נעבן אַ שפּיציקן שטיין און זי נעמט זיך פאַר אים אויסרעדן דאָס ביטערע האַרץ.

דאָ האָט אַפילו דער שטיין שוין גענומען רעדן און איר געזאָגט אַז ווען מען איז געקומען צו איר מיט טענות האָט זי נישט באַדאַרפט ווערן קיין בעטלער, נאָר אַ העלד.

ווי עס פּאַסט פאַר אַ וועלט...

„אפשר גערעכט?".

האָט זי זיך אויסגערוט, די וועלט, און אויפסניי זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער וועלט. אָבער ווו זי איז געקומען האָט מען זי נישט דערקענט.

אומעטום האָט זי נאָר געהערט רעדן, אַז די וועלט איז קיין וועלט נישט, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו קומען מיט קיין טענות צו דער וועלט, רק מע מוז טון אַליין, אַליין, אַליין און נאָר אַליין.

נאָר ווער ווייסט צי די וועלט האָט עס אָנגעהויבן צו פאַרשטיין?...

1933.

# פליט אַ טויב

פליט אַ טויב, אַ ווייסע טויב,
קוקט אין אַלע זייטן —
טראָגט אין מויל, אַ בריוו זי טראָגט
פון די ווייטע ווייטן.

נעמט פרימאָרגן וואַשט זיך אָפּ
און ער פוצט זיך אויס,
נעמט מיין מיידעלע און גייט
אויף דער גאַס אַרויס.

אונטן קוקט דאָס גרינע גראָז,
אויבן — הימל בלויער,
פאַרהייבט זי זיך דאָס קליידעלע
און זעצט זיך לעבן טויער.

קומט צו גיין אַ זונענשטראַל,
פינקלט אין די אויגן:
— מיידעלע דו, זע נאָר, זע,
וואָס סע פליט דאָרט אויבן! —

אויבן, אויבן פליט אַ טויב,
קוקט אין אַלע זייטן —
טראָגט אין מויל, אַ בריוו זי טראָגט
פון די ווייטע ווייטן.

***

הייבט זיך אויף מיין מיידעלע,
גייט דער טויב אַקעגן.
— זאָג, פאַר וועמען ס'איז דער בריוו,
נישט פאַר מיינעט וועגן?

— יאָ, פֿאַר דיר, געווים פֿאַר דיר,
פֿאַר מיין טייער מיידעלע!
כ׳וואַרף אים שוין אַראָפּ צו דיר,
שטעל נאָר אויף דאָס קליידעלע.

הויבט זי, הויבט זי און פֿאַרהייבט זיך
אַזש ביז איבער די אויגן,
און די טויב, די ווייסע טויב
איז אַוועקגעפֿלויגן.

רופֿט די מאַמע, פֿון דער שטוב:
— טאָכטער, קום שוין עסן! —
האָט מיין מיידעלע אין ברייוו
אין גאַנצן שוין פֿאַרגעסן.

שפּעטער אָבער, יעדן טאָג
קלאַפּט מען אין די שויבן:
— מיידעלע, דו זע נאָר זע,
וואָס סע פֿליט דאָרט אויבן...

***

אויבן, אויבן פֿליט אַ טויב,
קוקט אין אַלע זייטן —
טראָגט אין מויל, אַ בריוו זי טראָגט
פֿון די ווייטע ווייטן.

1935.

# דאָס געזאַנג פון אַ פייגעלע

א.

ווען בריינדעלע איז נאָך געווען אַ קינד אין וויגעלע איז די מאַמע איר געשטאָרבן. און די מאַמע האָט זי איבערגעלאָזט מיטן קראַנקן אָרעמען טאַטן, צווישן די ליידיקע פיר ווענט.

בריינדעלע איז אויפגעצויגן געוואָרן אויף פרעמדע הענט.

און וואָס האָט דער קראַנקער אָרעמער טאַטע פאַר איר געטאָן? — אַ קראַנקער אָרעמער טאַטע, וואָס ער קאָן טאָן, דאָס טוט ער!...

און אויך די שכנים האָבן נישט געמיינט איר בייז צו טאָן, ניין, איינע האָט געוואָלט זיין בעסער פון דער אַנדערער. יעדע שכנה האָט געוואָלט זיין איר מוטער...

און אַז צוויי פרויען ווערן מאַמעס איבער איין קינד, איז וויי און ווינד! צווישן צוויי פענצטער מוז זיין אַ ווינט.

און — צווישן צוויי מאַמעס... גייט דאָס קינד איין...

ב.

צו בריינדעלען האָט זיך אַלע מאָל געטשעפּעט אַ נייע קראַנקייט, אָט פון דאָרט, אָט פון דאַנען.

ביי בריינדעלעס וויגעלע איז קיין מאַמע נישט געשטאַנען.

און יעדער פון די שכנים איז געווען אַ גוטער...

יעדע פרוי — אַ מוטער...

און — צווישן צוויי מאַמעס... גייט דאָס קינד איין...

איינע האָט געעצהט — אַהער, און אַ צווייטע האָט באַפוילן — אַהין.

אַ דריטע האָט געוויזן: איי, ווי געל... און אַ פערטע האָט געשריגן, ס'איז גרין...

אָט איז געווען אַ פולע שטוב, קיין שפּילקעלע צו דער ערד נישט צו וואַרפן...

און אָט איז נישט געווען קיין איינע, אויף אַ רפואה צו באַדאַרפן — — —

און בריינדעלע איז אַזוי געלעגן נישט באַשיצט און נישט באַוואַכט.

און ס'איז געווען אַ שווערער טאָג. און ס'איז געוואָרן טונקל, פינצטער, און ס'איז געקומען אַ שווערע נאַכט...

ברײַנדעלע האָט נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן, נישט צומאַכן קיין אײי־געלע.

האָט זיך פון דרויסן, ביים פענצטערל, אַ געזאַנג דערהערט, אַ געזאַנג פון אַ פייגעלע...

און אַז ברײַנדעלעס טאַטע האָט געקוקט אויף איר איז אים געווען אַזאַ שאָד... אַזוי ווײ... אַזוי באַנג...

און ברײַנדעלע האָט אַזוי אַנידערגעלייגט איר קעפּעלע אויף אַ זײַט... זיך אײַנצוהערן אין דעם געזאַנג...

אין דעם געזאַנג — — —

ג.

...פּי פּי פּי
פּלי און פּלי
גאַר אָן מי.
פּלי און פּלי
פּי פּי פּי.
גאָרנישט זאָרגן,
שפּעטער, מאָרגן
ווערט אַ וועלט
אויפגעשטעלט...

וועלט — אַ מאַמע
יעדן קינד.
מאַמע־וועלט... און —
פּלי געשווינד...
פּי פּי פּי
פּלי און פּלי,
גאָר אָן מי.
פּלי און פּלי,
פּי פּי פּי!...

ד.

ברײַנדעלע איז אַזוי געלעגן נישט באַשיצט און נישט באַוואַכט.
און ס׳איז געווען אַ שווערע, שווערע נאַכט...
אַ פינצטערע נאַכט...

און אַרום און אַרום איז געווען שטיל, קיין באַוועג, קיין אָטעם, קיין קוק פון אַן אייגעלע.

עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס געזאַנג פון דעם פייגעלע...
און ס׳איז געקומען דער טאָג — אַ בייזער טאָג —
און אויפגעדעקט אַ קלאָג...

און ברײַנדעלעס טאַטע האָט געקוקט אויף איר און אים איז געווען אַזאַ שאָד.... אַזוי ווײ... אַזוי באַנג!...

און ברײַנדעלע איז זיך געלעגן מיטן קעפּעלע אויף אַ זײַט... און זיך אײַנ־געהערט אין דעם געזאַנג...

אין דעם געזאַנג פון פייגעלע.

.1930

# אייבעלע און בייבעלע

אייבעלע און בייבעלע האָבן זיך נאָר־וואָס געהאַט אויפגעכאַפּט פון שלאָף. זיי האָבן זיך נאָך געריבן זייערע פאַרשלאָפענע אייגעלעך, און שוין האָט איינס דאָס אַנדערע איינגערוימט אין אויערל:

— פּורים היינט,

— היינט פּורים.

אַ ווײַלינקע זיינען זיי נאָך געבליבן ליגן און אַ יעדעס האָט בײַ זיך אין מוכעלע געפּרוווט אַ טראַכט טון, וואָס דאָס וועט איבעראַרבעטן אין דעם טאָג, ווי דאָס וועט איבערקערן אַ וועלט.

ס׳איז נאָך געווען טאָקע גאַנץ פרי. טאַטע־מאַמע זיינען נאָך געשלאָפן. און אייבעלע און בייבעלע האָבן זיך שוין איבערגעקוקט מיט די האַלב־פאַרשלאָפענע אויגעלעך:

— אויפשטיין?

— אויפשטיין?

און איידער וואָס, און איידער ווען, האָט די זון אַריינגעקוקט אַ שטיפערי־שע, אַ לאַך, אַ גלעט, אַ ווונק, און מיט אירע קלוגע אויגן, האָט זי אויסגעזאָגט, ווו עס זיינען די אַלע גוטע זאַכן, וואָס די מאַמע האָט אָנגעגרייט פאַר היינט.

און מיט איין מאַך,
איין לאַך,
איז אייבעלע
און בייבעלע
אַראָפּ פונעם בעט
און געלאָפן
און געטראָפן —
אַ גדולה, אַ פריידי! —
וואָס די מאַמע האָט געגרייט
פאַר היינט,
פאַר פּורים, פאַר היינט,
און די זון האָט געשיינט!...

און וואָס וועט זיך ערשט אָפּטאָן שפּעטער, בייטאָג, פאַרנאַכט — אַ פּראַכט.

ווער שמועסט נאָך ביינאַכט!
איז נישט געטראַכט,
אַפילו אויף מאָרגן,
נישטאָ וואָס צו זאָרגן!

עס וועט זיך דאָך אָפּטאָן אויף טיש און אויף בענק, די סעודה, די שפּילער, די פאַרשטעלטע —

ווי ווערט מען שוין עלטער!

אַ גדולה, אַ פרייד,
וואָס עס האָט זיך געגרייט
פאַר היינט,
פאַר פּורים, פאַר היינט!

**
*

און אייבעלע
און בייבעלע
האָבן גענומען קנאַקן, האַקן
אויף יידע באַקן.
און מיט די צינגעלעך
און מיט די פינגערלעך
געקנאַקט
צום טאַקט.
און מיט די אייגעלעך געגלאַנצט,
און מיט די פיסעלעך געטאַנצט,
ביז די קולעכלעך, די זאַטע,
האָבן אויפגעוועקט מאַמע־טאַטע.

און אייבעלע
און בייבעלע
האָבן גענומען באַרימען זיך אַז זיי ווייסן, אַז אַ מאָל איז געווען אַ מלך

אַחשורוש, וואָס איז געווען אַ לעקיש,
ווי דער לאַנגער פּעקיש.
און ס׳איז געווען אַ המן, אַ שלעכטער,

א הונט, שוין איין מאָל אַ רעכטער!
נאָר געהאָלפן האָט די שיינע אסתר
און מרדכי, מרדכי איז געווען דער בעסטער!
פון די גוטע המן־טאַשן

און ס׳זאָל זיין פריילעך, און ס׳זאָל זיין גוט, און ס׳זאָל זיין אַלעמען וווּיל, אַלעמען לוסטיק, אַלעמען גלייך,

אָרעם און רייך! —

ס׳זאָל נישט זיין קיין הונט און נישט קיין לעקיש...

ווי דער לאַנגער פּעקיש,

נאָר שיינע און גוטע שפּילער, אַז זיי זאָלן נישט אַוועקטרייבן די קינדער, זיי זאָלן לאָזן אָנקוקן יעדן פאַרשטעלטן. טאַטע, מאַמע, מיר ווען אויך שפּילן, מיר וועלן זיך פאַרשטעלן, איך אַ פאַרשטעלטער, איך אַ פאַרשטעלטער,

— שפּעטער קינדערלעך, שפּעטער.

— שפּעטער איך אַ פאַרשטעלטער,

— איך אַ פאַרשטעלטער,

ווי ווערט מען שוין עלטער!

***

שפּעטער האָבן זיי זיך טאַקע פאַרשטעלט, נאָר ווען זיי האָבן געוואָלט גיין — ווי די אַנדערע פאַרשטעלטע — אין די הייזער, האָט די מאַמע צו זיי געזאָגט:

— גייט נישט, קינדערלעך, פאַר אייך פּאַסט עס נישט. נאָר אָרעמע קינדער גייען אין די הייזער.

אייבעלע און בייבעלע האָבן זיך אָנגעקוקט און נישט פאַרשטאַנען וואָס די מוטער האָט געזאָגט.

— אָרעמע קינדער גייען אין די הייזער בעטן געלט.

— פאַרוואָס?

— צו קויפן ברויט.

— אָרעמע האָבן נישט קיין ברויט? און קיין המן־טאַשן האָבן זיי אויך נישט?

— ניין.

— פאַרוואָס?

קיין ענטפער האָבן זיי נישט באַקומען. זיי האָבן טרויעריק אַראָפּגעלאָזן די קעפּעלעך.

ביינאַכט, ווען געסט זיינען זיך צונויפגעקומען און זיך דערוווּסט, פאַרוואָס איבעלע און בייבעלע זיינען אַזוי טרויעריק, האָבן זיי אויסגערופן:

איבעלע און בייבעלע זיינען טייערע קינדערלעך! ס׳וועלן שוין מער נישט זיין קיין אָרעמע! ס׳וועט שוין אַלעמען גוט זיין! אַלעמען!

ערשט דעמאָלט זיינען זיי פריילעכע געוואָרן, האָבן זיי אַליין גענומען דערציילן פון דעם מלך אַחשורוש,

וואָס איז געווען אַ לעקיש,
ווי דער לאַנגער פעקיש.

.1929

# אַן אַלטע מעשה

שוין איין מאָל דאָס אַ מעשה,
אַן אַלטע־אַלטע מעשה,
געהערט שוין מן הסתם —

שווימט אַ שיף, אַ שיף,
אין אַ גרויסן ים,
אין אַ גרויסן ים —

שוין איין מאָל דאָס אַ מעשה,
אַן אַלטע־אַלטע מעשה,
געהערט שוין מן הסתם.

שווימט די שיף און שווימט זיך
אַלץ ווייטער פון אַ ברעג,
אַלץ ווייטער פון אַ ברעג,
און דער ים צעברויזט זיך
אין סאַמע מיטן וועג,
אין סאַמע מיטן וועג.
נעמט די שיף זיך וואַקלען,
זיך טרייסלען הין און הער,
זיך וואַרפן מער און מער.

ווערן הערצער שווער:
ביטער!
ציטער...
ציטער...
ווי לעמלעך פאַר דער שער,
ווי לעמלעך פאַר דער שער:
— קאַפּיטאַן!
— וואָס וועט זיין!
— וואָס וועט זיין!

**
*

און דער קאַפּיטאַן איז זייער גוט: ער נעמט הין און צוריק שפּאַצירן און טראַכט ווי אַזוי צו ראַטעווען די פּאַסזאַשירן...

און ער גרויסט זיך,
וואָס ער שטויסט זיך,
פון וואָס דער ים צעברויזט זיך:

געוויס אַ גרויסער וואָלקן, אַ שטאַרקער שטורעם מוזן אין דער לופט העננען, די שיף מיט די מענטשן אומצוברענגען.

אָבער ווי ער גיט אַ קוק צום הימל, זעט ער אַז ער מעג צוריקגיין כאַפּן אַ דרימל, וואָרעם שיין און לויטער איז דער הימל.

אויב אַזוי, פון וואָס־זשע ברויזט אַזוי דער ים?

און ווי ער שפּאַצירט אַזוי הין און צוריק, גיט ער אַ בליק ווי עס שווימט אַ פיש,

אַ גרויסער, גרויסער פיש!

אַזאַ גרויסער פיש, וואָס ווען ער זאָל זיך געבן נאָר איין ריר, וואָלט זיך די גאַנצע וועלט איבערגעקערט צווישן צוויי און פיר..

אַי, אַז ער שווימט, מוז ער זיך דאָך געבן אַ ריר? —
דאָס איז נישט צו פרעגן,
ער שווימט דורך אַנדערע וועגן...
און —
אויף אַ מעשה איז קיין קשיות נישט צו פרעגן...

**
*

אָבער וואָס פאַר אַן עצה גיט מען זיך מיט דעם פיש? אפשר וואָלט גוט געווען צו געבן אים עפּעס פונעם טיש?...

יאָ, געטראָפן!
ער האַלט דאָס מויל אָפן.

ער לאָזט זיך צו דער שיף איינצושלינגען אַלץ מיט אַלץ צוזאַמען, אויב מען וועט אים נישט געבן גענוג צו האַמען!

האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין קרויט, הערינג, מאַראַנצן... און וואָס פאַר אַן עסנוואַרג זיי האָבן נישט געהאַט, און דער פיש איז נאָך אַלץ נישט געוואָרן זאַט.

האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט, אַז מען מוז אים אַריינוואַרפן אַ מענטשן אויפצועסן. עס איז אַ ביטערער שפּאַס...

ער וואָלט אַליין אַפילו אַריינגעשפּרונגען, האָט ער אָבער מורא אַז ער זאָל נישט ווערן נאַס...

האָט ער גענומען אַ יאַפּאַנער, הויט און ביינער,

— זאָל זיין דער איינער!

אָבער עס איז נישט אָפּגעגאַנגען אַזוי גלאַט; דער פיש האָט דעם יאַפּאַנער איינגעשלונגען, און נאָך אַלץ נישט געוואָרן זאַט.

האָט דער קאַפּיטאַן זיך נישט גענומען צום האַרצן... און ער האָט געהייסן בינדן דעם הויכן, דעם שוואַרצן.

אָבער ווען דער פיש האָט אויך דעם צווייטן מענטש איינגעשלונגען, איז ער נאָך אַלץ הונגעריק געווען און אַנטקעגן דער שיף געשווומען, געשפּרונגען.

האָט דער קאַפּיטאַן אַריינגעוואָרפן נאָך אַ יאַפּאַנער, און נאָך אַ שוואַרצן, און נאָך און נאָך. דערנאָך האָט ער גענומען אַן אַלטן ייִד און באַפוילן אים אין ים צו וואַרפן. אפשר וועט נאָך אים דער פיש שוין מער נישט באַדאַרפן!

און דער פיש האָט געשלונגען און געשלונגען, און דאָס זעלביקע לידל געזונגען...

איז שוין דער קאַפּיטאַן אין כעס געוואָרן:

— דאָס איז דאָך שוין גאָרנישט קיין גאַנג!

און ער האָט אַריינגעוואָרפן אַ ברייטע לאַנגע באַנק.

און דער פיש איז נישט געווען קיין איבערקלייבער, און זי איינגעשלונגען ווי ברייט און לאַנג.



ווער ווייסט ביז ווי ווייט דאָס וואָלט געווען געגאַנגען, וואָרעם אָן אַ שיעור זיינען געווען דעם פישס פאַרלאַנגען, זיין מויל איז נאָך אַלץ געווען אָפן. נאָר עס האָט עפּעס געטראָפן:

ווען דער פיש האָט איינגעשלונגען די ברייטע לאַנגע באַנק, האָט זיך אים אַריינגענומען אַ שטיקל שפּענדל צווישן די ציין.

און ווי ער האָט אַזוי געהאַט מיט זיך צו טון, ווי ער האָט געדליבעט דאָס פיצל האָלץ אַרויסצונעמען פון צווישן די ציין, איז געלונגען אים הינטן־אַרום צו פאַרגיין.

און מען האָט אים געכאַפּט
און מען האָט אים געקלאַפּט,
אַז עס איז אַזש געגאַנגען אַ רויך.

אַלע זיינען צו מיט אַ נייגעריקייט אַ קוק־טון, וואָס עס טוט זיך אַזוינס ביי אים אין בויך...

און ווי מען האָט אים דעם בויך אויפגעקנעפּלט... זיינען זיי אויסער זיך געבליבן: זיי האָבן אין בויך געטראָפן אַלץ וואָס דער קאַפּיטאַן האָט אַריינגעוואָרפן, אַלץ און אין גאַנצן. און דער אַלטער ייד איז געזעסן אויף דער באַנק און פאַרקויפט מאַראַנצן...

***

שוין איין מאָל דאָס אַ מעשה,
אַן אַלטע־אַלטע מעשה,
געהערט שוין מן הסתם.
שווימט אַ שיף, אַ שיף,
אין אַ גרויסן ים,
אין אַ גרויסן ים...

.1930

# דער קייסער קייסערענדער

אַן אויסטערלישע מעשה מיט אַ קייסער וואָס האָט געהייסן ק יי ס ע־ ר ע נ ד ע ר, און האָט געוועלטיקט איבער טויזנט לענדער.

דער קייסער איז געווען אַ הייסער, און ער האָט געבראַכט פיל שאָדן, ער איז געוועזן הייס געבאָדן און מיט אוצרות אָנגעלאָדן און געוואָלט אַלץ נאָך און נאָך, ביז ער האָט געהאַט די בראָך,

אַ ז ווי צו אים און אָ ך!

אַט דער קייסער, וואָס איז געווען אַ הייסער, האָט נאָר געקלערט צו באַריי־ כערן זיין אוצר, צו פאַרשטאַרקן זיין מאַכט, און ער האָט איבערנאַכט אַ גאָט אויסגעטראַכט... אַ גאָט אָן רחמנות, וואָס פאָדערט קרבנות — ווי דער קייסער האָט געוואָלט:

פ ו ן מ אַ ר ך א ו ן ג אָ ל ד!...

און דאָס צו צעזינגען און זאָגן, אין אַלע פיר עקן צעטראָגן, האָט זיך גע־ שאַפן אַ כתה, אַ צווייטע, אַ דריטע און מערער, די כ ל ו מ ר ש ט ע ל ע־ ר ע ר, צו דערציִען געהאָרכזאַמע הערערס און א ו נ ט ע ר ט ע נ י ק ע פ אַ ר ע ר ע ר ס.

עס האָט זיך געשאַפן אַ כתה, אַ צווייטע, אַ דריטע, וואָס זיינען באַפאַלן און געזשומעט ווי בינען:

„דאָ קענט איר, איר זיסע, האָניק פאַרדינען!"

זיי זיינען באַפאַלן און געזשומעט ווי בינען, אַז אַלע דאַרפן צו דינען גאָט און דעם קייסער און דאָס דריטע —

דער ס ו י ט ע..

אַז מען וועט זיי דערוואַרגן, אויב זיי וועלן קאַרגן מאַרך און גאָלד! — ווי דער קייסער האָט געוואָלט — צו ברענגען קרבנות, פאַרן גאָט אָן רחמנות, וואָס ער האָט איבערנאַכט אויסגעטראַכט, צו פאַרשטאַרקן זיין מאַכט, צו באַרייכערן זיין ווערט אויף דער גאַנצער ערד.

א ו ן אַ ז ע ס ק ע ן ג ע ש ע ן פ אַ ר ק ע ר ט, האָט גאָרנישט געקלערט דער קייסער, וואָס איז געווען אַ הייסער — אַ היצער,

אַ קאָפּ — אַ שוויצער,

אַ שטערן ווי אַ לאָדן,

אַ נאָז ווי אַ פּלאָדן,
און אין גאַנצן מיט אוצרות אָנגעלאָדן, האָט ער געוואָלט אַלץ נאָך און נאָך,
ביז ער האָט געהאַט די בראָך,
אַ ז ו יי צ ו א י ם א ו ן אָ ך!

*****

און עס זיינען אַוועק שעהן און טעג, און פאַרקראָכן זיינען וואָכן, חדשים און יאָרן, העט־העט אַזש פאַרפאָרן אין די צענדליקער יאָרן, אין די צענדליקער, הונדערטער, ביז ענדלעך האָט איינער אַ פאַרוווּנדערטער — נישט געקוקט צי ער האָט געמעגט — זיך אַוועקגעשטעלט און געפרעגט, געוויינט און געבעטן:
„פ אַ ר וו אָ ס ז י ך ל אָ ז ן ט ר עטן?..."
ער האָט נישט געקוקט צי ער האָט געמעגט, נאָר געפרעגט און געפרעגט, ביז ער האָט דעם קייסער אויפגערעגט און דער קייסער האָט זיין סוויטע געלאָזט זאָגן, אַלעמען צו שלאָגן, און ד ע ם א יי נ ע ם ד ע ר ע י ק ר, זאָל מען צערייסן אויף שטיקער!
נאָר פון דעם איינעם,
ד ע ם ר יי נ ע ם,
איז געוואָרן אַלץ מערער און מערער, און וויפל מען האָט זיי געיאָגט און געטריבן, אַלץ מער איז געבליבן.
און ס'איז געוואָרן פאַרשריבן אין טויזנט בענדער, אַז אין אַלע טויזנט לענדער ווו עס הערשט דער קייסער קייסערענדער, זאָלן די שלעגער באַפאַלן די פרעגער, און זיי דערשלאָגן אויפן געלעגער, ווי עס האָט באַפוילן דער קייסער, וואָס איז געווען אַ הייסער — אַ היצער,
אַ שטערן ווי אַ לאָדן,
אַ קאָפּ — אַ שוויצער,
אַ נאָז ווי אַ פּלאָדן.
נאָר ווען ער מיט דער כתה, זיין סוויטע, האָבן געקלערט, האָבן אין אַלע טויזנט לענדער, ווו עס האָט געוועלטיקט דער קייסער קייסערענדער, די פרעגערס זיך געמערט —
א ו ן ק ע ג ן ד י ש ל ע ג ע ר ס ז י ך ג ע וו ע ר ט.

*****

אַזוי זיינען שעהן און טעג געגאַנגען אָן שטעג און אָן וועג, און פאַרקראָכן אין די וואָכן, חדשים און יאָרן, העט־העט אַזש פאַרפאָרן, אין די צענדליקער יאָרן, אין די צענדליקער, הונדערטער, ביז יעדער האָט אַ פאַרוווּנדערטער זיך

אַרומגעקוקט, אַז אָט־אָט און ער ווערט פאַרצוקט, ווי אַלע זיינע — מיט דער זעלבער טענה — פון די „פ יי נ ע": פון דעם קייסער קייסערענדער מיט זיין סוויטע אין די טויזנט לענדער.

און געמערט האָבן זיך די פרעגערס, און זיך געווערט קעגן די שלעגערס וואָס האָבן געוואָלט מ אַ ר ך א ו ן ג אָ ל ד,

ביז דאָס אַלץ,
דאָס גאָלד און שמאַלץ,
האָט זיך געשטעלט ווי אַביין אין האַלדז...
און דעם קייסער מיט זיין סוויטע דערוואָרגן! —
איז געוואָרן אויף מאָרגן,
אַ נ יי ע וו ע ל ט אָ ן ז אָ ר ג ן...

און אין אַלע טויזנט לענדער איז געבליבן פאַרשריבן אין טויזנט בענדער די מ ע ש ה מ י ט ן ק יי ס ע ר ע נ ד ע ר...

1929.

# בײַם ראַדיאָ

איז ישראלקע געזעסן אין שטוב בײַ דעם ראַדיאָ —
די אויערן אָפן, די אויגן פאַרמאַכט —
דערצײלט האָט דער ראַדיאָ פאַרשידענע נײַעס
אין יענעם פאַרכמאַרעטן, טריבן פאַרנאַכט.

מיט רויטע צוויי אויגן געקומען די מאַמע —
מיט רויטע צוויי אויגן, דאָס פּנים — ווי בלאַס!
די נאָז ווי פאַרשפּיצט און מיט ליפּן פאַרברענטע
געקומען די מאַמע צו גײן פון דער גאַס.

און באַלד האָט די טיר אין דער שטיל זיך געעפנט —
געקומען דער טאַטע צו גײן פון פאַבריק —
„געהערט שוין געוויס, געהערט שוין אַוודאי...”
האָט פײער געשפּיזט און געשפּריצט פון זײן בליק.

דערצײלט האָט דער ראַדיאָ פאַרשידענע נײַעס
אין יענעם פאַרכמאַרעטן, טריבן פאַרנאַכט,
און ישראלקע בײַם ראַדיאָ, געווען ווי פאַרטראַגן —
די אויערן אָפן, די אויגן פאַרמאַכט.

האָט ישראלקע מיט די אָפענע אויערן זײנע נישט געהערט, ווי די מאַמע איז געקומען פון גאַס און נישט ווי דער טאַטע איז געקומען פון פאַבריק.

נאָר ישראלקע האָט מיט די פאַרמאַכטע אויגן זײנע דערזען, ווי ווײט, ווײט, ערגעץ אויף יענער זײט אַטלאַנטיק, איז אַ גרויס געלויף פון קינדער.

— וואָס איז ס'געלויף?

פון וואַנען דאָס געלויף?

וווהין איז דאָס געלויף? —

ישראלקע האָט זיך אויסגעמישט מיט די קינדער און געלאָפן גלײך מיט זײ און נישט אויפגעהערט זײ צו פרעגן.

האָט איין קינד, אין מיטן געלויף, אים אַ פרעג געטון, פון וואַנען ער איז.
— פון בוענאָס איירעס — האָט ישׂראלקע געענטפערט
— פון בוענאָס איירעס אַנטלויפט מען אויך? — האָט יענץ קינד ישׂראל־קען געפרעגט.
— און דו, פון וואַנען ביסטו? — האָט ישׂראלקע דערשראָקן אים אָנגע־קוקט.
— האָסט דען נישט געהערט, אַז פון בילבאַאָ?
— דאָ איז בילבאַאָ?
— ניין. אַנטלאָפן פון בילבאַאָ. מיר לויפן און לויפן — איבער דער גאַנצער וועלט. און פון די קינדערשע אויגן האָט אַ שטראָם געטון טרערן — גאַנצע קוואַלן.
און אויף זייערע ליפּן האָט זיך צעלייגט מיט אַ צאָרן — „בילבאַאָ געפאַלן".
האָט זיך ישׂראלקע אַ שטעל געטון אויף די פיס,
ווי אַ ריז.
מיט אַ פּאָר פּלייצעס, מיט אַ פּאָר הענט,
אַז זיינע טאַטע־מאַמע האָבן אים נישט דערקענט.
— ישׂראלקע, ביסט דאָך געוואָרן קיין עין־הרע אַזוי גרויס!
— ישׂראלקע, זעסט דאָך אויס אַזאַ גיבור!
און ישׂראלקע האָט אַ שפּאַן געטון:
— איך גיי, איך לויף, — וועלטן קער איך איבער!
זיינען טאַטע־מאַמע צו צו זייער גרויסן זון — דער טאַטע ביי איין זייט און די מאַמע ביי דער אַנדערער זייט.

איז ישׂראלקע ביים ראַדיאָ געשטאַנען פאַרטראָגן —
די אויערן אָפן, די אויגן פאַרמאַכט —
דערציילט האָט דער ראַדיאָ פאַרשידענע נייעס
אין יענעם פאַרכמאַרעטן, טריבן פאַרנאַכט.

1937.

# אַ רעטעניש

די קינדערלעך זיינען שוין אַרויס אויף דער ערשטער הפסקה. אייניקע האָבן זיך געכאַפּט שפּילן און מערערע האָבן זיך געבויערט די מוחעלעך און איינגע־טענהט וועגן אַ רעטעניש.

דאָס רעטעניש האָט זיי דער לערער געפרעגט נאָך נעכטן, פאַרן אַהיים גיין. יעדעס קינד האָט דאָס רעטעניש אויפגעשריבן, אַ סך האָבן געטראַכט וועגן דער לייזונג, יעדעס וויל איבערגעבן זיין איינפאַל, אַז עס ווערט צווישן זיי שיעור נישט אַ צעטרעטעניש.

טייל האָבן זיך געשפּילט, מערערע האָבן זיך געבויערט די מוחעלעך, אָבער כמעט אַלע האָבן געוואַרט, געהאָפט און געוואָלט, אַז עס זאָל שוין האַלטן ביי דער לעצטער שעה, ווען דער לערער וועט אויסזאָגן די לייזונג פון רעטעניש.

און נישט איין קינד האָט ביי זיך געטראַכט, אַז אפשר האָט ער עס גע־טראָפן. דאָס הערצעלע האָט אַ צאַפּל געטון, און איבער די אויגעלעך איז אַ גלאַנץ פאַרלאָפן.

איין זאַך האָבן זיי טאַקע אַלע געטראָפן:

אַז דער לערער וועט די לייזונג פון שול נישט אַוועקפירן, אין ערגעץ נישט אַרויסטראָגן.

נאָר פאַר זיי, פאַר די קינדערלעך אַרויסטראָגן.

אַרויסטראָגן און אַהיים טראָגן און דערציילן טאַטע־מאַמע, וועלן טאַטע־מאַמע גליקלעך ווערן...

און געבן דעם קינד שיינע שפּילעכלעך און קושן אין שטערן.

און ס׳קלינגט דער גלאָק שוין — באָ־אָ־אָ
און בים באָם, בים באָם באָ־אָ־אָ,
קומט די לעצטע שעה...

און רייען שוין פאַראַן —
ווי אַ לאַנגער באַן —
שפּאַנען שפּאַן און שפּאַן.

און פידל, פויק און באַס

גלעזן אויף דער גאַס.... —
קינדערלעך אין קלאַס.

**
*

און ווען די קינדערלעך זיינען שוין געזעסן, און די אייגעלעך האָבן געפרעגט, האָט דער לערער מיט אַ שמייכל־געזאָגט: „איר מעגט אַריינקוקן אין די העפטן, איר מעגט...."

און ער האָט זיי דאָס רעטעניש נאָך אַ מאָל געפרעגט:

— וואָס איז דאָס:

אַ העלפט איז עס פינצטער,
אַ העלפט איז עס ליכטיק.
אַ יעדער באַדאַרף עס,
פאַר יעדערן וויכטיק. — — —
און גייט דאָס עמעצן אַוועק,
איז עס באַנג אים און אַ שאָד אים
די גאַנצע זאַך, די גאַנצע,
מיט די צוועלף שבטים. — — —

די צוועלף שבטים מיט זייערע משפחות,
מיט זייערע דריי הונדערט און פינפאונזעכציק נפשות, — צו מאַכן איבער זיי ברכות...

אַ יעדע משפחה —
אַ געזינד זאַלבע זיבן.
איינער דעם אַנדערן,
פון אָרט נישט פאַרטריבן...
אַ יעדער פון זיי איז לאַנג פיראונצוואַנציק איילן.
אין די איילן —
זעכציק טיילן,
וואָס אויף זעכציק זיך צעטיילן.

**
*

און אַזוי ווי דער לערער האָט פאַרענדיקט פרעגן, איז ער געבליבן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, אָט שמייכלט ער, אָט קלערט ער.

און די קינדער האָבן מיט די אויגעלעך געפינקלט, מיט די הערצעלעך געצאַפּלט.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טרעפּעכצער און עס איז געוואָרן אַ מחיה:

אַ יינגעלע, שעיה,
מאַכט אַ הוויה,
און קוועטשט זיך, און קנייטשט זיך, און קוועטשט קוים אַרויס:
— דאָ־אָ־אָ־ס אי־י־י־ז...

לאַכט אַ צווייטער און בלאָזט אָן די באַקן ווי אַ בלעזל, און מאַכט נאָר ווי יענער אונטערן נעזל:

— דאָ־אָ־ס אי־י־י־ז...
וואָ־אָ־ס אי־י־ז?...

אַ דריטער רופט אויס:
— לערער, איך ווייס
און ער גיט זיך ווי אַ כאַפּ צוריק...„ און אַ פערטער גיט אים איין חשק:
— זאָג, זאָג, איך הייס.
אַן אַנדערער שטעלט איין זיינע זיבעציק יאָר... און ער גיט אַ קנייטש מיטן אייגעלע.
— לערער, ס׳איז אַזאַ פייגעלע.
און קינדערלעך, לעבעדיק, מונטער,
העלפן אים אונטער...
— אַן אינדיק...
— אַ טכויר...
— אַ קוימען...
— אַ מויער...

און אַ קינד אין ווינקל האָט פאַרשעמט אַוועקגעבויגן ס׳קעפּעלע און זיך אויך אָנגערופן...
— איך ווייס נישט...
איך... ווייס נישט...

באַלד איז שטיל געבליבן און זיי האָבן זיך געווענדט צום לערער,
אַז זיי װעלן זיין גוטע הערער.
און דער לערער האָט אָנגעהויבן מיט אַ שמייכל —
עס זאָל זיך זיי לייגן אויפן שכל...
— נאָר אַ בליק
אויף צוריק,
איז עס פאַר די אויגן, כאָטש נעם עס...

און אַלץ איז וואָר,
און אַלץ איז אמת,
אַז די אַלע — אָן נשמות און אָן גופים — לעבן גאָר,
ווי עס לעבט אַ יעדע צייט אין יאָר...
און די זעכציק, וואָס אויף זעכציק זיך צעטיילן,
זיינען מינוטן, וואָס שטעלן צונויף אַ שעה.
און אַז איינע איז שוין דאָ,
נעמט מען ווייטער ציילן,
אַזוי ווי איילן,
און ווען אָפּגעציילט ביז פיר און צוואַנציק — איז נישט פאַרגעס! —
האַלטן מיר שוין ביי אַ גאַנצן מעת־לעת.
און אַזעלכע זיבן,
ווערן אין אַ וואָך צעריבן...
נעמען זיך צענויף אַלע
דרייהונדערט און פינף און זעכציק מעת־לעתן — ווי צו אַ טאַטן...
איינגעטיילט אין מאָנאַטן.
און עס פעלט נישט קיין האָר,
צו אַ קיילעכדיק יאָר!...
אַ יעדער באַדאַרף עס,
פאַר יעדערן וויכטיק.
אַ העלפט איז עס פינצטער
אַ העלפט איז עס ליכטיק...
— — — — — — — — — — — — —
און אַלץ איז אמת,
און אַלץ איז וואָר,
— דאָס איז דאָס י אָ ר ! —
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

באַלד ווי די קינדערלעך זיינען אַהיים געקומען און אָנגעהויבן דערציילן,
האָבן זיי באַמערקט ווי טאַטע־מאַמע ווערן שטראַלנדיקע און הערן.
און זיי וועלן געבן שיינע שפּילעכער, און קישן אין שטערן.

.1930

# די באַן

גייט אַ באַן,
פ אָ ר ט  אַ באַן, —
האָט אַ באַן דען אויגן?
וואָסער רויך
אין דער הויך
האָט זיך דאָרט געצויגן?
ר ע ד ט  די באַן,
פ יי פ ט  די באַן,
הערט נישט אויף צו סאַפּען!
איילט אַוועק
מיט אַ שרעק —
ססס'זאָל זי ווער נישט כאַפּן.
פ ו פ ו - פ אַ!
פ ו פ ו - פ אַ! —
רעדט זי נאָר אין גראַמען —
מיין מאַמאַ,
מיין פּאַפּאַ
קען די שפּראַך פון באַנען!

.1937

# די ווייסע טויב

...אויף צען און אַכציק לענדער,
מדינות גרויסע, ברייט און לאַנג, —
אויף צען און אַכציק לענדער,
געקיניגט האָט אַ בייזע שלאַנג...

און ווייטער דערציילט זיך, אַז די שלאַנג איז נישט געווען אַזאַ, וואָס זאָל זיך רוקן אויפן בויך. זי האָט פאַרריסן דעם קאָפּ אין דער הויך, אַזש ביז צום הימל האָט געוואָלט דער פוילער מוח...

און פון דאָרטן —
ווי דער שטייגער —
ג ע ש פּ י ג ן אויף אַ יעדן,
ווער עס פלעגט נאָר
פרווון, וואַגן
אַ וואָרט אַרויסצורעדן...

אַזוי האָבן אין יענע צען און אַכציק צייטן, די איינוואוינערס פון אַלע צען און אַכציק לענדער, פון נאָענטן און פון ווייטן, געמוזט ז יי ע ר ש פּ ר אַ ך פ אַ ר ג ע ס ן, פ אַ ר ב יי ט ן... אויף ש פּ יי ע ן, ש פּ יי ע ן.

ווי דער קעניג זייערער, דער גרעסטער שפייער, דער מחבל, דער פאַרדאַר־בער, האָט מיט זיין קאָפּ, דעם הוילן,

די איינוואוינערס זיינע דערצויגן און באַפוילן
צו שפייען אויף אַלץ און אויף אַלעמען, אויפן נאָנטן און אויפן ווייטן...
און די א יי ג ע נ ע ש פּ ר אַ ך פ אַ ר ג ע ס ן, פ אַ ר ב יי ט ן...
א ו י ף ש פּ יי ע ן, ש פּ יי ע ן.

און אין אַלע צען און אַכציק צייטן, האָבן זיך די איינוואוינערס נישט געקענט באַפרייען.

און זיי האָבן זיך זייער געשראָקן:

וואָס עס קאָן זיי אָפּטון דער גרעסטער שפייער, דער צרות־ברענגער, דער לאַנגער פלאָקן!

צי קאָן נישט אַ מאָל ווערן אין כעס דער לאַנגער, דער נאַסער, און פון דעם געשפייערריי מאַכן אַ וואַסער,
און אַלעמען דערטרינקען ?
און די אַלע איינוווינערס פון די צען און אַכציק לענדער, האָבן אויף זייער שפּיי־לשון גערעדט וועגן דעם לאַנגן פלאָקן,
און זיך געשראָקן :

שפּייער דער מחבל —
האָט מען אים גערופן —
שפּייער, בייזער קעניג
פון די שפּייערופן...

און זייער שרעק איז טאַקע נישט געווען אומזיסט !
פון זייער אַלעמענס שפּייעכץ איז געוואָרן מיסט...
און אַלע מאָל איז מער צוגעקומען, ביז עס איז צערינען און צעשווומען, נאַס און נאַסער.
אָט־אָט איז אַ גרויס וואַסער !
זייער שרעק האָט זיך פאַרשטאַרקט, און איבער זייערע קעפּ האָט זיך פאַרצויגן
אַ רעגנבויגן... אַ רעגנבויגן...
איז געקומען צו לויפן זויאַך, — איינער האָט געהייסן: זויאַך — און ער האָט געוואָלט דעם מחבל פּאַקן
און אויף שטיקער צעהאַקן.
אָבער גיי זוך אַרום אין אַזאַ צייט אַ מחבל,
ווען ס'איז אַ פאַרפלייצונג, אַ מבול !
אַז אַ סך פון די איינוווינערס האָבן פון צרות פאַרגעסן
אין עסן.
געהאַלטן אין איין פאַסטן.
און זויאַך האָט בעסער גענומען זיך בויען אַ קאַסטן.
פאַר זיך און פאַר זיינע דריי זין:

זיים,
זאָם,
זאָמעס.

און פאַרן גאַנצן הויזגעזינד. אַלע זאָלן קאָנען אַהין אַריין, זיך דאָרטן באַהאַלטן,

פּאַר פייער און פאַר וואַסער, פאַר הייסן און פאַר קאַלטן.
און עס איז נישט מעגלעך געווען צו טרעפן דעם מחבל,
דעם שולדיקן אין מבול.
ביז דער קאַסטן, דער גרויסער קאַסטן, האָט זיך פון דער ערד געגעבן אַ הייב.
און זויאַך האָט דורכן פענצטערל אַרויסגעשיקט אַ טויב.

א ו ו י י ס ע ט ו י ב .
און די טויב,
די ווייסע טויב

איז געפלויגן און געפלויגן און צוריק געקומען און ווידער אַוועקגעפלויגן
און ענדלעך געטראָפן די שלאַנג, וואָס פלעג זיך נישט רוקן אויפן בויך, נאָר
פאַררייסן דעם קאָפּ אין דער הויך,

און פון דאָרטן —
ווי דער שטייגער —
ג ע ש פּ י ג ן אויף אַ יעדן,
ווער עס פלעגט נאָר
פּרוּוון, וואַגן
אַ וואָרט אַרויסצורעדן...

אַז די איינוווינערס האָבן נאָכגעטון זייער מחבל,

ביז עס איז געוואָרן אַזאַ מבול. —
און ווען די טויב,
ד י ו ו י י ס ע ט ו י ב ...

איז נאָר צוגעפלויגן צו דער בייזער שלאַנג,

איז ווי לאַנג
און הויך,
געוואָרן אַ פּאַס רויך...
און אוים מחבל,
און אוים מבול...

און די איבערגעבליבענע איינוווינערס פון די אַלע צען און אַכציק לענדער
האָבן זיך אָ נ ג ע ה ו י ב ן ד ע ר מ אָ נ ע ן ז יי ע ר ש פּ ר אַ ך ... און
טאַטעס האָבן גענומען דערציילן ווינדער פאַר זייערע קינדער.

פאַר זייערע קינדער,
אַז אויף צען און אַכציק
לענדער,
מדינות גרויסע,
ברייט און לאַנג, —
אויף צען און אַכציק
לענדער,
געקיניגט האָט
אַ בייזע שלאַנג...

און אַזוי ציט זיך נאָך ווייטער און ווייטער אַ געזאַנג

און אַ לויב,
וועגן דער טויב,
וועגן דער ווייסער טויב...

1929.

# אַן אַלטער בעטלער און אַ יונגער העלד

אַן אַלטער בעטלער איז געווען,
און אַ יונגער העלד איז געווען
דער אַלטער בעטלער איז געווען גראָ ווי אַ טויב און געבויגן ווי אַ שלאַנג.
ער האָט אויף זיינע פּלייצעס געטראָגן אַ שווערן פּאַק שוין פון לאַנג...
צעבראָכן איז זיין האַרץ געווען, דערשלאָגן איז זיין געמיט געווען,
וואָרום
קברים...
האָט ער געזען.
הונגער און עלנט האָבן זיך זיינע אויגן אָנגעזען.
האָבן זיך זיינע אויערן מיט זיפצן און קלאָגן אָנגעהערט, בלויז מיט זיפצן און קלאָגן, נישט מיט קיין געזאַנג...
איז דער שווערער פּאַק געלעגן אויף זיינע פּלייצעס שוין פון לאַנג, פון לאַנג.

און אים געבויגן ווי אַ שלאַנג
צו שטויב אים געמאַכט —
פאַר אַ בעטלער געמאַכט...

***

איז געווען דער אַלטער בעטלער — וואָס ער איז שוין געווען...
און דער העלד איז געווען יונג און שטאַרק, גלייך מיט אַ ברייטער אַרויסגעשטעלטער ברוסט.

ער איז געווען יונג און האָט געגלוסט..
דעם שווערן פּאַק, וואָס האָט זיך אויף זיינע פּלייצעס געוואָרפן, דעם שווערן פּאַק האָט ער זיך אַנטקעגנגעשטעלט.

ווייל אַ קלאַנג,
אויף טויזנט מייל,
אַ הילכיקן קלאַנג,
אַ פריילעך געזאַנג,

האָבן זיינע אויערן פאַרנומען
ווען מ אָ ר ג ן וואָס וועט ה יי נ ט נאָך קומען...

האָט ער צום לעבן געגלוסט —
ווען אַפילו אָנטקעגנצושטעלן זיין ברוסט,
אַבי נאָר דעם פאַק, אָ, דעם שווערן!
אויף שטענדיק צו קאָנען פאַרשטויסן.

ער האָט דעם פאַק זיך אַנטקעגנגעשטעלט
אַזוי ווי אַ גבור, אַ העלד.

***

און ווי די מעשה אונדז דערציילט
איז אויף צווייען די וועלט געווען צעטיילט:
אויף אַ פאַלשע
און אַן אמתע.
אין דער פאַלשער וועלט האָבן געלעבט
געציילטע,
אויסדערוויילטע.
יענע לייט...
און אין דער אמתער וועלט
האָבן אַלע
געלעבט אַז אָך און וויי,
און אַן אַ שוץ!

האָט פון דער אַנדערער טייל וועלט זיך געלאָזן צו יענער טייל וועלט... צו יענע לייט אַן אַלטער און אַ יונגער. זיי האָבן געוואָלט ברענגען האָב און גאָב פאַר זייערע מיטמענטשן. אָבער ווי באַלד זיי זיינען אַהין געקומען —

— האַלט!

דער אַלטער האָט גענומען בעטן, האָבן יענע לייט געענטפערט:

— באַלד...

און דער יונגער האָט שוין געוואָלט נעמען מיט געוואַלד, — האָבן יענע צונויפגענומען דאָס גאַנצע בייז אין איין פאַק און דעם שווערן פאַק צו זיי געשליידערט, און זיי צעוווּנדיקט. דעם אַלטן צעוווּנדיקט און נאָך מערער דערנידעריקט,

צו שפּאָט אים געמאַכט,
פּאַר אַ בעטלער געמאַכט.

און דעם יונגן צעוווּנדיקט, אָבער נישט אָפּגעשטעלט זיין גאַנג

אין הילכיקן קלאַנג
און פריילעכן געזאַנג

און יענע לייט האָבן נישט אָפּגעשטעלט זיין גאַנג.

אַ ווּנד, אַ ווּנד און נאָך אַ ווּנד,
און לעבן האָט זיך אים געגלוסט.
אַ ווּנד, אַ ווּנד און נאָך אַ ווּנד
און נישט פאַרהוילן זיין העלדן־ברוסט — — —

**
*

וואָס געוואָרן איז מיט יענע לייט? מיט זייער האָב־און גוטס? צי האָבן דערנאָך אַלע דערפון געהאַט אַ נוץ?

און וואָס עס איז געוואָרן מיט דעם שווערן פּאַק? צי האָט מען אים געגעבן אַ צעהאַק און אַ צעקנאַק?

וואָס עס איז געשען מיטן אַלטן און מיטן יונגן? וואָס?... און וואָס?..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער מעשה ווערט נישט דערציילט,
צי די ווונדן זיינען געוואָרן פאַרהיילט...
און ווען די ווונדן וועלן זיך פאַרהיילן, —
וועט מען די מעשה אין פריידן דערציילן...

1930.

# אין מיטן העלן טאָג

הערט, איך בעט אייך,
הערט, אַ גרויסע קלאָג
וואָס האָט אַמאָל פּאַסירט
אין מיטן העלן טאָג.

די מאַמע, מיטן גאָפּל פון דער קיך,
דער טאַטע, אין איין זאָק, אין איין שוך,
זענען שנעל אַריין צו זייער עטעלען
און ביי דער טיר געבליבן שטיין —
און אין איין קול, אין איין געשריי:
— עטעלע! וואָס איז דאָס געווין!?

און עטעלע
ביים בעטעלע
שטייט און וויינט,
שטייט און וויינט:
— אוי, וויי אי מיר! —
שטאַרקער נאָך ווי פריִער.

שטייט די מאַמע, מיטן גאָפּל אין דער האַנט,
שטייט דערשראָקן, ווייסער ווי די וואַנט.
— עטעלע, וואָס איז דיר? וואָס איז דאָ געשען?
און דער טאַטע נאָך דער מאַמען,
און דער נאָך דעם ערשט צוזאַמען:
— קינד לעבן, וואָס איז דיר? וואָס איז דאָ געשען?

און עטעלע
ביים בעטעלע
איז שוין ברוין און בלוי,

און צעכליפּעט זיך נאָך מער:
— אוי־וי, וויי־אַי מי־ייר,
ני־שטאָ־אָ, ני־ישטאָ־אָ!

— עטעלע, וו אָ ס נישטאָ
— קינד לעבן, וו ע ר נישטאָ?
נעמט דער טאַטע קוקט און זוכט,
דערזעט די קאַץ ער, שעלט ער פֿלוכט.
אפשר יענץ, אפשר דאָס —
ווער קען וויסן ווער און וואָס!

קוקט און זוכט דער טאַטע,
קוקט און זוכט די מאַמע,
און די קאַץ מיט זיי צוזאַמען.
נאָר די קאַץ קוקט און זוכט,
קוקט און זוכט, ביז זי טרעפט,
וואָס זי האָט אַליין פֿאַרשלעפּט.

און ס'האָט די קאַץ געטאָן אַ כאַפּ
אין מויל אַריין אַ קליינע ליאַלקע
און עטעלען צוריק געבראַכט.
האָט דאָס עטעלע דערזען,
האָט זי עס געטאָן אַ כאַפּ
און אין געוויין זיך צעלאַכט.

און שוין,
שוין נאָך דער גרויסער קלאָג,
זי שטראַלט שוין, ווי די זון
אין מיטן העלן טאָג.

.1937

# אונטער יאַנקעלעס וויגעלע

א.

...אונטער יאַנקעלעס וויגעלע
שטייט אַ קלאָר־ווייס ציגעלע,
דאָס ציגעלע...
אַ־אַ־אַ...
אַ־אַ־אַ...
ליו־ליו־ליו... —

האָט די מאַמע אין מיטן זינגען ווי איבערגעהאַקט.
יאַנקעלע איז געלעגן אין וויגעלע און מיטן ציגעלע צוגעקנאַקט, און אַנט־שלאָפן געוואָרן.
האָט די מאַמע אויפגעהערט צוצוזינגען, און זי איז אַוועק פונעם וויגעלע.
האָט יאַנקעלע זיך אַ דריי געטון און האָט דערזען דאָס ציגעלע.
און ער האָט אַ קנאַק געטון מיטן צינגעלע:
— דו ביסט אויך אַ יינגעלע?
— ניין, איך בין אַ ציגעלע, — האָט עס געענטפערט פון אונטערן וויגעלע.
האָט יאַנקעלע אויפגעעפנט דאָס מיילעכל:
— גיב זשע מיר אַ ראָזשינקע,
גיב זשע מיר אַ מאַנדל!
האָט דאָס ציגעלע זיך צעמעקעט:
— „מע־ע־ע... מע־ע־ע...
נישט אַזוי־אָ גייט דער האַנדל...”
האָט יאַנקעלע נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס ציגעלע מיינט, האָט ער זיך צעוויינט:
— ראָזשינקעס מיט מאַנדלען... איך וויל ראָזשינקעס מיט מאַנדלען...
איז דאָס ציגעלע אַפיר פון אונטערן וויגעלע, און אָנגענומען יאַנקעלען ביים הענטעלע און אַוועקגעפירט פון דעם ווענטעלע, ווו דאָס וויגעלע איז געשטאַנען.

און יאַנקעלע איז אַוועק מיטן ציגעלע, דאָרט אַהין, ווי עס זינגט זיך דאָס לידעלע וואָס ער האָט געהערט פון זיין מאַמען:

„דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען...״

ב.

איז יאַנקעלע געקומען אין אַ דאָרף אַריין, האָט ער באַגעגנט אַ פּויער:
— מענטש, ווי גייט דיר,
זיס צי זויער?
— מענטש, אַ פרייד מיר,
מיר, דעם פּויער!
פרײַ און פריד —
איך זיי און שנייד,
איז מיר ליב
יעדע צייט.

אָבער דאָס ציגעלע פון אונטער יאַנקעלעס וויגעלע איז דאָך געפאָרן ה אַ נ ד ל ע ן.... איז יאַנקעלע אַוועק פונעם פּויער, און זיך אַנידערגעשטעלט ביים טויער, און ער האָט גענומען האַנדלען —

„ראָזשינקעס מיט מאַנדלען
איז אַ גוטע סחורה...״
און יאַנקעלע האָט געהאַנדלט
און געלערנט תורה... — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

איז יאַנקעלע געקומען אין שטאָט אַריין, האָט ער באַגעגנט אַ שוסטער:

— מענטש, ווי גייט עס
פרעגט ער באַלד.
— זומער — וואַרעם,
ווינטער — קאַלט —

שפּאַסט דער שוסטער, ווייזט אים גיך, ווי גוט ער מאַכט די נייע שיך.
און פונעם שוסטער צו אַ שניידער, צו אַ סטאָליאַר, צו אַ בעקער און אַזוי ווייטער
גייט ער, שטייט ער... גייט און גייט און באַגעגנט פריד און פרייד.

האָבן זיך צו אים נאָך נישט צוגעקלעפּט די אַלע רייד, וואָרעם דאָס ציגעלע פון אונטער יאַנקעלעס וויגעלע איז דאָך געפאָרן האַנדלען... — — —

— — — — — — — — — — — — —

אַזוי איז יאַנקעלע געפאָרן פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט און איז געבליבן דער נאַר אויסן באַד...

פון דעם גאַנצן האַנדל־וואַנדל איז געוואָרן אַ וואַסער... און יאַנקעלע איז, אַ נאַסער, געבליבן אויפן וואַסער. אַן ערד אונטער די פיס, אַן הימל איבערן קאָפּ... מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, און געטראָגן פון ווינט, כאַטש לויף, כאַטש יאָג און לויף!

און האָט ער זיך געוואָלט אָנשפּאַרן אָן אַ וואַנט, איז זי איינגעפאַלן אונטער דער האַנט...

האָט ער געוואָלט אַוועקשאַרן פון וועג אַ שטיינדל, איז עס אויסגעוואַקסן צו אַ מויער...

און ער האָט אָנגעהויבן דערפילן זיין טרויער.

און יאַנקעלע האָט געהאַנדלט
און געלערנט תורה... —

ער האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין אין וואָס דאָ גייט, און עס האָבן זיך גענומען צוקלעפּן צו אים זיינע ברידער גאָדל און דאָדל, פּיניע און דיניע, דער גרינער און דער בלויער, דער ווייסער און דער גרויער... —

יאַנקעלע האָט אַוועקגעוואָרפן די ראָזשינקעס מיט די מאַנדלען, איז אַן אַנדערן זיך פאַרוואַנדלען — צו ווערן איינער פון זיי.

און ער האָט געגעבן צום ציגעלע אַ געשריי:

— פאַרוואָס האָסטו מיך גלייך נישט געפירט צו זיי?!

— „מע־מע־מע... מע־מע־מע... —

האָט זיך צעמעקעט דאָס ציגעלע —

פאַל נישט אַרויס פונעם וויגעלע...“ — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

**ג.**

— ווי איז דער מאַמען! — האָט זיין מאַמע אַ געשריי געטון. — וואָס האָט עפּעס אַ פּראַל געטון! און אַ קוויטש!

און זי איז אײַן אין איין אָטעם צו צום וויגעלע, צו איר יאַנקעלען.

— וואָס איז געשען, יאַנקעלע, ווי איז דער מאַמען!

אין ווײַגעלע האָט זי אים נישט געטראָפן. ער איז געלעגן אונטערן ווײַגעלע
ער האָט געזוכט דאָס ציגעלע...
די מאַמע האָט אים אַפּירגענומען, אײַנגענומען, פאַרשפּילט און אים צו־
געזונגען:
„אונטער יאַנקעלעס ווײַגעלע" .

1930.

# אַ ייִנגעלע, וואָס האָט געהייסן מלך

אַמאָל איז געווען אַ מעשה.
די מעשה איז אַ ביסל טרויעריק
און אַ ביסל פֿריילעך.
די מעשה הייבט זיך אָן
מיט אַ ייִנגעלע
וואָס האָט געהייסן מלך.

און ווען מלך איז נאָך געווען אַ קליינטשיקער, האָט מען אים גערופֿן מלכל, און מלכל האָט געהאַט אַ חברטע, וואָס האָט געהייסן מלכהלע.

און מלכל מיט מלכהלען זיינען געווען פֿון איין שטאָט, האָבן געוווינט אין איין הויז, און ביידע זיינען געגאַנגען אין איין שול.

און מלכל מיט מלכהלען זיינען געגאַנגען גלייך אָנגעטאָן, זיינען געווען גלייך הויך און ברייט און האָבן געהאַט אַן ענלעכן אויסזען אַז מע האָט זיי גרינג געקענט פֿאַרבייטן איינס פֿאַר דאָס אַנדערע.

און נישט אַזוי אַ נ ד ע ר ע האָבן געקענט זיי פֿאַרבייטן, נאָר אַפֿילו זיי אַליין האָבן זיך נישט איין מאָל פֿאַרביטן.

נישט איין מאָל האָט געטראָפֿן, אַז מע זאָל רופֿן מלכלען און ס׳זאָל זיך אָנרופֿן מלכהלע און פֿאַרקערט, אַז מע זאָל רופֿן מלכהלען, און ס׳זאָל זיך אָנרופֿן מלכל.

— מלכל־מלכהלע, מלכהלע־מלכל, — פֿלעגן קינדערלעך אויסקוויטשען און צעזינגען זיך אויף זייערע קוויטשענדיקע קינדישע קולעכלעך, ווי נאָר מלכל און מלכהלע פֿלעגן זיך באַווייזן צווישן זיי.

די קינדערלעך פֿלעגן זיי אויפֿנעמען מיט באָמבאָנעס, שטיקעלעך שאָקאָלאַד און אַנדערע זיסע זאַכן און זיך שפּילן מיט זיי און זינגען:

— מלכל־מלכהלע, מלכהלע־מלכל — און האָבן זיי זייער ליב געהאַט, ווייל ביידע זיינען געווען גלייך שיין און גוט און ווויל ווי די וועלט.

און מלכל מיט מלכהלען פֿלעגן זיך אָנקוקן און ליבלעך שמייכלען און אָנקוועלן ווי די קינדערלעך האָבן זיי ליב און זינגען אַזוי שיין:

— מלכל־מלכהלע, מלכהלע־מלכל!

---

געוויינט האָבן זיי לעבן אַ קליין טייכעלע. אַ קליינס און אַ ריינס פון שפּיגל און קרישטאָל, ווו די זון פלעגט זיך שפּיגלען און צירן, פאַרקעמען און צעקעמען אירע צעפלאָסענע האָר...

און ביים קלענסטן ווינטעלע, פלעגט דאָס קליינע טייכל זיך טון אַ וויג און פון קרישטאָלענעם שפּיגל זיינען געוואָרן אומצאָליקע שפּיגעלעך, אין וועלכע ס'האָבן זיך געשפּיגלט און געצירט אומצאָליקע זונען. געשפּיגלט און געצירט, פאַרקעמט און צעקעמט זייערע צעפלאָסענע האָר.

און אין אַלע פאַרטאָגן — אין זוניקע טעג — פאַר זון־אויפגאַנג, פלעגן מלכל מיט מלכהלען זיך אויפכאַפּן פון שלאָף און אַרויסגיין אין גאַס, מיט אויסגעוואַשענע אייגעלעך, און זוכן און נישטערן פון וואַנען, ווו־אַרום און ווי אַזוי די זון גייט־אויף.

זיי פלעגן זיך באַגעגענען מיט אַ זיסן שמייכל און זוכן און נישטערן, זיך איינהערן אינעם געקוואַקעריי פון די קאַטשקעלעך, וואָס האָבן זיך געבאָדן, גע־שווומען און געפּליעסקעט אינעם קליינעם טייכל, וואָס האָט זיך געוויגט האַרט ביי זייער וווינונג.

— „קוואַ־קוואַ־קוואַ־קוואַ־קוואַ“,

און

— „קוואַ־קוואַ־קוואַ!“

און מלכל מיט מלכהלען האָבן זיך אַזוי איינגעהערט, זיך צוגעשאַרט נענטער צום טייכל. ציגעשאַרט און זיך אָנגעקוקט און ליבלעך געשמייכלט און אָנגעקוואָלן פון די קאַטשקעלעך. און איידער וואָס, און איידער ווען, האָבן זיי פאַרשפּעטיקט צו זען פון וואַנען, ווו־אַרום און ווי אַזוי די זון גייט־אויף. איי־דער וואָס און איידער ווען האָבן זיי, קוקנדיק אין טייכל, דערזען ווי די זון לאַכט צו זיי און ביים קלענסטן ווינטעלע האָט דאָס קליינע טייכל זיך נאָך אַ וויג־געטון, און פון קרישטאָלענעם שפּיגל איז געוואָרן אומצאָליקע שפּיגע־לעך, אין וועלכע ס'האָבן זיך געשפּיגלט און געצירט אומצאָליקע זונען. געשפּיגלט און געצירט, פאַרקעמט און צעקעמט זייערע צעפלאָסענע האָר.

---

אַזוי פלעגט געשען כמעט יעדן פאַרטאָג. און מלכל מיט מלכהלען פלעגן זיך אָפּשמועסן, אַז אויף מאָרגן וועלן זיי שוין בעסער אָפּהיטן, בעסער אַכטונג געבן, צו זען דעם זון־אויפגאַנג, אָבער דעם אַנדערן טאָג האָט ווידער געטראָפן דאָס זעלביקע.

דערפאַר אָבער, אין אַלע פאַרנאַכטן — אין זוניקע טעג — אין אַלע פאַר־

נאַכטן פלעגן זיי גוט אָפּהיטן צו זען דעם זון־אונטערגאַנג און זייער אָפּט איז דאָס זיי געלונגען.

אין אַזוינע פאַרנאַכטן, פאַר זון־אונטערגאַנג, האָבן זיי שוין געהאַט גע־מאַכט זייערע אויפגאַבעס, אָפּגעגעסן און היידאַ, אַוועק צום קליינעם טייכל.

און דאָרט ביים קליינעם טייכל, איז געווען אַ הויכער באַרג, און ביי דעם הויכן באַרג האָט געוואַקסן אַ צווייגהאָפּטיקער בוים, אַ הויכער ברייט־פאַר־צווייגטער בוים.

פלעגן זיי קלעטערן אויפן באַרג, און פונעם באַרג אויפן בוים, און פונעם בוים אויפן באַרג, און צוריק אויפן בוים, און צוריק אויפן באַרג, און ווידער דאָס זעלבע, ביז זיי זיינען געוואָרן אָפּגעמוטשעט, און מידע אַוועקגעפאַלן אויפן באַרג, און גענומען זיך דערציילן שיינע מעשהלעך, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעהערט פון זייערע באַבעס.

און אַזוי האָבן זיי פאַרבראַכט ביז די זון פלעגט אונטערגיין, און דער הימל האָט זיך אָנגעצונדן ווי אַ העליש פייער.

און זיי פלעגן קוקן צום הימל, און זיי פלעגן קוקן צום טייכל, און עס פלעגט זיי שטאַרק באַנג־טון וואָס די זון פאַרשווינדט אי פונעם הימל און אי פונעם טייכל...

— שוין,

— נישטאָ,

— פאַרשווונדן,

— אונטערגעגאַנגען.

— נישטאָ...

און זייערע הערצעלעך זיינען געוואָרן אָנגעפולט מיט בענקשאַפט.

---

אַזוי האָט זיך געפירט אַ לאַנגע צייט, און מלכלען איז וואָס אַ מאָל אַלץ מער אַ שאָד געווען וואָס די זון פאַרשווינדט. ב יי ד ע זונען, פונעם הימל און פונעם טייכל, און ער האָט זיך ווי פאַרלייגט, זיי נישט צו לאָזן אונטערגיין.

— זאָל כאָטש א יי נ ע בלייבן אויף שטענדיק, כאָטש א יי נ ע!

און ער האָט ביי זיך באַשלאָסן: מילא, צום הימל קען ער נישט דערלאַנגען, צו דער זון אין הימל קען ער נישט געפינען קיין עצה, קיין מיטל. אָבער צו דער זון אין טייכל, אָ, ניין! זי וועט ער נישט לאָזן פאַרשווינדן, פאַר קיין פאַל נישט, זי וועט ער פאַרהאַלטן מיט גוואַלד!

און אין אַ שיינעם פאַרנאַכט, ווען ער מיט מלכהלען זיינען שוין מיד גע־וואָרן פונעם קלעטערן און שפּרינגען און האָבן זיך דערציילט מעשהלעך אויפן

הויכן באַרג; די זון האָט שוין געהאַלטן ביי אונטערגיין, מלכהלע האָט נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט דאָס שיינע מעשהלע, וואָס איר באַבע האָט איר מיט אַ טאָג פריִער דערציילט, פונקט ווען מלכהלע האָט געפלאָמט דערציילנדיק, איז מיט אַ מאָל, זי קוקט זיך אַרום: מלכל איז נישטאָ!

— מלכל, מלכל!

אָבער קיינער ענטפערט נישט, קיינער רופט זיך נישט אָן.

— מלכל, מלכל, מלכל, מלכל!!! — נעמט זי שוין שרייען אויף אַ קול:

— מ ל כ ל ! ! !

און אומזיסט, נישטאָ קיין ענטפער. זי האָט זיך גוט אַרומגעקוקט און אים נישט געזען, און זי האָט גענומען, אַ דערשראָקענע, אַראָפּקריכן פונעם באַרג. און קריכנדיק, הערט זי ווי עס בולבעט עפּעס אין טייכל, זי גיט אַ קוק, אַ קינד טרינקט זיך. יאָ, מלכל, מלכל טרינקט זיך.

— מלכל... גוואַלד... מלכל... געוואַלד! געוואַלד! געוואַלד!!!

ביז אויף אירע געוואַלדן זיינען אָנגעלאָפן דערוואַקסענע מענטשן וואָס האָבן מלכלען אַרויסגעשלעפּט אַ נאַסן, אָן אויסגעווייקטן.

---

מלכל איז אָפּגעלעגן עטלעכע וואָכן און ער איז געזונט געוואָרן. נאָר חברה קינדערלעך, ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז מלכל איז אַריינגעשפּרונגען אין טייכל צו פאַרהאַלטן די זון, האָט זיך עס אָפּגעטון אויף טיש און אויף בענק, און זיי האָבן שוין אָפּגעוואַרט מיט אומגעדולד, אַז ער זאָל שוין אין גאַנצן געזונט ווערן און קומען אין שול אַריין. און ווען זיי האָבן שוין דערלעבט די מינוט, אַז ער זאָל קומען, האָבן זיי אים אַרומגערינגלט און אים אויפגעזונגען:

„אַמאָל איז געווען אַ מעשה,<br>
די מעשה איז אַ ביסל טרויעריק<br>
און אַ ביסל פריילעך.<br>
די מעשה הייבט זיך אָן<br>
מיט אַ יִינגעלע,<br>
וואָס האָט געהייסן מלך...“

1928.

# וישב

לז. און יעקב איז געזעסן אין דעם לאַנד פון זיין פאָטערס וווינשאַפט, אין לאַנד כנען, שטיל און פיין, בכבוד און געשווינט, ו י ש ב — און ער איז געזעסן, געוווינט.

און דער שענקער איז געזעסן — שוין אַנדערש געזעסן! — נאָר מע האָט אים צוריק באַלוינט.

און דער בעקער איז געזעסן, האָט ער געקנאָטן אַ טייגל און געלעגן אין דרערד און געבאַקן בייגל.

און יוסף איז געזעסן און געשטוינט. יוסף איז געזעסן, נאָר ס'האָט זיך אים געלוינט.

דאָס איז די געשיכטע פון יעקבן:

יוסף איז ביי זיבעצן יאָר געווען אַ פאַסטוך מיט אַ לאַנגער בייטש און גע־בייטשט — און אַ טייטש איז געטייטשט — ער איז געווען אַ יינגל מיט אַ שפּי־ציק צינגל, ער האָט געערדט בייזע רייד אויף זיינע ברידער פאַרן פאָטער, אַז זיי דראַפּען זיך ווי אַ קאַץ מיט אַ קאָטער. און ס'האָט זיך אָנגעצויגן אַ בלאָטער.

דערצו האָט ישראל ליב געהאַט יוספן מער פון אַלע זין, ווייל ער איז אים געבוירן געוואָרן אויף דער עלטער, און ער האָט אים געמאַכט אַ געשטרייפט העמדל. און יוסף האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרשטעלטער, און ער האָט געטאַנצט און געזונגען לידלעך. און זיינע ברידער האָבן אים פיינט געקריגן און נישט געקענט ריידן צו אים פרידלעך.

און יוספן האָט זיך געחלומט אַ חלום און ער האָט אים דערציילט זיינע ברידער: — מיר בינדן אַזוי גאַרבן אין פעלד, ערשט מיין גאַרב האָט זיך אויפ־געשטעלט, און אָט, אייערע גאַרבן האָבן זיך אַרומגעשטעלט, און צו מיין גאַרב זיך געבוקט.

האָבן זיינע ברידער צו אים געזאָגט: קיניגן ווילסטו קיניגן איבער אונדז? און זיי האָבן אויף אים ברוגז געקוקט.

און יוספן האָט זיך ווידער געחלומט, און ער האָט זיינע ברידער ווידער דערציילט: — ערשט די זון און די לבנה און די עלף שטערן בוקן זיך צו מיר.

האָט זיין פאָטער אויף אים אָנגעשריגן: — וואָס איז עס מיט דיר? זאָל איך און דיין מוטער און דיינע ברידער גאָר קומען זיך בוקן צו דיר?

און דער חלום האָט נישט געפירט צו קיין שלום: ס׳איז געווען, ווען יוסף איז געקומען אין פעלד צו זיינע ברידער, האָבן זיי זיך גענומען אָפּרעכענען מיט אים פאַר זיינע לידער. פאַר זיינע חלומות. זיי האָבן געטון מיט אים, וואָס ס׳איז נישט שיין, וואָס ס׳איז נישט רעכט. זיי האָבן אים אויסגעטאָן דאָס געשטרייפּטע העמדל און אים פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט. און דאָס העמדל האָבן זיי אַוועקגע־שיקט צו זייער פאָטער, און געלאָזט זאָגן, אַז זיי האָבן עס געפונען. האָט יעקב גענומען קלאָגן: אַ בייזע חיה האָט יוספן אויפגעגעסן! — און ער האָט געהאַלטן אין איין טרויערן און קלאָגן, און נישט געקענט אין אים פאַרגעסן.

לח. און ס׳איז געווען אין יענער צייט, האָט יהודה געטראַכט, אַז ס׳איז נישט רעכט צו טראַכטן, אַז יענער איז שלעכט. און ס׳איז נישט רעכט צו טראַכטן, צו חלומען אין די נעכט, אַליין צו זיין אַ קעניג און יענער — אַ קנעכט. און דאָס וואָס יוסף האָט עס דערציילט, האָט ער געטון שלעכט. און וואָס די ברידער האָבן אים פאַרקויפט, האָבן זיי געטון שלעכט — ער זאָל דאַרפן זיין אין דער פרעמד אין די פינצטערע נעכט.

לט. און יוסף איז אַראָפּגענידערט געוואָרן קיין מצרים. — מ׳האָט אים גע־פירט נאָך טיפער. און ס׳האָט אים אָפּגעקויפט פּרעהס אַ הויף־דינער — פּוטיפר, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן פיפער, און נישט געקענט קיין ציפער.

און יוספן האָט באַנג געטון וואָס ער איז געוואָרן צעשיידט. און ער האָט חרטה געהאַט אויף זיינע בייזע באַרימערישע רייד. און גאָט איז געווען מיט יוספן, און ער איז געווען אַ באַגליקטער, אַ פעיקער, אַ געשיקטער. און ער איז ביי פּוטיפרן געוואָרן דער גאַנצער מאַכער, אַלץ צו יוספן: דערצייל אים און פרעג אים, גיב אים און מאָן אים. און יוסף איז געווען שיין אויפן געשטאַלט און שיין אויפן פּנים.

און ס׳איז געווען נאָך די דאָזיקע געשעענישן, האָט פּוטיפרס ווייב פאַר־דרייט פאַרדרייענישן, און זי האָט וועגן יוספן גערעדט צו איר מאַן, אַזוי צו זאָגן: — דעם קנעכט דעם עברי האָסטו איבערגעגעבן אַלצדינג, און אַז איך האָב באַפוילן דעם יונג, ער זאָל טון אַ טאַנץ און אַ שפּרונג, האָט ער מיר אַרויסגע־שטעלט די צונג. איך האָב גערעדט און גערעדט, און ער האָט געמאַכט פון מיר געשפעט, און נאָך די רייד, האָט ער מיר געוואָרפן זיין קלייד.

און פּוטיפר האָט נישט געוווּסט, אַז פאַלש זיינען אירע רייד, האָט ער יוספן אַריינגעזעצט אין געפענגעניש. נאָר אויך דער האַר פון געפענגעניש האָט

יוסף געמאַכט פאַר אַן עלטסטן, וואָס עפּעס האָט ער צו אים געשיקט. און וואָס יוסף האָט געטון, האָט גאָט אים באַגליקט.

**ט.** און פּרעה האָט געצאָרנט אויף זיינע צוויי הויף־דינער, אויפן שענקער און אויפן בעקער, וואָס איינער איז געווען אַ נאַשער און דער צווייטער אַ לע־קער. איינער איז געווען אויסגעפרעסן, און דער אַנדערער איינגעדאַרט. און ער האָט זיי אַריינגעזעצט אין געפענגעניש, דאָרט ווו יוסף איז געווען איינגעשפּאַרט.

און אין איין נאַכט האָט זיך זיי געחלומט אַ חלום, זייביידן, דעם שענקער און דעם בעקער — איינעם, אַז ער איז געוואָרן אַ זעגער, און דעם אַנדערן, אַז ער איז געוואָרן אַ העקער. און יוסף האָט געזען ווי זיי זיינען צעטראָגן, האָט ער זיי געזאָגט, זיי זאָלן אים זאָגן, וואָס זיי זיינען צעטראָגן.

האָט דער שענקער דערציילט, אַז אים האָט זיך געחלומט, אַז ער האָט גע־האַט אַ פּעלער: נאַשן מעג ער, האָט מען אים אַראָפּגעוואָרפן אין אַ קעלער און געמאַכט פאַר אַ זעגער, האָט ער געזעגט און געזעגט און גאָרנישט נישט אָנגע־זעגט. האָט מען אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ בלעכער און שיקן אויף די דעכער, האָט פּרעה געזאָגט, אַז נישט קיין זעגער און נישט קיין בלעכער, נאָר ער זאָל דערלאַנגען דעם בעכער.

און דער בעקער האָט דערציילט זיין חלום: אַז פאַרן באַקן האָט ער גענומען דעם אויוון צעהאַקן, האָט מען צו אים געשריגן, אַז ער איז אַ העקער, נישט קיין בעקער.

און יוסף האָט זיי פּותר געווען — דעם שענקער, אַז מע וועט אים שענקען, און דעם בעקער, אַז מע וועט נאָך אים נישט בענקען.

און אַזוי איז טאַקע געוואָרן: דער בעקער איז געזעסן, געקנאָטן אַ טייגל און געלעגן אין דרערד און געבאַקן בייגל. און דער שענקער איז געזעסן און מע האָט אים צוריק באַלוינט, ווי ער איז געווען געוווינט. און יוסף איז געזעסן און גע־זעסן — נאָר ס׳האָט זיך אים געלוינט.

1930.

# עקב

עקב — דערפֿאַר — האָט משה געזאָגט צו ישראל — דערפֿאַר וואָס דו וועסט נישט זיין קיין נאַר און דו וועסט נישט קיין מורא האָבן, אַז דיין פֿיינט איז גרעסער פֿון דיר, איז מער פֿון דיר, נייערט דו וועסט דיך שטעלן קעגן אים מיט אַ שטאַרקן מוט און אַ זיכערקייט אין האַרצן, וועסטו אים דאָס פּנים פֿאַרשוואַרצן, גאָט וועט געבן דיינע פֿיינט אין דיין האַנט און דו וועסט זיצן זיכער אין דיין לאַנד.

---

ח. און וויסן זאָלסטו וויסן, אַז נישט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש, נייערט אויף אַלץ וואָס קומט אַרויס פֿון גאָטס מויל לעבט דער מענטש.

---

האָבן די קינדער זיך אַ כאַפּ געטון מיט אַ פֿרייד:
אוודאי! ברויט און אַ קלייד.
און אַ נאַש טון — מע פֿאַרשטייט.
און פֿון שפּילעכער, איז נישט קיין רייד.

---

און לערנען זיך און זיך שפּילן.
און שפּרינגען אין וואַסער אין קילן.
און קלעטערן אויף בערג.
און אַראָפּלאָזן זיך אין טאָל.

---

אַ לאַנד פֿון ווייץ און גערשטן און וויינשטאָקן און פֿייגן און מילגרוימען, אַ לאַנד פֿון איילבירטן און האָניק — דאָס לאַנד פֿון ישראל.

און דערמאָנען האָט משה געטון דערמאָנען די קינדער פֿון ישראל אין דער מעשה פֿון די פֿייערדיקע שלאַנגען, האָט איין קינד זיך אָנגערופֿן, אַז ער קען מאַכן פּאַפּירענע שלאַנגען, ביזן הימל צו דערלאַנגען.

און פֿרעגן האָט משה זיי גענומען פֿרעגן, צי זיי געדענקען די מעשה מיטן מן, האָבן אַ סך קינדער געענטפֿערט, אַז יאָ און איין קינד האָט זיך אָנגערופֿן, אַז ער קען קרייען ווי אַ האָן.

---

**ט.** און די קינדער האָבן יענץ קינד געוואָלט אָוועקשטופּן, ווייל אומעטום רופט ער זיך אָן — וואָס איז ער עפּעס אַריין אין דער מיט, אַז ער קען קרייען ווי אַ האָן?

נאָר יענץ קינד האָט זיך נישט געלאָזט רירן פון אָרט, ווי אַ באַרג, אַזוי איז עס געווען פעסט און שטאַרק.

און אַ צווייט קינד האָט זיך אָנגערופן, אַז ער קען נישט פאַרגעסן, ווי משה איז אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג צו נעמען די שטיינערנע לוחות, ער קען נישט פאַרגעסן, ווי משה איז געבליבן אויפן באַרג פערציק טעג און פערציק נעכט, אומגעטרונקען און אומגעגעסן.

און די מעשה איז ערשט האַלב — דערנאָך קומט דאָס געגאָסענע קאַלב, ווי אַ סך זיינען פאַרנאַרישט געוואָרן, ווי זיי וואָלטן אויף פיר פיס געקראָכן, און משה האָט די לוחות צעבראָכן.

---

**י.** אין יענער צייט איז משה נאָכאַמאָל אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג און אַראָפּגענידערט מיט די אַנדערע צוויי לוחות, מיט די צען געבאָט, פון גאָט. און ער האָט די לוחות אַריינגעטון אין אָרון. און ס'האָט זיך ווייטער אָנגעהויבן דאָס ציִען, דאָס פאָרן.

---

**יא.** און אין דעם גאַנג האָבן די קינדער געזונגען אַ געזאַנג, ווי זיי וועט גוט זיין אין זייער לאַנד.

---

פרידן אויף נאָענט און ווייט.
און רעגן אין צייט.
און תבואה און ווייַנען און אייל.
און קיינעם נישט פאַרטיילט.

---

פאַר יעדערנס אַרבעט,
פאַר יעדערנס מי,
און גראָזן אין פעלד
גענוג פאַר די פי.

---

און קיינער וועט נישט אָנפאַלן
אויף דעם דאָזיקן לאַנד.
און קיינער וועט נישט אויפהייבן
אויף ישראל זיין האַנט.

1930.

# פון „איוב"

## (פראַגמענט פון פערטן אַקט)

ביי איובן: אין אַן אַלט אָרעם געצעלט, איוב זייער פאַרענדערט, קוים צו דערקענען, אַז ער איז עס. די האָר פונעם קאָפּ, טיילווייז אויך פון דער באָרד — ווי אויסגעפליקט און אויסגעקראָכן, ס׳איז קענטיק, אַז דאָס לייב זיינס איז קרעציק. — איוב געפינט זיך אין אַש, האַלב זיצנדיק, האַלב אָנגעלענט, האַלטנדיק אַ שאַרבן, מיט וועלכן ער קראַצט, צייטנווייז, זיין צעווייטיקט און פאַרוואונדעט לייב. — א ל י פ ז, ב ל ד ד און צ ו פ ר זיצן שטיל שמועסנדיק צווישן זיך, אַז איוב זאָל נישט הערן. — זייערע קליידער זענען צעריסן אין צייכן פון טרויער. זייערע געזיכטער זיינען אַביסל פאַרענדערט, אויס מיטלייד צו איובן.

### אליפז

ווייל אַלעם איז געהיטן און באַשיצט
פון זיינס אַ בליק און ס׳טוט זיך נישט אָפּ זיין אויג...

### בלדד

און סטרעפּט זיך, אַז אַ פאָטער טרייבט
אַוועק פון זיך, זיין טייער קינד,
סע זאָל פאַראומערט און געפּלאָגט
זיך ערגעץ וואַלגערן אין מיסט,
פון פרעמדע פיס געטרעטן ווערן,
כדי ס׳זאָל וויסן אָפּצושאַצן
דאָס גוטסקייט פונעם ליבן פאָטער!...
און ווייל דעם קינד, ווען ס׳וויל פאַרשטיין דאָס,
נעמט צוריק דער פאָטער ס׳קינד צו זיך
און דאַן ערשט פילט דאָס קינד אַ ג ר ו י ס ן
געשמאַק אין גוטן פונעם לעבן!... — — —
און ווי, ווען ס׳וויל פאַרשטיין פאַרקערט...
פון פרעמדע פיס געטרעטן ווערט עס!

## צופר

און ס'טרעפט זיך, אַז אַ פּאַטער לויבט
זיין זון און שלאָגט אים כאָטש ר'איז גוט,
נאָר מיינענדיק דערביי: סע זאָל
אַ צווייטער זען, ווי ס'ווינט זיין זון
און זוכט נאָך וואָס אַזוינס ער האָט
פאַרשולדיקט קעגן גוטן פאָטער,
ווייל ער האָט אָנערקענט פון לאַנג
דעם פאָטער זיינעם פאַר אַ גוטן!
דאַן ווערט געגרויסט דעם פאָטערס כבוד —
און אַז דער זון פאַרטראָגט מיט צאָרן
דעם פאָטערס שלאָגן און פאַרשעמט אים,
פאַרטרייבט דער פאָטער אים צו פרעמדע
און טאָפּל איז דאָס ליידן פונעם פּ אָ ט ע ר !...

## אליפז

און הערט אַ חלום כ'האָב געהאַט! —
אַ ציטערניש, אַ בייזע מורא,
ווען איך דערמאָן מיך נאָר אין דעם!
און כ'האָב פאַרהוילן פונעם זעאונג,
איך זאָל פאַרהיטן אייער לייב
פון ציטערנישן און פון גרויל
און אייער הארצן פון אַ טויט-שרעק,
נאָר ווייל מיין זעאונג האָט דערגרייכט
צום דריטן מאָל און איינס נאָך איינס,
דערמידעט מיך די שווייגעניש! — :
ווען מיינע אויגן פאַלן צו,
דערהער איך שרעקלעכע געשרייען
און יאָמערלעכע מאַטער-קרעכצן
און ס'פירט מיך אַ געשטאַלט אַוועק,
ווו ס'איז קיין אָטעמדיקס נישטאָ,
נאָר שווארצע וואָלקנס, בייזע שאָטנס,
אַז ווען דאָס זונען-שיין-געשטאַלט

איז נישט — אין רעכטער זייט — מיט מיר,
דערשטיקט אין מיר, פֿאַר שרעק, מיין אָטעם!
נאָר כ׳וועל גענלעט פֿון דעם געשטאַלט
און רויִק ווערט אין מיר מיין הארץ,
פֿאַרנעמט מיין אויער ביטער שרייען
און שטילע טיפֿע ראַנגל-זיפֿצן... —
איך ווער געפּירט און איך דערזע:
אַ שיין געשטאַלט פֿון מענטשן-מין,
אַן אָדם-זון, אַ נאַקעטער,
צווישן ווערעם און בייזע שלאַנגען,
אַ גרויסער וואָלקן באַדעקט זיין קערפּער,
אַ בראַנדיק פֿייער איז אַרום
און ווי אַ פֿייערדיקע האַנט,
איז אויסגעשטרעקט צו אים פֿון צפֿון,
און שלאָגט אים אָן דערבאַרעמקייט! —
און אין דער צווייטער זייט, איז „ליכט",
בריליאַנטנדיקע ליכטיקייט
פֿון טויזנט זונען אויסגעהאַפּט,
אַרום דער ליכטיקייט פֿון אונטן
אַ פֿאַרכטיק-שטיל אַ האַרציק-זיס געזאַנג —
און פּלוצים פֿליט אַ גרויסער שטערן
פֿון צפֿון-זייט צו „ליכט" און רופֿט:
„וואָס איז אַזוינס דער מענטש,
אַז דו זאָלסט אים געדענקען!?..." —
פֿאַרשעמט און אונטערטעניק הערט זיך
פֿון דער בריליאַנטנדיקער „ליכט":
„פֿאַרוואָס?... אַך ווי, פֿאַרוואָס!!!... —
אַ שוואַרצער שלייער ווערט פֿאַרצויגן
און ס׳שלאָגט אַלץ מער די האַנט פֿון צפֿון
און ס׳טוט זיך אָפּ דאָס זון-געשטאַלט
און כ׳פֿאַל אין בלויזע פֿינצטערניש
און הערנדיק פֿאַרשעמט, פֿאַרביטערט:
„פֿאַרוואָס?... אַך ווי, פֿאַרוואָס!..."
דערוואַך איך! — — —

(אליפז, בלדד און צופר ווי צעמישט.)

### אליפז

(נאָך אַ ווײַלע, אָפּסאַפּענדיק.)

און יעדע נאַכט גענוי דאָס זעלבע!

### איוב

**(רעדט שטיל, ווי צו זיך. אליפז, בלדד און צופר הערן זיך איין אויפמערקזאַם.)**

די נאָענטסטע נאָענטקייט איז דאָך ווייט!...
אַ מאָל איז ווייטסטע ווייטקייט — נאָענט!...
די קלאָר־אַנטפּלעקונג איז פאַרבאָרגן...
און ס׳טרעפט זיך, אַז פאַרבאָרגנסטע
פאַרבאָרגעניש, איז קלאָר אַנטפּלעקט!...

— — — — — — — — — — — — — —

פאַראַנען העלדן דרייערליי:
פאַלט־אָן זיין פיינט און זיגט, — אַ העלד!
ווער ס׳לאָזט זיין פיינט נישט צו, — אַ העלד!
און איינער פאַלט אין שונאס האַנט
און טוט נישט דעם באַפעל פון שונא

— — — — — — — — — — — — — —

**(ס׳איז צו מערקן, אַז איוב האָט נישט־ווילנדיק איבער, וועגן זיינע שרעקלעכע שמערצן, וועלכע האָבן זיך פלוצים געשטאַרקט. — אליפז, בלדד און צופר בלייבן** מאַט און מיד. — פויזע.)

### אליפז

דערצוויגן אין אַ צייט אָן טעג
און אין אַ לאַנד אָן זונען־שטראַל —
אַזוי איז אונדזער זיצן דאָ!
שוין זיבן טעג און זיבן נעכט
אַזוי פאַרגאַנגען מיד און טריב
פון ווען מיר זיצן אָט־אָ־דאָ,
פון זינט מיר זיינען — הערנדיק
פון זיין צרעת — געקומען טרייסטן!
און ווי פאַרשלאָסן ז׳אונדזער מויל
צו אים קיין טרייסט־וואָרט נישט צו ריידן!

## בלדד

ווי קענען מיר געפינען ווערטער,
ווען ס׳איז די ווייטיק פאַר די אויגן?
ווי קען דאָס מויל זיך עפענען
פאַר אים צו ריידן, ווען ער לעכצט
נאָך ווייטיקלאָזע אָטעם-צו?

## צופר

און ווען ס׳זאָל אונדזער שטאַרקער מוט
אַדורכגעוועבט מיט חוצפּה זיין,
און ווען ס׳זאָל צום רייכסטן
דער שפּראַך-קוואַל אונדזערער, צו טרייסטן,
וועט דאָס קיין טרייסטונג אים נישט ברענגען,
ווייל אין אַלע זיבן טעג
און זיבן נעכט, אַזוי אויך איצט,
פאַרמערט זיך זיין צרעת
און ס׳ענדערט זיך צום שלעכטן!

## איוב

(ווי פריער)

ס׳איז גרויס דאָס ליידן פונעם העלד,
וואָס מאַכט אַן איבערפאַל זיין פיינט!...
ס׳איז גרעסער ס׳ליידן פונעם העלד,
וואָס לאָזט צו זיך זיין פיינט נישט צו!...
און ליידן, ליידט דער העלד,
וואָס איז אין שונאס האַנט געבונדן
און טוט נישט נאָך דעם שונאס ווילן...
דער לעצטער אַך, דער לעצטער ליידט!

— — — — — — — — — — — — — —

(אליפז, בלדד און צפור רעדן שטיל, צווישן זיך. — סיטיס קומט אַריין פאַר־ווײנט, זעט אויס זייער שלעכט.)

## סיטיס

**און דאָ ווי דאָרט, קאַ רו צו האָבן!**

(**אליפז, בלדד** און **צפור** הערן זי באַדויערנדיק אויס. סיטיס זיך זעצנדיק לעבן **א. ב. צ.**)

דאָרט קלאָגט אילהוא, קלאָגט און וויינט,
אַ טרערן־טייך פאַרוויקט זיין פעל!
און דאָ, אַ בייזע מרה־שחורה,
אַ שרעק פון יעדן ווינקעלע,
ווייל אַלעם קלאָגט און אַלעם וויינט
און אַלעם טרויערט און דערציילט
פון דעם „אַמאָל”..., פון דעם „אַמאָל”...
און ווי, ווי ס'האָט זיך אַלץ געענדערט,
פאַרביטן איז געוואָרן אַלצדינג! —
אַמאָל, אַמאָל, ווען ס'פלעגט זיך טרעפן,
אַז כ'בין אַליין געבליבן זיצן,
איז, איידער כ'האָב נאָך אָנגעהויבן
צו פילן עפּעס שלעכטס, פון לאַנגווייל,
שוין האָבן פייגל צוגעזונגען
און כ'בין געוואָרן דורכגעדרונגען
מיט קינדישע צופרידנקייט!
און ס'האָט זיך דאַן מיר אויסגעוויזן
אַז גאָטס געבענטשטע טאָכטער בין איך,
אַז גאָט האָט זיי צו מיר געשיקט,
צו זינגען מיר, מיך אויפצומונטערן!
און היינט, —
ווען ס'איז פאַרביטערט מיין געמיט,
ווען ס'איז צעבראָכן מיר דאָס האַרץ —
ז'נישטאָ פאַר מיר קיין טרייסטונג!
סע קלאָגן־מיט, מיט מיר די ווינקלען
און ס'שלאָגט פון אַלץ אַ טרויעריקייט,
ווי גאָט זאָל האָבן אָנגעשיקט
צו קוועלן מיך מיט שרעק און טרויער!
און מאַך איך נאָר די אויגן צו,
דאַן שטייט פאַר מיר דער לעצטער טאָג,

דער לעצטער פון די פריידנס-טעג!
און וויי און ווינד און וויי און ווינד!
(זי ווײנט.)
און דאַן דאָס גוטע שפּעטערדיקע! — — —
און אַכצן זונען האָבן טריב
פאַרברענגט מיט מיר און טריב פאַרשווינדן
און ס'האָבן אַכצן שוואַרצע נעכט
געצויגן זיך ווי דורות-לאַנג,
זייט ד'ערשטע צרה איז געקומען,
ווען אַלץ איז טויט און אַש געוואָרן!
און ווייניק נאָך איז דאָס געווען,
איז ער געוואָרן פול מיט קרעץ
און וויי נאָך וויי און שרעק אויף שרעק!
ווי טשוועקעס ווערן מיינע האָר,
ווען ס'קומט דער גרויסער שוואַרצער וואָלקן,
וואָס ברענגט מיט זיך דעם שטורעמווינט,
נאָך וועלכן איוב בלייבט ווי טויט
און ס'ווערט פאַרביטן זיין צרעת! —
אַזוי שוין גאַנצע זיבן טעג
און וואָס אַמאָל אַלץ שלעכט און שלעכטער!
— — — — — — — — — — — — — —
(זי ווײנט.)
אַזוי אַן איבערקערעניש!
וואָס שטענדיק פלעגט דאָ פריילעך זיין,
איז היינט דערשלאָגן און פאַרשטומט!
אויך איר, די גרויסע ריידעוודיקע,
האָט נישט קיין ווערטער פאַר אַ טרייסטונג —

## איוב

(געפינענדיק זיך אין געוואַלטיקע יסורים, ווערט כמעט ווי משוגע; **זיך ראַנגלענדיק מיט די ווייען**, וועלכע באַפאַלן אים איצט פלוצים, אויף **גאַר אַ מוראדיקן** אופן — קרעכצט, נישט־ווילנדיק, ווילד אַרויס:)

אוי, אוי וויי!
(באַהערשט זיך, און קומט־צו־זיך — נאָך אַ ווײלע)
ע־ע, גאָרנישט... גאָרנישט... גאָרנישט!...

— — — — — — — — — — — — — —
ווען ס׳ברענט... גייט־אויף אַ רויך...
מע לאָזט דעם רויך נישט גיין...
פאַרלעשט זיך אוים דאָס פייער! — — —
— — — — — — — — — — — — — —

(ס׳איז צו מערקן, אַז סיטיס האָט איובס לעצטע ווערטער נישט פאַרשטאַנען.
אליפז, בלדד און צופר פאַרשטענדיקן זיך מימיש, וועגן איובס רייד.)

## סיטיס

דער ערשטער וויי־אויסשריי,
אין זיינע ליידן־טעג!
(זי ענדערט איר טאָן, געווענדט צו איובן.)
דו מאַטערסט זיך און פייניקסט
און האָסט באַליידיקט מיך,
ווען כ׳האָב מיין ראָט געגעבן:
„דו לעסטער גאָט און שטאַרב!"

## איוב

אין הימל־הויכקייט ווערט פאַרשווינדן
דער ערדישער געדיכטער רויך...
און זונען־שטראַל באַלייכט די ערד...
באַדאַרף די ערד — באַדאַנקען זיך
און לויבן גאָט פאַר זיין גענאָד — — —
דעם רויך אין זיך אַליין דערשטיקן!...

(ס׳רייסט זיך אַריין עלנטער, רעדנדיק הויך. אַלע אויסער איוב, שטעלן זיך ראַש
אויף און באַטראַכטנדיק אים רירן זיי זיך נישט פון די ערטער.)

## עלנטער

איך קום אַהער שוין וויפל מאָל
און שטענדיק בין איך דאָ מיט אייך!...
וואָס איז? וואָס קוקט איר בלינדערהייט!?
איר קוקט און איר דערקענט מיך נישט!
צי האָט איר נישט געהערט אַמאָל

דערציילן מיינע גרויסע ווונדער —
— פאַרוואָס־זשע שטייט איר ווי פאַרקאָוועט?
צי האָט איר נישט אַליין מיט שטאָלצקייט
באַרימט זיך, אַז איר קענט און ווייסט
— פון אַלע מיינע ווונדער־וועגן?
פאַרוואָס־זשע זענט איר ווי פאַרגליווערט?
— איר קוקט און איר דערקענט מיך נישט!
אַהאַ, סע האָבן צייטן אַנדערע,
פאַרשוואַרצטע און פאַרוויסטע,
פאַרביטן מיר דעם נאָמען!...
ס'איז רעכט, ס'איז רעכט און בלייבט פאַרשוויגן
און הערט אַ מעשה פון אַ מלך,
וואָס האָט געהאַט פיל שלעכטע קינדער,
נאָר איינעם, איינעם גאָר אַ גוטן
— און ס'האָט דעם קעניגס עלסטן קנעכט
וואָס קען זיין האַר פון קינדהייטס־יאָרן...
פאַרדראָסן אויף דעם גוטן זון
און ר'האָט פיל בייז גערעדט אויף אים
און ס'האָט דער האַר פאַרשיקט זיין זון,
פאַרשיקט זיין גוטן ווייט פון זיך
און ס'איז דער זון, דער גוטער זון,
געפאַנגען אין אַ שלעכטנס לאַגער,
פאַרלאָזט דער קעניג זיינע אַלע
און מאַכט זיך אַ געפאַנגען־אויסזע,
צו קענען קומען צו זיין זון...
— און אַז דער זון פאַרשטייט דאָס אַלץ

## איוב

(געפינענדיק זיך אין שרעקלעכע שמערצן, האָט ער נישט געהערט עלנטערס ווערטער. נישט קענענדיק זיך איינהאַלטן פון די יסורים, קרעכצט ער ביטער אַרויס.)

אוי, אוי וויי!!!

## איוב

(באַרויִקט זיך, סאָפּעט שווער. — נאָך אַ ווײַלע.)

ניין-ניין, גאָרנישט... גאָרנישט....
גאָרנישט!...

## סיטיס

(ענדערנדיק איר פּאָזע, צו אליפז, בלדד און צופר.)

אַ שוואַכע בין איך אויסצוהערן, —
דער אַלטער איז צעדולד, צעמישט

(אליפז, בלדד, צופר ענדערן זייער פּאָזע.)

און אָנגעזאָפּט מיט גרויסע ווייטיק,
פאַרגרעסערט ער נאָך אונדזער קלאָג!
און קומט אַהין אין ביימער-שאָטן,
אליהוא האָט געדראָשן זאַנגען
און כ'האָב געמאַכט אַ שפּייז פאַר אייך! —
און לאָמיר איילן גרייט צו זיין,
אליהוא האָט דערציילט, אַז ר'האָט
אין גאַס אַ פרעמדן אָנגעטראָפן,
וואָס רימט זיך פאַר אַ גרויסן היילער
און ס'קען דער היילער אָנקומען!

(סיטיס, אליפז, בלדד און צופר גייען אָפּ דורך דעם אויס- און איינגאַנג אין הינטער גרונט, פון ווו סיטיס איז אַריינגעקומען. — אליפז שטעלט זיך אָפּ און באַטראַכט עלנטערן. בלדד און צופר אונטער אליפזעס איינפלוס, טוען דאָס זעלבע. אַלע, אַ חוץ עלנטער און איוב, אָפּ.)

## עלנטער

(אַ טריט נעענטער צו איובן.)

איך בין ביי דיר שוין וויפל מאָל
און שטענדיק בין איך דאָ מיט דיר
און אין דיין האַרצן איז מיין וווינונג
און אין דיין אויג בין איך אַ פרעמדער!
און כ'האָב גערעדט פיל רייד פאַר דיר,

פון װעלכע װאָלסט געקענט פאַרשטײן,
נאָר ביזט געװען פאַרטאָן אין װאָס!
דורכדעם פאַרפעסטיק דיך און הער,
און מײנע זאָג, זײ זײנען הײליק
און כ׳װעל אויף קלאָר דיר אַלץ אַנטפּלעקן

(פון צפון־זײט קומט אַרײַן דער הײלער, מיט פאַרשידענע גראָזן און פלעשלעך.
— עלנטער און איוב זעען אים נישט.)

## עלנטער

ס׳איז דאָ דער היטער אומעטום...
און טרויעריק דאָ און טרויעריק דאָרט...
אַ מרה־שחורה אומעטום

(אָפּגײענדיק)

און דאָ װי דאָרט און דאָרט װי דאָ!...

(אָפּ)

(דער הײלער גײט צו נאָענט צו איובן. איוב קוקט אויף אים, װאָס אַמאָל אַנגעשטרענגטער, װעלנדיק װאָס לעזן פון אים)

1926,

# פון „רות״

(אָנהייב פון צווייטן אַקט)

**אויפן וועג וואָס פירט פון מואָב קיין ביתלחם, יהודה. ערפּה, רות, נעמי — פאַר־אָרעמט, פאַרעלטערט און דערשלאָגן. רות און ערפּה זינגען זיך אונטער אַ טרויעריקס. נעמי פאַרקלעמט. לאַנגע פויזע. ביז דאָס זינגען פאַרלירט זיך פאַמעלעך.**

## דער אורח

באַווייזנדיק זיך

און ס׳איז די וועלט צעטיילט, צעברעקלט.
די טיילן גייען דורך גלגולים.
אַ טייל באַהעפט זיך מיט אַ טייל,
איז קלענער דער גלגולים־גאַנג...

**רות און נעמי גייען זיך אַנטקעגן איינע דער אַנדערער, נעמען זיך אַרום, שליסן זיך פעסט צונויף, ווערן ווי איין געשטאַלט.**

## דער אורח

און ס׳וועט דער גאַנג נאָך זייער לאַנג געדויערן,
ביז אַלע טיילן וועלן זיך באַהעפטן!...

**דער אורח ווערט נעלם. נעמי און רות ענדערן זייער פּאָזע. נעמי לאָזט זיך אַראָפּ, זעצט זיך אויף אַ שטיין. ערפּה דערנענטערט זיך צו רותן, ביידע זינגען זיך אונטער ווי פריִער.**

## נעמי

פּרוּווט איבעררהאַקן זייער אונטערזינגען.

טעכטער מיינע, שוין גענוג!

**רות און ערפּה הערן נישט נעמיס רייד, האַקן זיי נישט איבער זייער אינטערזינגען.**

## נעמי

נאָך אַ ווײַלע.

טעכטער מײַנע, ביז ווי לאַנג?!
ס'איז אַ שאָד נאָר אײַער טרויער,
קבר נעמט אַוועק אויף אײביק.

רות און ערפּה הערן אײַנציקווײַז אויף אונטערזיפֿגען. אײניקע טענער רײַסן זיך נאָך אַרויס — פֿון צײַט צו צײַט.

## נעמי

אלימלך איז אין קבר
נישט קיין גוטער, ווי בײַם לעבן...
וויניק אים געווען צו פֿוילן,
מיטגעשלעפּט נאָך מחלון, כליון, —
פֿוילן דאָרטן אַלע דרײַ,
לײַדן מיר דאָ אַלע דרײַ.

## ערפּה

און הער מיך: ווען ער האָט פֿאַרנומען
אַלע קערנער, אַלע זאַנגען
און אַוועק פֿון לאַנד, פֿון היים —
פֿאַרלאָזן זײַנע ברידער —,
האָבן זיי זיך אײַנגעזאַמלט
און געצאָרנט און געצאָרנט!
אָנגעגורט זיך און באַוואָפֿנט
נאָכגעיאָגט און נאָכגעיאָגט! —
איז נישט פֿון ז ײ ע ר ה אַ נ ט געוואָרן
אָפּגענומען זײער האָב?
איז נישט פֿון ז ײ ע ר ה אַ נ ט געפֿאַלן
אלימלך, מחלון, כליון? — — —
מוטער נעמי, האָסט געפֿאָלגט אים
און געגאַנגען פֿון בית-לחם
דאָ אַהער קיין מואב,
אויסצוגײן פֿון הונגער!
צו באַגראָבן בײדע יונגען! —

## נעמי

**אויסכאַפּנדיק די רייד**

טאָכטער ערפּה, ווייסט דאָך אַנדערש!
כ'האָב געבעטן זיך ביי אים:
עפן אויף דעם שייער,
זעטיק־אָן די הונגעריקע!
כ'האָב אים צו פאַרשטיין געגעבן:
גיי נישט איצט אַוועק פון דאַנען,
ווען אַ הונגער איז אין לאַנד —
ברידער־טרערן זענען שווערע,
פאַלן זיי אויף אונדזער קאָפּ,
ווערט פאַרמשפּט אונדזער לעבן,
אויף צו מוטשען זיך און שטאַרבן! —
און ס'האָט גאָט געשיקט די שטראָף.

## ערפּה

אָנגעגורט זיך און באַוואָפנט,
נאָכגעיאָגט און נאָכגעיאָגט!

## רות

מוטער נעמי, אַלץ איז וואָר! —
צו פאַרלאָזן זיינע ברידער,
ווען זיי זענען אין אַ נויט,
אָנצופילן זיך דעם בויך,
ווען דער צווייטער לעכצט נאָך ברויט
און אַנטלויפן ערגעץ־ווו,
זיך אַליין נאָר צו באַשיצן,
איז די גרעסטע זינד! —
נאָר דיין גאָט, ער איז אַ גוטער,
אַ דערבאַרעמדיקער פאָטער,
וועט ער טרייסטן דיך אַצינדער!

### נעמי

אַ ייִד נאַר, מואבס שענסטע טעכטער,
וועט ער טרייסטן! — אָבער מיך?
אַלט בין איך און מיד פון צרות,
כ׳וועל קיין קינדער מער נישט האָבן
און קיין זכר וועט נישט בלייבן.

נעמי בלייבט ווי פאַרגליווערט. רות און ערפה הויבן־אָן, איינציקווייז, אונטערזינגען דאָס זעלבע וואָס פריִער.

### דער אורח

באַווייזנדיק זיך

נישטאָ קיין זאַך וואָס גייט פאַרלוירן! — —
אַ יעדעס איז פאַר זיך אַ רינג,
און אַלץ אינאיינעם איז אַ קייט.
אַ קייט, וואָס וועט דאָס בייזע בינדן,
ווען אַלע רינגען וועלן זיין באַנאַנד...
סע פאַלן רינגען אָן אַ צאָל,
זיי בלייבן אָבער נישט פאַרלוירן,
אַ יעדער קוילערט זיך און קוילערט
און ווערט ווי פריִער צוגעטשעפּעט —
— — — — — — — — — — — — — — —
דאָס פאַרלוירענע ווערט ניי געבוירן!

דער אורח ווערט נעלם.

### ערפה

און קיין זכר האָט קיין האַפט נישט,
ווייל אויף אייביק איז קיין קראַפט נישט —
צייט פאַרשלינגט, צייט פאַרשלינגט.

### נעמי

ענדערנדיק איר פּאָזע.

טעכטער, היים דאָ, זייער היים!

רות און ערפה הערן איינציקווייז אויף אונטערצוזינגען. ס׳באַווייזט זיך אלימלך: אָפּגעפליקט און אָפּגעריסן, גרוי, טעמפּ, די אויגן ווי אויסגעלאָשן, אַ טויט־קאַלט־קייט שלאָגט פון אים.

## אלימלך

דערפילט דעם אורח דאָ און אייך —

## נעמי

טעכטער, קומט אין בוימער־שאָטן!

נעמי גייט אָפּ, נאָך איר רות און ערפּה — אונטערזינגענדיק. נאָך זייער פאַר־שווינדן, פאַרלירט זיך דאָס אונטערזינגען. אלימלך שטרעקט אויס נאָך זיי די הענט, מאַכט אַ שפּאַן, בלייבט פאַרגליווערט, גלאָצט אויסגעלאָשן.

## אלימלך

היים און קאַלט און פונקען פליִען,
שוואַרצע בילדער פאַר די אויגן
און אַ גוף מיט טויזנט אויגן
שיקט צו מיר זיין פייער־האַנט,
שטרעקט־זיך־אויס צו מיר און וואַרגט... —
כאָרכל איך און פּרוּוו זיך ראַנגלען,
און דער אָטעם ווערט דערשטיקט!... — — —
גרייט מען שוין אַ נייע וווינונג,
גראָבט מען שוין אַ גרוב פאַר מיר —
איז דער גרוב שוין אויסגעגראָבן,
לייגט מען מיך אַהין אַריין
און די טרערן פון באַוויינען
מאַכן ווייכער מיר די ערד. —
קבר איז צו מיר גאַנץ פריינטלעך,
הילט מיך איין אין ווייכע אָרעם. — — —

פויזע.

ווי די ערד מיט אירע וווינער
ווערן נאָר געוואָר דערפון,
אַז כ'פאַרבלייב שוין דאָרט מיט זיי, —
קריגן זיך מיט מיר די וווינער:
איך פאַרשטינק אומזיסט די ערד.
קבר טראָגט אַרויס אַ פּסק:
זיי דאָס פלייש און מיר די ביינער. — — —
מיין איך שוין סע קומט דער סוף,

יאָגן־אָן אַזוינע בייזע,
ציִען מיך אַרוים פון קבר,
און זיי שלעפּן מיך אַרום,
ווי אַ בלאָטע, ווי אַ בלאָטע!
און דער עלצטער גיט אַ היק:
איך זאָל בלאָנקען אינעם עולם,
זען דעם טויט פון מיינע יונגען
און די שטראָף פאַר מיין פאַרברעכן!

פויזע.

זען די מחנה אָנגעגורט,
וואָס יאָגט מיר נאָך און יאָגט מיר נאָך,
זען די האַנט פון טויזנט הענט,
וואָס נעמט זיך אָפּ דאָס גאַנצע האָב!
זען די האַנט פון טויזנט הענט,
וואָס מאַכט אַ סוף צו מיר, אַ סוף! —
זען דעם אָנקום פון מיין אומקום!

— — — — — — — — — — — — — — — —

בלאָנקע איך אַרום, אַרום,
און געפין נישט קיין מנוחה! —
נעמט עס טראָגט עס מיך אַהער,
פילן מענטשן מיין געשטאַנק:
פויל־געערוך מיט ווערים־ריח,
לויפן זיי פון מיר אַוועק.
טרייבט עס מיך אַריין אין קבר,
לאָזט מיך קבר נישט אַריין.
בלאָנקע איך אַרום, אַרום,
און געפין נישט קיין מנוחה! — — —

ער מאַכט עטלעכע שפּאַן און קוקט זיך אַרום — אויסגעלאָשן.

דער זכרון לעבט אין מיר
און דערמאָנט מיר מיין פאַרברעכן,
און דאָס מוטשעט מיך און מוטשעט!!

שפּילנדיק, זינגענדיק, טאַנצנדיק — באַווייזן זיך די שפּיל־מיידן, זינג־מיידן, טאַנץ־מיידן.

### אלימלך

טו דיך אָפּ פון מיר, זכרון!
ווי, טו דיך אָפּ פון מיר! —

### זינג-מיידן

אַרום אלימלכן.

העי, געטאַנצט אַרום, אַ ראָד,
מענטשן-ווייען, שוין דערעסן...
שפּילן, זינגען, טאַנצן, הוליען,
זיך איינגאַנצן צו פאַרגעסן!

מעג די גאַנצע וועלט זיך טרינקען,
אין אַ ים פון נויט און פּיין,
איז געהוליעט און געהוליעט,
מ אָ ר ג ן וואָס וועט זיין, וועט זיין! —

קומען מוז דער בייזער סוף
און פאַרשלינגען קליין און גרויס,
איז אַ שאָד אַ יעדע רגע,
באַלד, אָט באַלד שוין לעשט מען אויס!

העי, געטאַנצט אַרום, אַ ראָד,
מענטשן-ווייען, שוין דערעסן...
שפּילן, זינגען, טאַנצן, הוליען,
זיך איינגאַנצן צו פאַרגעסן!

### אלימלך

מעק דיך אָפּ, זכרון!
ווי, פאַרשווינדט פון מיר!

שפּיל־מיידן, זינג־מיידן, טאַנץ־מיידן ווערן נעלם.

### אלימלך

אַ־אַ־אַך„ ווי דאָס קוועלט און פּלאָגט מיך!
כ'בין אין מיינע זינד נישט שולדיק,

ס׳האָט דאָס בייזע מיך באַצווונגען,
כ׳בין געוועזן אומבאַהאָלפן,
אומבאַהאָלפן ווי אַצינד. —
ווידער, ווידער דער זכרון!

די מחנה, וואָס אין ערשטן אַקט, באַווייזט זיך — פאַלן מיטן פנים צו דרערד.

### אלימלך

ווי צעמישט.

פע, בוקן זיך איז מיאוס!
בוקן זיך איז מיאוס!

### די מחנה

אויפשטייענדיק.

אלימלך, גרויסער האַר!
מיר ווערלן דיינע דינער זיין,
דערבאַרעם זיך אויף אונדז
און גיב אונדז ברויט, מיר הונגערן —

### אלימלך

ווי צעמישט

שווייגן, בעטן איז דאָך מיאוס!
קומט, איך עפן אויף דעם שייער,
ווער סע וויל, זאָל קומען עסן,
און פאַר אַלטע, קראַנקע וועגן,
טראָג איך אָפּ אַהיים.
ווי אַנדערש? איר אַליין, איר אַלע
האָט דאָך אָנגעפילט דעם שייער...

לאַנגע פויזע.

וואָס־זשע איז מיט אייך, מיט מיר?
וואָס־זשע שטייט איר אויף די ערטער?
קומט, איך עפן אויף דעם שייער,
פריי וועט זיין פאַר יעדן, קומט!

אלימלך, רופנדיק: „קומט״, לאָזט זיך שפאַנען און פאַלט. פון אַלע זייטע הערט זיך לציש אויסכיכען. די מחנה ווערט נעלם. נאָך אַ ווײַלע באַווייזט זיך דער אורח.

## דער אורח

אויף קבר־קאַלטע, מענטשן־ביינער,
אַרויפגעצויגן ווערט אַ הויט,
אַן אָטעם ווערט אַריינגעבלאָזן,
אַ חיות ווערט אַריינגעגעבן —
אַ חיות אומצוגיין אַ טויטער!

אלימלך שטייט־אויף, טעמפּ.

## דער אורח

אין אויגן אויסגעלאָשענע
אַ פייער צינד זיך אָן און לייכט!
אין טויטן מוח פלאַטערט־אויף
זכרון און דערמאָנט, דערמאָנט,
און ס׳ווערט פאַרומערט און פאַרביטערט
דאָס נ י ש ט - ז יי ע נ ד י ק ע ז יי ן...

## אלימלך

איין מינוט איז גוט געוועזן,
איין מינוט געהאַט מנוחה —
איין מינוט אין אַלץ פאַרגעסן! —
ווידער איז אין מיר אַ כח,
ווידער איז נישטאָ קיין רו —
ווידער מאַטערט דער זכרון!... —

דערזעט דעם אורח, רייסט ער אויף די אויגן, ציטערט אויף.

טוסט מיר ווי, אַזוי פיל ווי,
כאָטש דו ביסט דאָס גוטס אַליין!
אַלע טיילן פון דער וועלט
שליסן־צו די רחמים־טויערן, —
אַלע טיילן פון דער וועלט
זענען פול אַכזריות!

## דער אורח

מיין הארץ איז פול רחמנות! —
איך וואָלט געוואָלט דערלייזן אַלע,
אַפילו די וואָס זענען בייזע!

און יעדער ווײ, וואָס קומט פון מיר,
פאַרוווּנדעט מיר מײַן גאַנצן גוף
און מאַכט אַ פלעק אויף מײַן נשמה...

אַ יעדער ווײ, וואָס קומט פון מיר,
צערײַסט מײַן האַרץ אויף טויזנט שטיקער
און וואַרפט אַראָפּ מײַן זעל אין אָפּגרונט...

די ווייען קומען אויף די מענטשן
און טרעפן זיי אין ס אַ מ ע מ י ט
און סמען־אָפּ די בעסטע צײַט.

און כ׳וואָלט געוואָלט דעם מענטש דערלייזן
אַצינד, אַצינד שוין, נאָר איך קאָן נישט
אַ ר ו י ס פ ו ן מ ײַ נ ע ד׳ א מ ו ת....

## אלימלך

אורח, אורח, אויכעט דו!
אַלע, אַלע אומבאַהאָלפן...

**אַ גרויס געטומל פון הינטער די קוליסן, ווי פון אַ גרויסער אויפגעהעצטער מאַסע, פון מאָל צו מאָל שטאַרקער.**

## יונגע דינערן

**פון הינטער די קוליסן.**

הויך און שטאָלץ הייבט אויף דעם קאָפּ,
זעט איר אָן דעם שיינעם סוף!

**זי לויפט דורך, פאַרפלאָמט, צעהיצט. אַ ווײַלע דערנאָך לויפט אַזוי אויך דורך דער יונגער דינער.**

## יונגער דינער

**פון הינטער די קוליסן.**

אַ מוט, אַ מוט, אַ פעסטער מוט
און אַ זיכערקייט אין האַרצן!

**דאָס געטומל פון הינטער די קוליסן ווערט ווײַטער, ווײַטער און פאַרלירט זיך. פויזע.**

## דער אורח

אפשר, אפשר וועט אַ זוי־אַ
אומבאַהאָלפנקייט פאַרשווינדן?...

דער אורח ווערט נעלם. פון הינטער די קוליסן הערט זיך אונטערזינגען ווי אין אָנהייב אַקט. אלימלך מאַכט אַ שפּאַן פאָרויס.

### אלימלך

„וועט אומבאַהאָלפנקייט פאַרשווינדן"...
אלימלך ווערט נעלם. ס'קומען־אָן רות, נעמי און ערפּה.

### ערפּה

אָנקומענדיק.

ווי אומבאַהאָלפן, אומבאַהאָלפן!
מיר זיצן מיט פאַרלייגטע הענט
און גאָרנישט, מאַכן נישט קיין שפּאַן,
וועט אומבאַהאָלפנקייט פאַרשווינדן?

### נעמי

טאָכטער ערפּה איז גערעכט,
נאָך פון ווען מיר זיצן דאָ!

### ערפּה

אָט דער וועג, וואָס פירט אַהער דאָ,
פון בית-לחם-יהודה — איז פאַרוואַקסן!
וואָס-זשע שיקן מיר די בליקן,
וואָס-זשע קוקן מיר אַרויס?

### רות

מוטער נעמי וויל אַהין,
אפשר קומט נאָך ווער פון דאָרט?
אפשר, אפשר, קומט נאָך ווער,
צו ברענגען מיר אַ גוטע בשורה
פון מיין פאָלק, פון מיין לאַנד!

## ערפּה

ס׳איז אומזיסט נאָר אונדזער וואַרטן,
קיינער גייט נישט פון בית־לחם —

## נעמי

רעדט מען דאָך אין מואבס פעלד, אַז:
„גאָט געדענקט זיין פאָלק ישראל,
ס׳וועט קיין הונגער מער נישט זיין״. — — —
וואַרטן מיר נאָך צו אַ ביסל,
זאָל די זון אַזוי נישט ברענען,
גיי איך קיין בית־לחם
ווען אַפילו קיינער זאָל נישט קומען. — — —
שווער איז מיר זיך אָפּצושיידן,
נאָר איך מוז, איך מוז אַהין,
צו מיין פאָלק, צו מיין לאַנד!
איינגעבאַקן מיר אין האַרצן
בלייבט איר ביז מיין לעצטן אָטעם!
הערט־זשע, טעכטער, אויף צו טרויערן,
קערט זיך אום צו אייער מוטערס הויז,
און דער גאָט פון מיינע עלטערן
זאָל טון מיט אייך גענאָד,
ווי איר, טעכטער, האָט געטון
מיט די טויטע און מיט מיר!
גאָט זאָל געבן אייך אַ רואונג
צו געפינען אין מאַנס הויז —
זיי קושן זיך און וויינען.

1926.

# דער תליון

## (דראַמאַטישע פּאָעמע אין דריי אַקטן)

### פון דעם ערשטן אַקט

ביים תלין אין שטוב: אַ שרייבטיש, אַ סאָפע, אַ וויגשטול, אַ פּיאַנאָ און אַ גרויסע ביכער־שראַנק מיט ביכער. אויף דער זעלביקער וואַנט הענגט אַ רעוואָלווער. אין דער לינקער זייט — אין ווינקל — דאָס פּאַרזעניש: אַן אויסגעצערטער גוף מיט גרויסע לעכצנדיקע אויגן, אַ צונויפשמעלצונג פון זכר און נקבה. די פיס געפּענטעט, די הענט געקאָוועט אויף אַהינטער.

איידער דער פּאָרהאַנג הייבט זיך אויף הערט זיך שפּילן שאָפּענס טרויערמאַרש. ביי די לעצטע טענער עפנט זיך פּאַמעלעך דער פּאָרהאַנג. דאָס פּאַרזעעניש, לעבן דער פּיאַנאָ, דעם קאָפּ געבוקט. מאַכט (אַ סימבאָלישע געשטאַלט), שטייט מיט געשפּרייטע הענט — אין איין האַנט אַ חתימה און די צווייטע האַנט איבערן קאָפּ פון פּאַרזעעניש. אַנטקעגן — פון איין זייט — דער יונג און הינטער אים שטייט דער איינער מיט אַ שווערד. פון דער צווייטער זייט, דער דינער. ווען דער פּאָרהאַנג איז שוין אין גאַנצן געעפנט, לאָזט זיך דער יונג מיט אויסגעשטרעקטע הענט צום פּאַרזעעניש. הינטער דעם יונג, שפּאַן נאָך שפּאַן, דער איינער מיט דער שווערד.

דער תליון (קומט אָן מיט אַ צייטונג אין האַנט).

#### תליון

אָרעמע מענטשהייט,
אָרעמע מענטשהייט!

זעצט זיך אַוועק אויפן וויגשטול, לייענט פּאַראינטערעסירט.

#### פּאַרזעעניש

אָרעמע מענטשהייט,
אָרעמע מענטשהייט!

#### תליון

רייסט איבער דאָס לייענען.

ווער עס נעמט זיך אָן פאַר דיר,

אָרעמע מענטשהייט,
ווער ס'איז דיין פאַרזאָרגער!
ער לייענט ווי פריער.

פאַרזעעניש

ווער עס נעמט זיך אָן פאַר דיר,
ווער ס'איז דיין פאַרזאָרגער...

תליון

ווי ער וואַלט אַרויסגעלייענט פון דער צייטונג:

גלייכבאַרעכטיקונג... — אַנטוואָפענונג... — באַפרייונג... —
אין נאָמען פון גערעכטיקייט... — לטובת דער מענטשהייט!...

פאַרזעעניש

לטובת דער מענטשהייט...

תליון

פּאַרטיי־דיסציפּלין... —
פאַרשיקן... —
איזאָלירן... —
אָנהאַלטן די אָרדענונג... —
לטובת דער מענטשהייט!... — — —

פאַרזעעניש

לטובת דער מענטשהייט...

תליון

כע־כע־כע, נישט אומזיסט,
אָרעמע מענטשהייט,
ביזט אַ פאַרזעעניש!
ער נעמט פאַרויכערן אַ ציגאַר.

## פאַרזעעניש

א פאַרזעעניש...

דער תליון רויכערט נערוועזש, פון הינטער די קוליסן אַ פלוצימדיקער גערויש. דורך די פענצטער, אין הינטערגרונט, זעט מען דורכלויפן צייטונגס־פאַרקויפערס, וואָס רופן אויס זייער סחורה:

— „עקסטרע בלאַט",
„אָוונטצייטונג", —
ערד־ציטערניש אין אַלע וועלט־טיילן!
— „אָוונטפּאָסט",
„לעצטע נייעס", —
פייערבערג פאַרשלינגען שטעט און לענדער!
— „עקספּרעס",
„ראַדיאָ־טעלעגראַמע", —
גרויסע סענסאַציע פון צוויי אַרעסטירטע!

דער תליון איילט קויפן.

— „עכאָ",
„נאַכטוואַנדער", —
די שיף שוין אונטערגעגאַנגען, טויזנטער קרבנות!

## פאַרזעעניש

טויזנטער קרבנות.

דער תליון ביי דער טיר, אין הינטערגרונט, אַרויסצוגיין — טרעפט זיך צונויף מיט זיין פרוי, וואָס קומט פון גאַס מיט אַ ראַדיאָ־טעלעגראַמע.

### פרוי

געקויפט.

קוקט אַריין אין צייטונג.

### תליון

נו?

### פרוי

גוט!

**תליון**

וואָס, ווי אַזוי?!

**פרוי**

ס'גרייטן זיך צ ו ו יי  ק ע פּ !

**תליון**

וועלנדיק נעמען די צייטונג.

ווייז אַהער!

**פרוי**

לייענט:

אַ מאַן, וואָס האָט פאַרקויפט זיין פרוי,
געשענדט זיין טאָכטער,
און טויזנטער מענטשן געהרגעט
און זייער פלייש לעבעדיקערהייט —

**תליון**

איבעררהאַקנדיק די רייד.

לאָז אים אָפּ,
פון אים וועט גאָרנישט זיין, —
אים וועט מען באַפרייען,
אַזעלכן באַפרייט מען!

**פאַרזעעניש**

אַזעלכן באַפרייט מען.

**פרוי**

לייענט.

און אָט פונעם צווייטן.
ג ע פּ אַ ק ט  ב יי  ד ע ר  ה אַ נ ט ! —
געטראָפן ביים פאַרטיילן „בראָשורן",

געזוכט און געפונען ביי אים אין דער היים
פולע קאסטנס מיט „בראָשורן״ —

**דער תליון נעמט אַרויס די צייטונג פון ווייבס האַנט. קוקט אַריין — באַגייסטערט.**

## פאַרזעניש

קאסטנס מיט „בראָשורן״ —

## תליון

**לייענט מיט התפעלות.**

געטראָפן פארטיילן „בראָשורן״,
געזוכט און געפונען ביי אים אין דער היים
פארפולטע קאסטנס מיט „בראָשורן״

**אַרויסקוקנדיק פון דער צייטונג.**

געפאקט ביי דער האַנט, —

**צו זיין פרוי:**

פון אים וועט זיין א מאָלצייט,
ער קריכט נישט מער ארויס!

**קוקט אַריין אין דער צייטונג, לאַכט צו די אותיות, גייט ער צו דער וויג־שטול — זעצט זיך.**

## פאַרזעניש

ער קריכט נישט מער אַרויס...

## פרוי

אָבער...
אָבער בעטן א הוספה,
מעג איך אַלץ נאָך גיין...

## תליון

גיי, און ווייס נאָר ווי צו ריידן,
זאָג, אז דו, מיין פרוי, ליידסט הונגער,
אז ס׳איז נישט קיין גאָלדן פּאַק,

דאָס תליון-פּאָך!
און זאָג אים דאָרט,
אַז ר׳איז אַ מענטש מיט האַרץ, מיט איידלקייט.
און אין נאָמען
פון יושר און גערעכטיקייט
זאָל ער העכערן מיין לוין. —
ער זאָל זיך רעכענען מיט דעם,
וואָס היינט באַגייט מען זעלבסטמאָרד
און ס׳קריכן מיר אַרוים די אויגן,
ביז עס פאַלט אַ קאָפּ אין מיינע הענט.
ער זאָל זיך רעכענען מיט דעם,
און מיט די גרויסע נוצן,
וואָס איך ברענג דער מענטשהייט! —

## פאַרזעעניש

דער מענטשהייט...

## פרוי

רעדט געוואַגט.

איז נעם איך זיך פאַרפּוצן,
און גיי מיר אין „קאַסינאָ״ —

## תליון

מיט פאַרדאַכט.

אַצינד, ב יי נ אַ כ ט ? . . .
און וואָס גאָר אין „קאַסינאָ״?...

## פרוי

צופרידן וואָס איר גיט זיך איין אַרויסצודרייען...

אַקעגן זיין טישל וועל איך מיט אַ פריינדן,
פאַרברענגען באַשיידן, אַ שעה נאָך אַ שעה, —
זיין בליק וועט זיך ציִען, זיין בליק וועט זיך רייסן
און קומען צוריק אָן דערפאָלג,
און צעמישן די געהירן

און אַנצינדן אים דעם מאָרך,
וועל איך מיר אַוועקגיין
גלייך ווי נישט באַמערקט —
און אויף מאָרגן, ווען כ'וועל זיין ביי אים,
בעטן וועגן העכערונג,
וועט צעפּלאָקערן ביי אים
דאָס נאָר־וואָס אָנגעצונדענע...
און אַ זינדיקער געדאַנק
וועט ביי אים געבוירן ווערן...
און ער וועט דערפילן מיין בקשה!

## תליון

וואָס האָט די גאַנצע צייט אויסגעהערט אירע רייד האָט נישט אַרויסגעקוקט פון דער צייטונג.

ווידער אַ זעלבסטמאָרד?

## פאַרזעעניש

אַ זעלבסטמאָרד...

## פרוי

כלומרשט ליבלעך

האָסט זיך גאָרנישט צוגעהערט?

## תליון

אין חשד.

צוגעהערט... צוגעהערט!...

## פרוי

גלעטנדיק זיין קאָפּ מיט אַ חנדעלע...

אָט גיי איך זיך פאַרפּוצן,
זאָלסט נאָר, ליבער מאַן, געטרויען מיר!
קושט אים. אָפּ.

## תליון

**קוקט איר נאָך. שטייט אויף. לייגט אַוועק די צייטונג. גייט צו צום פּאַרזעניש, באַטראַכט עס. שפּאַנט נערוועזיש, שטעלט זיך אָפּ, קוקט צו דער טיר, דורך וועלכער זיין פרוי איז נאַרוואָס אַריין אין צווייטן צימער.**

„זאָלסט נאָר, ליבער מאַן, געטרויען מיר...״
אין קאַסינאָ,
אין ק אַ ס י נ אָ...
א ז ו י פּ לו צ ל י נ ג א י ן ק אַ ס י נ אָ!...

**ער פאַרויכערט אַ ציגאַר, נעמט די צייטונג אין האַנט.**

ווען אַ מ אַ ן פאַרברענגט מיט פרויען
און פאַרהיט עס פאַר זיין פרוי,
איז די אויפפירונג אַן איידעל, —
איר נישט אָנצוטון קיין ווייטיק...
אָבער אַז אַ פ ר ו י פאַרפירט
אַזעלכע באַקאַנטשאַפטן מיט מענער,
זי באַשיצט זיך מיטן מאַנטל
פון איר מאַן, וועלכער גלויבט איר,
איז אַ פאַרברעכן!

**קורצע פויזע.**

אַ מאַן איז ווי אַ בין,
וואָס לאָזט אי גיפט אי האָניק...
אַ פרוי איז ווי אַ שוואָם,
וואָס נעמט אין זיך אַריין...

**פויזע.**

זאָל זי גיין, זאָל זי גיין...
נאַרישקייטן...

**קוקנדיק ווי זי גרייט זיך גיין.**

נאַרישקייטן! נאַר... נאַר...
א י ר אַ וו ע ק ג י י ן ד אַ ר ף מ ע ן א ו י ס נ ו צ ן!...

**זעצט זיך ביים שרייב־טיש, נעמט זיך שרייבן.**

טאַקע צו דער ע ר ש ט ע ר געליבטער, —
כאָטש ווען זי איז דאָ,
שמעקט מיר גראַד די צווייטע.
נאָר וואָס מאַכט עס אויס,

וועל איך אויך די צווייטע רופן,
כ׳האָב נאָך  ג ע ל ט  פאַר ביידע.

ער שרייבט. לייגט אַריין דאָס בלעטל אין אַ קאָנווערט, פאַרקלעפּט — עס קומט אַריין זיין פרוי, שיין פאַרפּוצט. ער באַהאַלט דעם בריוו. זי באַמערקט דאָס.

**פרוי**

מיט אַ שמייכל.

מאַכסט אַן אָנשטעל, גלייך זאָלסט האָבן סודות!

**תליון**

מיטן זעלבן טאָן, וואָס זי.

אַ מאַן, וואָס מער ער איז באַרעכנט,
אַלץ מער באַהאַלט ער פאַר זיין פרוי...

**פרוי**

מאַכסט אַן אָנשטעל, אויסגעצייכנט...

ביידע קוקן זיך אָן פאַרשנדיק.

**תליון**

אויסגעצייכנט...

שטילשווייגן.

**פרוי**

מיט אַ מאָדנער ליבלעכקייט. ס׳איז קענטיק, אַז זי וויל שוין אַוועק.

ק ו ם  אַ ב י ס ל  מ י ך  ב אַ ג ל ײ ט ן. —

זי, ער נאָך איר, ביידע דורך דער טיר אין הינטערגרונט — אָפּ. פון לינקס קומט די באַבע.

**די באַבע**

צייט שוין שלאָפן גיין, —
אַלטע ביינער ווילן רוען,
ביינער אָפּגעמוטשעטע
פון אַ לאַנגן מידן טאָג,
ווילן רוען — — —

ווילן רוען — — —
צייט שוין שלאָפן גיין!

**זי קריכט קוים, רעדט עפּעס צווישן די ציין, להוט צוצוגיין צום פאַרזעעניש.**

איצטער זאָגן דיר: אַ גוטע נאַכט
און שלאָפן גיין!

### פאַרזעעניש

שלאָפן גיין...

### די באַבע

דאַרף איך נאָך דעם דינער זאָגן,
ער זאָל דיר געבן עסן
און דערנאָך דיך שלאָפן לייגן. — — —

**פּויזע.**

פאַרזעעניש, וואָס איז מיט דיר?
פון זייט איך קען דיך ביזטו נישט קיין לייט,
אָבער לעצטנס ביזטו טאַקע אַ פאַרזעעניש!

### פאַרזעעניש

אַ פאַרזעעניש...

### די באַבע

צייט שוין שלאָפן גיין,
אַ גוטע נאַכט,

**אָפּגייענדיק.**

אַ גוטע נאַכט! — — — ע, אמת, ע!...

.1928

# א י נ ה אַ ל ט



## גרימאַסן פון גורל



## מאָטיוון

## מיניאַטורן



## די וועלט איז גרויס און מעשהדיק

## פון די חומש־מעשהלעך



## דראַמאַטיק

(פראַגמענטן)

